לייב פיינבערג

# דער חרוב'ער דור

(ראָמאַן אין פערזן)



אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון דער
ליזאַ און ווילי שאָר ליטעראַטור-סטיפּענדיע
ניו-יאָרק, 1967

# "DER CHOREVER DOR"

## (The Ruined Generation)

### (A Novel in Verse)


1319 Sheridan Ave.
Bronx, N. Y. 10456

## ביכער פון לייב פיינבערג:

ערב־שטורעם, 1926.
גרויס־שטאָט, 1928.
ליכט און ברויט, 1931.
דוד בלאַנק (ראָמאַן אין פערזן), 1934.
חבר־לעבן, 1938.
אין קיינעמ׳ס לאַנד, 1940.
די יורשים פון דער ערד, 1941.
בן־עזאי אין פרדס, 1948.
יידישע פּאָעזיע (אַנטאָלאָגיע אויף רוסיש), 1947.
רוסישע פּאָעזיע (אַנטאָלאָגיע אויף יידיש), 1950.
יידיש, 1950.
דער פאַר׳משפּט׳ער דור (ראָמאַן אין פערזן), 1954.
גאָט פון צאָרן (היסטאָרישער ראָמאַן), 1957.
דער געבענטשטער דור (ראָמאַן אין פערזן), 1962.

איך דריק אויס אַ האַרציקן דאַנק דעם חשוב׳ן קולטור־טוער ווילי‎אַם שאָר, וועלכער האָט מיט דער ליטעראַטור־סטיפּענדיע אויפן נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי ליזאַ שאָר און אויף זיין אייגענעם נאָמען מעגלעך געמאַכט, אַז דאָס בוך „דער חרוב׳ער דור‟ זאָל קאָנען דערשיינען.

**לייב פיינבערג**

Printed in the U. S. A.
by
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003
96

# אינהאַלט:


אַריינפיר — 4
ווידמונג — 5
פּערזאָנען — 6
דער חרוב׳ער דור — 7-8

## ערשטער טייל: יוגנט

1. כּאַרקאָוו — 9—18
2. מאָסקווע — 19—26
3. די „פאַרשוועכטע מאַדאָנע" — 27—44

## צווייטער טייל: פרילינג־שטראָמען

1. אין שטערן־שאָט — 45—54
2. אין שטעטל — 55—64
3. צעשטערטע פּלענער — 65—78
4. דער פּרילוקער עילוי — 79—90

## דריטער טייל: בירגער־קריג

1. אויף אוקראַינע — 91—98
2. וויקטאָר דערקענט זיין שטאָם — 99—116
3. אַהיימקער — 117—130
4. נקמה — 131—140
5. אַנטרינונג — 141—150

## פערטער טייל: דער לאַנגער „טערמידאָר"

1. אין כּאַרקאָווער שפּיטאָל — 151—158
2. אויף קוראַציע אין קרים — 159—170
3. אין „טשעקאָ" — 171—180
4. אין סיבירער „לאַגער" — 181—206

## פינפטער טייל: פּאַריז

1. עלנט — 207—210
2. זכרונות — 211—220

## זעקסטער טייל: אבישג

1. אַן אָוונט אויף „פּיגאַל" — 221—228
2. די עלטער האָט באַזיגט די יוגנט — 229—234

## זיבעטער טייל: דער גרויסער ליקווידאַטאָר

235—252

## אַכטער טייל: עפּילאָג

253—256

# אַריינפיר

אַנטוישט אין גילדערנע חלומות,
צום גערעץ פון אומפרייהייט פאַרשקלאַפט,
מיין דור געשפּאַנט האָט איבער תהומות:
פון חבר׳שאַפט צו חרב׳שאַפט.

דער „חרוב׳ער דור" איז דער דריטער ראָמאַן אין פערזן און דער אָפּשלוס פון דער טרילאָגיע „דריי דורות", וואָס איך האָב פאַרטראַכט מיט דרייסיק יאָר צוריק מיט דער האָפענונג אָפּצושפּיגלען אונדזער מאַוים׳דיקע עפּאָכע.

יעדער איינער פון די דריי ראָמאַנען איז אַ באַזונדער ווערק מיט זעלבסטשטענדיקע העלדן און מיט אַן אייגענער פאַבולע. זיי זענען דערצייילעריש נישט פאַרבונדן צווישן זיך. זיי פאַרמאָגן בלויז אַן עפּאָכאַלע קרובה׳שאַפט.

אין די ערשטע צוויי ראָמאַנען „דער פאַרמשפּט׳ער דור" און דער „געבענטשטער דור", וועלכע זענען דערשינען אין 1954 און אין 1962, האָב איך געשילדערט די לעבנס פון צוויי דורות יידישע מענטשן, וועלכע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן אין די נעצן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אָבער זיי איז געלונגען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און ווייטער שפּינען זייערע לעבנס אין אַמעריקע און אין ארץ־ישראל.

אין דעם דריטן ראָמאַן „דער חרוב׳ער דור" שילדער איך אַ דור יידישע מענער און פרויען, וועלכע זענען געצוואונגען געווען פון גורל צו בלייבן אין רוסלאַנד און דורכמאַכן אַלע שבעה מדורי גיהנום פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט: נויט, הונגער, אַרעסטן, קאָנצענטראַציע־לאַגערן, סטאַלין־משפּטים און אומקום. און בלויז איינעם פון זיי גיט זיך איין דרייסיק יאָר נאָך דער רעוואָלוציע צו אַנטרינען פון גיהנום.

דער ראָמאַן „דער חרוב׳ער דור" שליסט אַזוי אַרום אָפּ דעם טראַגישן עיגול פון „דריי דורות" פון אונדזער מאַוים׳דיקער צייט, וואָס קאָן אפשר פאַררעכנט ווערן פאַר דער גרויליקסטער עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אויב מיר איז כאָטש טיילווייז געלונגען צו געבן אויסדרוק דער דאָזיקער טראַגישער תקופה, וועל איך אַוועק פון דער וועלט מיטן פולן באַוואוסטזיין, אַז עס האָט זיך געלוינט צו לעבן, כדי אָפּצושפּיגלען די דאָזיקע עפּאָכע.

דער ראָמאַן איז געשריבן לויט דער פאָרם פון אַ. ס. פּושקינ׳ס „יעווגעני אָניעגין".

ליב פיינבערג

געהייליקט דעם ליכטיקן אָנדענק פון
מיין יוגנט־חבר, מאַרשאַל פון דער רויטער אַרמיי
יאַן גאַמאַרניק,
וועלכער איז געפאַלן אַ קרבן פון
סטאַלינ׳ס רציחות אין 1937.

# דער טויט פון יאַן גאַמאַרניק *)

איבער מאָסקווע האָט פינצטער געפּויזעט,
ווי אַ שלאַנג — אויף איר לויער — ווילקיר,
ווען אַ האַנט, אַ באַפעלעריש־בייזע
האָט פאַרטאָג אָנגעקלאַפּט אָן זיין טיר.

ר׳איז אַראָפּ פון זיין וואַכן געלעגער
אין ווייטיק, אין צער און אין שטוין:
אויפן שוועל האָבן אים באַגעגנט
דריי פאַרקנעפּלטע, שטומע פאַרשוין:

— „אַנטשולדיקט אונדז, יאַן באָריסאָוויטש,
וואָס מיר האָבן געשטערט אייך די רו —
איר דאַרפט זיך אַליין דערשיסן,
האָט באַשלאָסן די „גע־פּע־או״. **)

און איינער מיט הענט שערשאַווע,
מיט אַ פּנים, צעפּאָקט פון פאַרשווער,
דער קאַט — זיין געוועזענער חבר —
האָט דערלאַנגט אים דעם רעוואָלווער.

געקוקט האָבן ס׳ווייב און די טעכטער,
ווי מיט איידלער און רואיקער האַנט,
האָט דער מאַרשאַל צום שלייף, צו דעם רעכטן,
אַ שטעל־געטאָן ס׳מויל פון נאַגאַן.

און געבליבן ז׳ער ליגן אַ טויטער,
געטראָפן פון בליץ — אויף דיוואַן,
ווי אַן אָדלער מיט פליגל צעשפּרייטע,
געביסן פון גיפטיקער שלאַנג.

---

*) יאַן גאַמאַרניק איז געווען חיים־נחמן ביאַליקס׳ שוואָגער.

**) סטאַלינס געהיים־פּאָליציי.

## פערזאָנען:

וויקטאָר סאַמאַראַד, שפּעטער וויקטאָר וויוגין — רוסישער דיכטער און רויט־אַרמייער. אַנטלויפט פון „לאַגער" אין סיביר אויף פאַלשן פּאַספּאָרט פון אַ טשעך יאַקאָב זאַרעק.
וויערא לוואָוונאַ — זיין מאַמע.
פּראָסיאַ — אַ דינסטמיידל ביי די סאַמאַראַד'ס אין הויז.
אַננאַ פּאַוולאָוונאַ סוויעטלאָוואַ — אַן אַלמנה.
טינאַ — איר יונג טעכטערל.
מלכה (מאַנאַ) כּאַראַל — די טאָכטער פון אַ רייכן יידן.
בוזיאַ יעלין, שפּעטער אין פּאַריז: בערנאַר לאַראָז, אַ באַרימטער סקולפּטאָר.
פּיניע יאָלעס (דער עילוי פון פּרילוק), שפּעטער: פּאַוועל אָסיפּאָוויטש יאָלעס — פּאָליטישער קאָמיסאַר און מאַרשאַל פון דער רויטער אַרמיי. קומט־אום אין „לאַגער" אין סיביר.
נינאַ פּען — די טאָכטער פון פּרילוקער שוסטער, ערשטע פרוי פון פּאַוועל יאָלעס.
באַטקאָ האַוורילע פּאָלטאַראַק — אַ פּעטליורישער אַטאַמאַן און פּאָגראָמשטשיק.
אלעזר ביק — אַ זייגערמאַכער אין טולטשין.
כּייקע (שפּעטער זאָיאַ) — זיין טאָכטער, אַ קאָמוניסטקע. צוערשט הייראַט זי מיט וויקטאָר וויוגין, דערנאָך הייראַט זי מיט פּאַוועל יאָלעס.
ליובאַ דאַיען — אַ מאָלערין און רעוואָלוציאָנערקע.
טראָשקאָ זאַפּאָרין — אַ האַלב־צעדרייטער באַנדיט, סאָלדאַט אין דער רויטער אַרמיי, צום סוף אַן אויפזעער אין סיבירער „לאַגער".
פּיאָטר זוויאַגין — אַן אויספאָרשער אין דער „טשעקאַ".
געאָרג מאַלינין — געוועזענער רוסישער נאַבלמאַן.
אַלעקסעי פּאַנפּילין — אַ געוועזענער צאַרישער אָפיצער, אַ שקלאַף אין סיבירער „לאַגער", וועלכער ווערט שפּעטער דער הויפּט פון דעם זעלבן „לאַגער".
מישעל גליק — אַ רייכע אַלמנה פון ניו־יאָרק, הייראַט מיטן אַנטרונענעם דיכטער וויוגין אין פּאַריז.
ליזאַ בוים — מאַנאַ'ס טאָכטער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון היטלער'ס לאַגערן, הייראַט מיטן סקולפּטאָר בערנאַר לאַראָז אין פּאַריז.

די האַנדלונג הויבט זיך אָן אין כאַרקאָוו אין 1900 און ענדיקט זיך אין פּאַריז אין 1948.

# דער חרוב׳ער דור

**.1**

מיר האָבן אַלע זיך געלערנט
ביי פּושקינ׳ען דעם סוד פון ליד:
ווער מיט אַ האַרץ־קלאַפּ מיט אַ שווערן,
ווער — מיט אַ לייכטערן געמיט.
דערפון געיחלומיט אין דער יוגנט,
ביז ס׳איז געוואָרן שוין אַ טוגנט:
מיט ברען צו זינגען און מיט פלאַם
אין ריטמיש־כוואַליעדיקן יאַמב.
זיי מוחל, שטראַלנדיקער געני,
דו — גרויסמייסטער פון רוסיש ליד,
וואָס כ׳האָב געלאָזט זיך אין די טריט
פון דיין אומשטערבלעכן יעווגעני.1)
ווי ער, דורך לעבנס טיל־און־תל
אַדורכגעגאַנגען איז מיין העלד.

**.2**

מיין ליד געוויגט זיך אויף משקולת
האָט אין אַ וועלט פון טרוים און וואָר
און איינגעזאַפּט אין זיך די גרוילן
פון אונדזער טראַגישן־גרויסן דור.
געלעבט מיין מוזע האָט האַרמאָניש:
מיט „רייטער קופּערנעם" און „מאָניש,
מיט „דעמאָן" און מיט „שחיטה־שטאָט",
מיט גלויבן־אומגלויבן אין גאָט,
מיט שרעק פאַר „גרויסן אינקוויזיטאָר",
מיט „גולם", „מולכו" און מיט „צוועלף"
מיט „דאָן־קיכאָט" — דעם סומנעם העלד,
וואָס האַלטן מיך אין זייער שליטה.
געטריבן האָבן אַלע גלייך
מיין ליד — אַ שטורעמדיקן טייך.

**.3**

אָניעגין מיינער — וויקטאָר וויוגין,
אויף שנייאיקן אוקראַינער סטעפּ
מיט דיר געיאָגט אויף פאַנצערצוגן
האָב איך ביים דניעסטער און ביים דניעפּ.

---

1) „יעווגעני אָניעגין" — פושקינס באַרימטער ראָמאַן אין פערזן.

און דו — ט אַ ט י אַ נ אַ — מיינע — ז אָ י אַ,
געפּענטעטע אין בוגדים טלויען.
דו האָסט אין חלום־פרייד און וואָר
געלעבט אין מיר אַזויפיל יאָר.
און דו — מיין העלד, מיין פּ י נ י ע י אָ ל ע ס,
דו — שניידער־טאָכטער נ י נ אַ פּ ע ן, —
געהאַלטן האָט איר מיך אין פלען,
געפירט צו זיגן און מפּלות.
דו — ט י נ אַ, מיין פאַרלוירן גליק,
אין בלוט דו זינגסט נאָך, ווי מוזיק.

.4

און דו — מיין ל ע נ ס ק י — ב ו ז י א י ע ל י ן,
אַנטוישט, דיין היימלאַנד האָסט פאַרלאָזט,
דיין נאָמען אין פאַריזער עלנט
געביטן אויף ב ע ר נ אַ ר ל אַ ר אָ ז.
און דו — מיין כישופידיקע מ אָ נ אַ,
מיין ליכטיק־זינדיקע מאַדאָנע,
און דו — מיין אויסגעבענקטער טרוים,
מיין קרבן־חטאָת — ל י ז אַ ב ו י ם.
כיהאָב טעג און וואָכן און חדשים
מיט אייער גורל זיך געפרייט,
מיט גאָר דער צירונג אייך באַקליידט
פון אונדזער רייכן מאַמע־לשון.
איצט לאָז אַרויס איך אויף דער וואָר,
אייך — ק י נ ד ע ר פ ו ן פ אַ ר ו ו י ס ט ן ד ו ר.

.5

איך דאַנק דיר גאָט: ביים ליכט פון שקיעה,
ווען סינויגט מיין לעבן שוין צום האַרבסט,
האָסטו געגעבן מיר די זכיה
צו זיין דער יידישער פּ ל ו ט אַ ר ך
פון שטעט און מענטשן פון מיין יוגנט,
וואָס סיהאָט דער „מייסטער פון באַטרוגן"
זיי אומגעבראַכט אין טיל־און־תל
און זיי פאַרשניטן פון דער וועלט.
אייך — שטאָלצע, הויכע „קאַמעניצעס",
אייך — בידנע כאַטקעלעך פון ליים,
דיר — נישט־פאַרגעסענע, מיין היים,
צעשטערט פון סטאַלין־היטלערים היצלס,
האָב איך מיט בענטשנדיקע הענט
דאָ אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט.

## ערשטער טייל: יוגנט

## 1. כאַרקאָוו

### א. די משפּחה פּאַמאָראָד

1.

צעווישן רייפע עפּל־סעדער
אויף ליכטיקן אוקראַינער סטעפּ,
וואו די וואָלקנס — זילבער־פּעדעם
זיך קרוזשעווען אין דין געוועב,
וואו צום גרויען טייכל לאָפּאַן,1)
מיט באַרג מיט קאַלכיקן צוקאָפּנס,
האָט קליינע כאַרקאַ2) זיך פאַרדרייט, —
דאָרט האָט א שטאָט זיך אויסגעשפּרייט.
עס דרימלט, ווי א פויגל, כאַרקאָוו,
מיט פּנים אויסגעשטרעקט צו׳ר זון
און בליט מיט פרילינגדיקן רון3),
באַזוימט מיט קילע, גרינע פּאַרקן,
ווי עמיצער וואָלט — צעלט נאָך צעלט —
אינמיטן סטעפּ זי אויפגעשטעלט.

2.

עס רימט זיך כאַרקאָוו מיט געווערקן,
מיט איר עלעקטרישן פּאַראָם,
מיט גרויסן פּאַרק אויף די „פּאָמיערקעס"
און מיט איר נייעם היפּאָדראָם,
מיט גאַס באַביימערטער „סומסקאַיאַ",
נאָר מער ווי אַלץ איז יעדן טייער
„קאָנדיטערסקאַיאַ בראַטיעוו פּאָק" 4),
וואָס בליט און שמעקט — א מאַנדלשטאָק.
ס׳ליגט כאַרקאָוו נישט אין „תחום המושב"
און ס׳איז די שטאָט דאָך נישט קיין פּאָרט,
איז וואוינען יידן ווייניק דאָרט,
בלויז וואו נישט וואו אַן אַלטער תושב
מיט סקלאַד דאָ האַלט זיך, צי מיט קראָם —
איז זעלטן ווען דאָ א פּאָגראָם.

3.

אויף הויכע, גרינע לאָפּאַן־ברעגן,
מיט קוסט באַוואָקסן און בוריאַן,
אין בלויער, בערגלדיקער געגנט
א גאַס א שטילע איז פאַראַן.

1־2) צוויי טייכלעך אין כאַרקאָוו. 3) תבואה. 4) קאַפע־הויז.

דאָרט, וואו עס קרייצן זיך די טייכן,
אַ ווייסער מויער שטייט אַ רייכער,
נישט ווייט צום צענטער פון דער שטאָט —
געבויט פון ליבקעס אַמאָראָד.
אין שטאָט אין יידישער זשיטאָמיר
אַמאָל ז׳געשטאַנען ליבקע׳ס וויג,
נאָר זיין משפּחה — נישט אין קריג,
פאַרלוירן האָט ער — אין פּאָגראָמען.
האָט ער אויף אַלץ געשפּיגן קלעק —
און איז קיין כאַרקאָוו דאַן אַוועק.

4.

ר׳האָט מיט „קאַזנאַ" 1) גענומען האַנדלען.
(געברענט האָט דאַן מיט טערק דער קריג!)
און ליבקע נעמט די הענט פאַנאַנדער —
און ס׳האָט אים פּלוצעם אָפּגעגליקט.
און זעלטן ווען ער רעדט דאָ יידיש:
איז ווערט פון ליבקע — ליעוו דאַווידיטש —
אַ „פּיערוואַי גילדיאַי קופּיעץ". 2)
נאָר איינזאַם איז ער, ווי אַ געץ.
צעווישן הויכע, ווילדע גראָזן
אין שיינעם מויער — איין-אַליין,
פאַרלוירן, עלנט, ווי אַ שטיין —
ער דרייט זיך אום — אַ וויסטער נזיר.
די יאָרן לויפן — גרוי און קאַלט —
און ליבקע שפּירט: ער ווערט שוין אַלט.

5.

און דאָ איז ער געוואויר געוואָרן,
אַז ס׳איז געקומען ערשט אין שטאָט
אַ טרופּע רוסישע אַקטיאָרן
גאַסטראָליעווען אין „זומער-סאָד".
מיט זיי — אַ יונגיקע אַקטריסע,
וואָס זינגט אַ ליד און טאַנצט אַ ביסל,
איז זי — געשען אַ וואָרער נס:
אַ קרובה זיינע פון אָדעס.
געהייסן האָט זי וויעראַ הערצאָג
און אַלט געווען קוים צוואַנציק יאָר.
ס׳האָט זי אַ ליבהאָבער-אַקטיאָר
מיט „צוזאָגן" פאַרנאַרט אהערצו,
פאַרפירט זי — און געלאָזט אַליין
און איז פאַרזונקען, ווי אַ שטיין.

1) רעגירונג. 2) אַ סוחר פון ערשטן ראַנג.

.6

דערציילט האָט וויעראַ׳ן וועגן קרוב
האָט עמעצער נאָך אין אָדעס —
אַז ס׳איז איר פּלוצים ענג געוואָרן,
איז זי אַוועק אויף זיין אַדרעס.
דערזען דעם רחבות׳דיקן מויער,
האָט אים די יונגע יפת־תואר
מיט הייסע טרערן און מיט פאַרכט
דערציילט אַלץ וועגן דעם אַקטיאָר.
האָט ער זי אויסגעהערט מיט חידוש —
און גוט זיך אויסוויינען געלאָזט.
האָט זי געפאַנגען מיט היפּנאָז
דאָס אַלטע הארץ פון לעוו דאַווידיטש.
אַ וואָך און צוויי — ווי אין דעליר:
האָט זי געהייראַט מיטן גביר.

.7

אַ יאָר אַוועק — האָט זי געבוירן
אַ זון אים — ווי אַן אבן־טוב.
טרוימט לייבקע: ער וועט לערנען תורה
און ווערן וועט זיין זון אַ רב.
נאָר בייזער גורל מאָנט אַ קרבן:
איז פּלוצעם סאַמאָראָד געשטאָרבן
פון „טיף״1) אין הארבסטיקן באַגין,
ווען ס׳איז זיין זון געוועזן קוים פינף.
פאַרבליבן ז׳וויעראַ אַן אַלמנה
צו זעקס־און־צוואַנציק — רייך און יונג:
האָט זי געווידמעט זיך איר זון,
און אָפּגעזונדערט, ווי אַ נאָנע,
געפירט דאָס הויזגעזינט מיט שטאָט —
און מער נישט חתונה געהאַט.

.8

מיט זיידנ׳ס נאָמען וויגדער־זיאַמע
האָט סאַמאָראָד געקרוינט זיין זון,
נאָר ס׳האָט גערופן אים די מאַמע:
— „מיין וויקטאָר, וויטיענקאַ, וויטיון!״ —
זי טראַכט: איר וויטיאַ — ס׳יונגעביימל —
נישט ליידן דאַרף פון טאַטנ׳ס טרוימען,
וואָס האָבן אָפּגעוויאַנעט לאַנג.

---

1) טיפוס.

ער וואַקסט דאָך שטאַלטנע, ווי אַ זאַנג.
ווער דאַרף דען פּלוצעם לערנען תורה?
ווער דאַרף דען, ער זאָל זיין אַ רב?
ס'וועט זיין אַ „דאָקטאָר־פילאָזאָף"
איך ליבער וויטענקאַ — איר יורש.
די מאַמע האָט מיט אים אין הויז
גערעדט אי ענגליש, אי פראַנצויז.

.9

איז וויקטאָר, וויטיענקאַ געוואָקסן,
ווי לעגענדאַרער העלד אַכיל:
אַ שלאַנקער, זאַפטיק־זיסער באָקסער,
אי שיין, אי שטאַלטנע, אי וויריל.
אַ הויכער און געקאַרבטער שטערן,
די האָר געדיכטע — נישט צום שערן,
כאָטש נעם און מאַך פון זיי אַ קנופּ,
אויף שטערן באַמבלט זיך אַ טשוב.
עם לויפן פרילינגס, זומערם העלע —
איז טעג און נעכט — איבער אַ בוך,
און ס'שפּראָצט שוין ברוינער, ווייכער פוך
אַרום זיין מויל דעם סענסועלן.
אין אויגן — גליענדיקע שיין:
דער סוד פון ווערן און פון זיין.

.10

און וויקטאָר וואַקסט. ער איז שוין זעכצן
אין יונגע לענדן ברענט אַ בראַנד.
און פון זיין שלאָף ער טוט אָפט קרעכצן,
ווען ער דערשפּירט: ס'וואַכט אויף דער מאַן.
אין קערפּער פלאַמט אַ העליש פייער.
אין יענע טעג — אַ דינסט, אַ נייע
אַריינגעקומען איז אין הויז:
אַ מויד — אַ בליענדיקע רויז.
געהייסן האָט זי אַפראָסיניאַ:
איר פּנים שיין איז, ווי אַ טאָק,
און פול מיט זאַפטיק־זיסן סאָק
איר לייב איז, ווי אַ פרישע דיניע.
פון אונטער קאָפטל, אַנגעשפּיזט,
זיך רייסן, ווי פון „פלען", די בריסט.

## ב. פּראָסקאַ

**1.**

דאָס מיידל רופט מען פּראַסיאַ, פּראָסקאַ:
די בלאָנדע האָר — אַ ווייצן־סנאָפּ.
זי טראָגט אַ פּויערשע „פּריטשאָסקע״ 1)
מיטן טיפן שרונט אינמיטן קאָפּ.
זי שפּאַנט — און ס׳וויגן זיך די בעדרעס:
אַ דראָזש גייט איבער חוט־השדרה,
ווען וויקטאָר גיט אויף איר אַ קוק,
ווי ס׳וואָלט אַ חיה אים פאַרצוקט.
יאָ, שיין און אויסטערליש איז פּראָסקאַ,
און אַלט איז זי שוין ניינצן יאָר,
און מיטן שרונט פון בלאָנדע האָר
זי זעט אויס, ווי אַ „מאַטקאַ־באָסקאַ״. 2)
ער קוקט צעטומלט און פאַרווירט —
און ס׳איז זיין לייב — ווי אין דעליר.

**2.**

עס חלומ׳ט וויקטאָר וועגן פּראָסקאַ׳ן
אין בלויע, פרילינגדיקע נעכט,
און אין גימנאַזיע, ביי דער „דאָסקע״ 3)
ער שפּירט איר הייסן, זיסן דעך.
און איינמאָל אין פאַרטאָג אין פריען:
אויף גרויע שויבן בליען, גליען
די ערשטע שטראַלן — רויט און בלאָוו —
האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.
האַלב־וואַך, פאַרטאַיעט, ווי אַ גנב,
ער קומט פון צימער שטיל אַרויס,
(געוועזן איז דער פרימאָרגן הייס!)
און לאָזט זיך צו דער „וואַננאַ״ 4) שפּאַנען.
אין הויז איז אויסטערליש און שטיל.
אין סעדל סטאַרעט זיך אַ גריל.

**3.**

און מיטאַמאָל — אַן אָפן טירל.
אין חלל בלאַנקט אַ ווייסע בעט.
די אויגן סטאַרטשען, ווי פּוכירן.
ער קוקט און קוקט — און זעט:
מיט פּיס פאַרהויבן ליגט אַ מיידל —
און ס׳בלאַנקט פון אונטער בלויען קליידל

---

1) האָר־פּאַרקאָס. 2) גאָט׳ס מוטער. 3) שול־טאָפל. 4) באָד־צימער.

אויף ווייסער שנייאיקייט פון בעט
איר מיידל-סאַד — ווי אַ ראָזעט.
בלייבט וויקטאָר שטיין אַ ווייל פריטשמעליעט,
ווי ס׳וואָלט געטראָפן אים אַ בליץ:
עס וואַרפט אין קעלט אים און אין היץ,
ווי ר׳וואָלט געוויגט זיך אויף „קאַטשעליע“.1)
דאָס מיידל-לייב אים ציט און ציט,
נאָר ער אַנטלויפט מיט האָזן-טריט.

.4

אויף מאָרגן האָט געזאָגט די מאַמע
מיט אַ באַפעלערישן קול:
— „אָך, פּראָסיאַ, גיי אַריין אין קאַמער
און מאַך דאָרט, מילאַיאַ,2) אַ טאָלק.
ס׳איז לאַנג די קאַמער נישט גערייניקט.
געפין מיר דאָרט די פאַן, די ברוינע,
וואָס ליגט דאָרט ערגעץ צווישן סקאַרב,
כ׳האָב נישט גענוצט זי נאָך פון האַרבסט.“ —
און פּראָסקאַ קוקט אַ ווייל פאַרלוירן.
זי נעמט אַ ליכט און לאָזט זיך גיין.
נאָר פלוצעם כאַפּט זי זיך: אַליין
צו גיין אין קאַמער האָט זי מורא.
נאָר ווייזן וועט זי נישט קיין שרעק —
און שפּאַנט מיט גיכע טריט אַוועק.

.5

זי שפּאַנט פאַרביי דעם יינגל׳ס צימער,
וואו וויקטאָר זיצט — אין האַנט אַ בוך.
און ס׳גיט אַ קלונג איר זיסע שטימע,
אויף ליפּן שלענגלט זיך אַ שמוך:
— „איך דאַרף, פּאַניטשו,3) גיין אין קאַמער.
ס׳האָט מיך געשיקט אַהין די מאַמע
אַ פאַן דאָרט אויסזוכן פאַר איר.
איז שרעק איך זיך. דו קום מיט מיר!“ —
ער טראַכט אַפילו נישט קיין רגע —
און פאָלגט איר נאָך, ווי אין אַ טראַנס:
— ׳אָך, איצטער, איצטער איז זיין שאַנס...
׳ער האָט געוואָלט זי לאַנג שוין פרעגן...׳ —
זי שפּאַנט פאָראויס — מיט ליכט אין האַנט,
נאָך איר — אַ דולער — וויקטאָר שפּאַנט.

1) הוידלקע. 2) טייערע. 3) פּריצ׳ל.

## ג. דערוואַכונג

### .1

עס שמעקט אין טונקלער, דושנער קאַמער
מיט דעמפּע ריחות — וועלק-און-וויאַן.
אַ ווייל זיי שטייען דאָ צוזאַמען,
פאַרבליפט און נאָענט, ווי אין טראַנס.
— „איך ווייס נישט, וואָס ס׳האָט איר „פּריספּיטשעט״ ? 1)
נאַ, נעם דאָס ליכטל, נעם, פאַניטשו,
און לייכט מיר צו, אַזוי, מיט טאָלק...״ —
רעדט פראָסקאַ מיט פאַרדומפּן קול.
און וויקטאָר פּילט, ס׳ווערט ענג אין גאָרגל,
און ס׳לייב באַדעקט זיך אים מיט שוויים...
ס׳דערמאָנט זיך אים די רויטע רויז
אין פראָסקאַ׳ס גאָרטן אין פרימאָרגן...
ער נעמט דאָס ליכטל פון איר האַנט.
זיין פּנים פלאַקערט, ווי אַ בראַנד.

### .2

ער גיט אַ שלונג אַראָפּ די סלינע
און מיטן הייסן מויל אַ קרים —
און מיט אַ שעמעוודיקע מינע
און מיט אַן אויפגערעגטער שטים —
ער נעמט אויף גיך, אויף גיך דערציילן
פון יענעם גאָרטן, וואָס פאַרהוילן
האָט זיך גענעסטלט צווישן קני
אין יענעם גרויען אינדערפרי...
און ווי געהאַקט האָט אים אין שלייפן
פון איר אַנטבלויזטן מיידל-לייב...
און ווי ס׳האָט אים געצויגן „בלייב!״,
ווען ר׳האָט געוואָלט פון איר אַנטלויפן...
— „איך האָב געמיינט, דו ביזט אַ שד,
וואָס לאָקט די מאַנצבלען צו דיין בעט!״ —

### .3

און פראָסיאַ הערט אים אויס פאַרטאַיעט.
אין אויגן — בלוי-פאַרגליווערט שטאָל.
זי גיט אַ פאָרסקע, ווי אַ חיה,
און זי צעלאַכט זיך אויף אַ קול:

---

1) אָנגעקומען.

— „דו האָסט באַלעקט זיך דאַן מסתמא,
ווען האָסט דערזען די פּאַנאָראַמע,
ווען כ׳בין געלעגן הויל-און-בלויז...
איצט שעמסטו זיך... דו זאָג מיר אויס!״ —
און פּראָסקאַ שפּיליעט-אָפּ די בלוזע
מיט שאָרסטקע, פּיבערדיקע הענט —
און ס׳טוט אויף וויקטאָר׳ן אַ בלענד
איר ווייסער רונדיק-פולער בוזעם...
ער שטייט אָפּהענטיק, ווי אַ טראָפּ —
און ס׳דרייט זיך אים פון בלענד דער קאָפּ.

.4

— „אַך, פּראָסקאַ...״ — הערט זיך דאָס פאַרשטיקטע
זיין קול פון אויפגעוואַכטער לוסט.
עס שטרעקט די פייכטע האַנט אויס וויקטאָר
און קוים באַרירט איר ווייסע ברוסט.
עס פאַלן-צו די הייסע ליפּן
צו אירע שטאַרצנדיקע ניפּלען —
און ס׳שטיקט אין האַלדז אים ווילדער ספּאַזם.
און פּראָסקאַ פליסטערט אין עקסטאַז:
— „דו קום ביינאַכט צו מיר אין צימער,
כ׳וועל ווייזן דיר מיין גאָרטן-רויז...״ —
— „פון קאַמער, פּראָסקאַ, קום אַרויס!״ —
דערהערט זיך פּלוצעם מאַמע׳ס שטימע.
זי גיט אַ דעק-צו אירע בריסט.
ביי וויטיאַ׳ן וואַקלען זיך די פיס.

.5

און איינמאָל אין אַ פרילינג-אָוונט
די מאַמע וויטיאַ׳ן רופט אַריין:
— „מע שפּילט די „פינפטע״ היינט בעטהאָווענ׳ס,
איז גיי איך הערן מיט אַ פריינט.
אַוועק איז פּראָסקאַ צו די קרובים.
געפּריעטע מילעך שטייט אין אויוון,
ווי דו האָסט ליב — מיט געלער שוים.
איך וועל נישט קומען שפּעט אַהיים.״ —
דער דינער שאָרך פון מאַמע׳ס קליידער
אין הארצן קלינגט, ווי אַ געזאַנג.
און ס׳ווערט אים פּלוצים אַזוי באַנג,
ווען ער פאַרבלייבט אַליין אין חדר.
ער דרייט אַרום זיך צווישן ווענט,
ווי אַ געפאַנגענער אין „פלען״.

.6

און וויקטאָר טראַכט: 'וואו איז פראָסקאַ?
'איך וואָלט געקושט זי און געהאַלדזט...
'די ווייסע הענט אירע, די שאַרסטקע,
'די ליפּן אירע און איר... אַלץ... —
די שעה'ן ציען זיך, ווי קעמלען:
טרינקט וויקטאָר מילך, פאַרבייסט מיט זעמל
און דרייט אַרום זיך שלינג-און-שלאַנג.
אין האַרצן פלאַטערט זיסער באַנג.
און פּלוצעם — זע: אין זיסן ווייטיק,
צי ס'דוכט זיך אים בלויז: אויפן שוועל
שטייט פראָסינקאַ, ווי אַ געמעל,
אין הויכער ראַם פון טיר, פון ברייטער.
צי איז עס וואָר, צי אַ פאַרבלענד?
ער גיט אַ שטרעק צו איר די הענט.

.7

— „וואו איז די מאַמע?" — פרעגט אים פראָסקאַ.
— „זי איז צו אַ קאָנצערט אַוועק!" —
זי גיט מיט רויטער ליפּ אַ פאָרסקע,
די ליפּן מיט דער צונג אַ לעק.
און ס'גיט אַ קלונג איר הייסע שטימע:
— „אָ, קום, פּאַניטש, צו מיר אין צימער,
איך וועל דיר ווייזן גאָר מיין ציר..." —
— „ביז מאַמע עק-וועלט כ'גיי מיט דיר." —
זי טוט אַ נעם אים אָן געאָרעמט
און גיט אַ קוש — אַן אַדערויף.
און ס'לאָזט זיך מיט די טרעפּ אַרויף
אין פיבערדיקן לויף דאָס פּאָרל.
זיין האַנט געשלאָסן אין איר האַנט —
אין הערצער — פייערדיקער בראַנד.

.8

אין צימער אירן אויפגערוימטן
גיט פראָסקאַ אַ צעוואָרף דאָס בעט.
מיט אויגן הייסע און צעשוימטע
קוקט וויקטאָר נאָך איר — ווי אַ שד.
זי וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל.
און פון הנאָה, קוים געאַנטער,
ביים יינגל דרייט זיך שוין דער קאָפּ,
ווען זי צעפּלעכט דעם בלאָנדן צאָפּ.

זי שטעקט אין מויל אַריין אים ס׳ציגל —
און ער דערשפּירט, ווי ס׳טוט אַ ברען.
מיט ווייסע, פּוכקע מיידל־הענט
זי נעמט אַרום דאָס שלאַנקע ייִנגל.
זי ציט אים צו צו זיך אין וואַן:
— „צייט, וויקטאָר, זאָלסט שוין זיין אַ מאַן!" —

.9

אין בלוטן ברענען פייער־פלאַמען.
די באַקן פּראַסקאַ׳ס — ווי אַ רויז:
— „הער, נישט דערציילן זאָלסט דער מאַמע׳ן,
זי וועט פאַרטרייבן מיך פון הויז.
אָ, זיי נישט, וויטיענקאַ, קיין מסור..." —
פאַרשטיקט ער ענטפערט: — „אָסור... אָסור!" —
— „זיי גוט צו מיר, מיין קאַוואַליער!" —
— „כ׳האָב ליב דיך, פּראַסינקאַ, איך שווער!..." —
— „איך וועל דיך ליבן ביזן קבר!" —
מיט פיין, מיט ווייטיק און מיט פרייד
איז וויקטאָר לעצטע צאָם שוין גובר...
און פּלוצים — מאַמע׳ס קול שרייט־אויס:
— „זאָלסט באַלד פאַרנעמען זיך פון הויז!" —

.10

ווען וויקטאָר איז אַליין פאַרבליבן
ביי זיך אין צימער יענע נאַכט,
מיט נישט־געשטילטן תאווה־פיבער,
וואָס איז געווען אין מוח וואַך,
איז ביז באַגינען ער געזעסן,
ווי אַ מאָנאַך — ביי שפּעטער מעסע,
צום ברוינעם טישל צוגעשמידט —
און אָנגעשריבן ס׳ערשטע ליד:
— „דיין לייב — אַ כישוף׳דיקער אָזיער,
וואָס צווישן מדבר־זאַמדן פליסט.
איך ליג פאַרשמאַכט ביי דיינע פיס —
אַ קראַנקער און פאַרבענקטער נזיר.
אָ, לאָז מיך טאָן צו דיר אַ פאַל —
און טרינקען דאָרשטיק פון דיין קוואַל!" —

## 2. מאָסקווע

### א. פרייד און טרויער

.1

שוין ווידער שיינט דער ליבער זומער
מיט גרינעם, דורכזיכטיקן בלאַט.
און פון גימנאַזיע באַקומען
האָט וויקטאָר שוין זיין אַטעסטאַט.
אין הייסע בלוטן זשומען בינען.
און ס׳גייט אים נישט אַרויס פון זינען
אַפּראָסקאַ׳ס זאַפטיק-זיס געשטאַלט.
ער איז שוין זיבעצן יאָר אַלט.
עס קלייבט זיך וויקטאָר שוין קיין מאָסקווע
צו ווערן דאָרטן אַ סטודענט.
ער כאַפּט זיך פּלוצים: נישט געזען
אַ יאָר שוין באַלד האָט ער זיין פּראָסקאַ׳ן.
נאָר דורך די יינגליש-הייסע נעכט
ער שפּירט נאָך אַלץ איר זיסן דעך.

.2

ווי וואָלט געוואָלט ער כאָטש נאָך איינמאָל,
כאָטש איינמאָל בלויז נאָך פּראָסקאַ׳ן זען:
זי וואָלט נישט אויסגעדרייט זיך קיינמאָל
פון זיינע מענערישע הענט.
עס האָט די מאַמע מיט אַ כליפּ אים
געקושט די הייסע, רויטע ליפּן
ביים ערשטן, זייערן צעשייד —
און מיט אַ טרער אַרויסבאַגלייט.
עס פירט דער צוג דורך שלאַקס און רעגן
דעם יונג אין פרעמדער, ווייטער שטאָט:
ס׳פאָרט וויקטאָר לוואָוויטש סאַמאַראַד
דעם גורל ליכטיקן אַנטקעגן.
מיט יעדן קלאַפּ פון ראַד אויף שפּאַל —
ווערט בלייכער פּראָסקאַ׳ס ליב געשטאַלט.

.3

ס׳האָט מאָסקווע וויטיאַ׳ן אויפגענומען
מיט כמורנעם, רעגנדיקן טאָג.
און וויקטאָר׳ן האָט שטאַרק צעטומלט
אויף שטיינער פערדישער געצאָק.

זיך אָפּגעשטעלט אין אַן אכסניה:
פֿון שמאָלן הויף — געשטאַנק פֿון „סטאַניעס“ 1)
האָט גלייך אַ שפּאַר געטאָן אין קעל.
דאָס קליינע צימער — ווי אַ צעל.
אויף צווייטן טאָג צו אים אַ חבר
געקומען איז מיט גרויסער פֿרייד:
— „איך האָב פֿאַר דיר אַ צימער גרייט.
די באַלעבאָסטע — ווי אַ פּאַווע.
פֿאַראַן אַ טעכטערל אין הויז.
געצויגן, וויקטאָר, האָסט אַ טויז!“ —

4.

דאָרט, וואו דאָס טייכעלע ניעגלינקאַ
פֿאַלט שטיל אַריין אין מאָסקווע-טייך,
ביים פּוס פֿון סקאָסן ברעג, דעם לינקן,
דאָרט שטייט אַ הויז — פֿאַרנעם און רייך.
אויף שערעמעטיעוו-פּיערעאולאָק 2),
צעווישןביימער-שורוועס טוליעט
אַן „אָסאָבניאַק“ 3) זיך אין צוויי שטאָק,
האַרט ביי „וואָזדוויזשענקאַ“ — ביים ראָג.
ביי דעם אַריינגאַנג, ביים פּאַראַדנעם
שטעלט וויקטאָר אויף אַ ווייל זיך אָפּ —
און ער פֿאַררייסט אַרויף דעם קאָפּ,
און קוקט מיט יונגן שטאָלץ און גדלות.
ער ווישט פֿון שטערן אָפּ דעם שוויים:
דאָס איז אַ חלום — נישט קיין הויז!“ —

5.

דער גוטער חבר איילט אים אונטער:
— „נו, שנעלער, וויטיאַ, קלינג שוין אָן.
און האַלט זיך ספּריטנע, האַלט זיך מונטער,
ווייל האַלטן דאַרף מען דאָ פּאַסאָן!“ —
ער גיט אַ קוועטש דאָס ווייסע קנעפּל:
אַ שלאַנקע פֿרוי מיט שוואַרצן צעפּל
און אין אַ בלימלדיקער שירץ
צעעפֿנט גלייך פֿאַר זיי די טיר.
זי פֿירט אַריין זיי אין „סטאָלאָווע“.4)
דעם חבר׳ס רייד — אַ פּוליעמיאָט:
— „באַקענט זיך — וויקטאָר סאַמאָראָד,
און אַננאַ פּאַוולאָוונאַ סוויעטלאָוואַ!“ —
זי שטרעקט אים אויס אַ ווייכע האַנט —
און פּלוצעם ווערט אים אַזוי באַנג.

1) שטאַלן. 2) געסל. 3) פּריוואַט-הויז. 4) עס-צימער.

## ב. מזטער און טאָכטער

**.1**

זי גיט אַ שאָרך מיט דינע קליידער
און נעמט ביי ווי קטאָר׳ן דעם ראָק:
— „איך וויל צוערשט אייך אייער חדר
באַווייזן אויפן ערשטן שטאָק.״ —
עס איז דאָס צימער ליכטיק-זויבער.
און ווי קטאָר שפּאַנט איר נאָך, באַצויבערט
פון אַננאַ׳ס האַלטונג און מאַניר,
מיט אויגן צוגעקלעפּט צו איר.
אין בחור׳ס ציטערדיקער שטימע
התפּעלות בלעזלט זיך, ווי שוים:
— ׳אַ דיכטער קאָן בלויז זען אין טרוים
׳אַזאַ-אָ וואונדערלעכן צימער.
׳כ׳בין מער ווי זיכער, אַבסאָלוט,
׳כ׳וועל דאָ אין הויז זיך פילן גוט.׳ —

**.2**

ווען מ׳איז צוריק אַראָפּגעקומען
אין דער „סטאָלאָווע״, ווי קטאָר זעט:
אין קלייד, באַזוימט מיט בלויע בלומען,
אַ מיידל — שלאַנק, ווי אַ סאָנעט.
און אַננאַ׳ס קול — אַ מאַנדאָלינע:
— „דאָס איז מיין טעכטערל, מיין טינאַ,
און ווי קטאָר לוואָוויטש, זייט באַקאַנט,
ס׳איז אונדזער נייער קוואַרטיראַנט.״ —
דאָס מיידל קוקט אויף שיינעם בחור
מיט בלוי-עניוות׳דיקן בליק:
— „זאָל אונדזער הויז אייך זיין מיט גליק,
איר זענט אַן אָנגעלייגטער שכן!״ —
עס רוישט אין קאָפּ אים, ווי פון ווייַן:
— „כ׳וועל זיך אַריינציען נאָך היינט!״ —

**.3**

ס׳האָט ווי קטאָר זיך אַריינגעצויגן
צו זיי דעמזועלבן נאָך מעת-לעת —
און באַלד דערפילט דאָרט, ווי אַ פויגל,
וואָס האָט געפונען זיך אַ נעסט.

מע איז געזעסן יעדן אָוונט
און טיי געטרונקען אין „סטאָלאָווע"
און לייכט פאַרביסן — און גערעדט
און זיך פאַרזעסן אָפט ביז שפּעט.
און וויקטאָר איז ווי צוגעזאָטן
געוואָרן צו די פרויען צוויי,
וואָס שוועבן־אום אין אַ געדריי,
ווי צוויי, ווי פלאַטערדיקע מאָטן.
און ווער איז שענער, גיי און טרעף,
ווען ביידע האַלטן דיך געפּלעפט.

.4

ס'האָט אַננאַ סענסועלע ליפּן
און ווייסע שולטערן, ווי פּוך,
און ווי פון אַ צעבליטער ליפּע,
עס ווייט פון איר אַ דינער גרוך.
די דינע נאָזלעכער — ווי פליגל,
דאָס קול — מעלאָדיש, ווי אַ ניגון,
דער ווייסער האַלדז — ווי ביי אַ שוואַן:
ס'דאַרף גליקלעך זיין מיט איר אַ מאַן.
אין אַ יאַפּאַנישער קימאָנאָ,
מיט גרויען לאָק — אויף שוואַרצע האָר —
פאַראַן איז עפּעס, שפּירט ער קלאָר,
פון מאַמע זיינער — אין איר פּנים.
נאָר אַננאַ'ס יעדער קער און ריר
איז יינגער, רייצנדער פון איר.

.5

ער כאַפּט אַ קוק אויף יונגן מיידל:
אַ הויכער שטערן, ברוינע האָר,
אין קורצן, בלימלדיקן קליידל —
אַ העלער חלום אויף דער וואָר.
די בלויע אויגן — אַ פּאָעמע.
דער בליק — פאַרווירט, ווי ס'וואָלט זיך שעמען
זי מיט איר יונגער מיידלשאַפט.
די פולע ליפּן — וויינשל־זאַפט.
אויף ראָזן קין — אַ דינער צייכן,
ווי פון אַ שניט, צי פון אַ ביים.
— 'איך ווייס פיל מערער, ווי איך ווייז!' —
אַנטפּלעקט איר ליכטיק־שלויער שמייכל.
און וויקטאָר טראַכט: — 'מיין ליבער גאָט,
כ'בין גרייט פאַר ביידן אויף שאַפאָט!' —

.6

מע איז נאָך האַלב-נאַכט זיך צעגאַנגען
איעדער אין זיין צימער שפּעט:
אין פולע הערצער — באַנגע קלאַנגען,
און קיינער פילט נישט גיין צו-בעט.
און ט י נ אַ שטייט ביי זיך אין חדר
אין קורצן ראָזן אונטערקליידל
און קעמט די האָר זיך ביים „טריומאָ״ 1)
אין דער האַלב-נאַכטיק שפּעטער שעה.
עס ווילט זיך איר נישט גיין נאָך שלאָפן,
עס ווילט זיך ריידן איר מיט ווער.
און ווי אַ לעבעדיקע ברעם,
די טיר צו מאַמע׳ס צימער ז׳אָפן.
זי שטייט, אָן שטידל אָנגעשפּאַרט,
איר קול איז זינגעוודיק און צאַרט:

.7

— „איך זע, דו ביזט נישט אויסגעטאָן נאָך,
דו קאָנסט נישט שלאָפן גיין, מאַמאַן:
עס שיינט די האַרבסטיקע לבנה
אַריין אין פענצטער, ווי אין וואַן.״ —
גיט אַ נ נ אַ זיך אַ הויב פון סאָפע:
— „אַך, מאַ שערי, 2) קאָנסט אויך נישט שלאָפן...״ —
זי מישט איר רוסיש מיט פראַנצויז —
און גיט אַ קורצן שפּאַן פאָראויס:
— „מאַ פיל, 3) אָ, זאָג מיר, טאָכטער ליבע,
מאַ פּאַוער פטי, 4) דיר עפּעס פעלט?
צי האָט דער וו י ק ט אָ ר, ווי אַ דיבוק,
דיך שוין באַצויבערט אַזוי שנעל?״ —
— „אָ, ניין, מאַמאַן!״ — זי גיט אַ זיפץ:
ער איז צו-טרוימעריש-נאַאיוו!״ —

.8

און מיט אַלץ-וויסנדיקן שמייכל
די מוטער קוקט צעלויכטן-העל,
און גלעט זי מיט די פינגער ווייכע:
— „איך זע, דער וו י ק ט אָ ר דיר געפעלט.

---

1) גרויסער שפּיגל. 2) מיין טייערע. 3) מיין טאָכטער. 4) מיין אָרעם קינד.

ר׳זעט אוים צו זיין אַ וואוילער בחור
און פון אַ פיינער אויך משפחה,
אין זאכן וועלטלעכע געניט —
און דוכט זיך מיר, ער איז אַ ייד.״ —
— „אַ ייד גאָר? סאַמאָראָד?״ — זאָגט טינאַ
— „ער זעט עס גאָר נישט אוים, מאַמאַן.
כאָטש אַזאַ אומרו איז פאַראַן
און קלוגשאַפט אין זיין יעדער מינע...״ —
זי שפּאַנט צום מוטער׳ס שפּיגל צו:
— „עס לאָזט זיין בליק מיך נישט צורו.״ —

.9

— „דו ווייסט דאָך, טינאַ, כ׳שטאַם פון יידן.
דער טאַטע ז׳שוין געווען אַ קריסט,
נאָר ס׳איז מיין זיידע פּאַוול דאַווידיטש,
געווען, מע זאָגט, אַ קאַנטאָניסט.
עס איז פאַראַן אַ צוגעקניפּטשאַפט,
אַזאַ מין ראַסן־בונד פון ליבשאַפט
ביי אונדז צו זיי אין יעדן גליד —
אין בלוט דערשפּיר איך באַלד דעם ייד.
דו זאָגסט, ער איז נאַאיוו, אַ טרוימער,
נאָר וויים, מיין קינד, אין לעבנס וואָן
ס׳איז שטענדיק דווקא נישט דער מאַן,
נאָר ס׳איז די פרוי, וואָס ברעכט די צוימען...״ —
זי גיט אַ בליאַסקע מיט די ציין:
— „גיי שלאָפן, דאַרפסט אין שולע גיין.״ —

.10

און וויקטאָר ליגט ביי זיך אין חדר,
אין ברוינע אויגן אומרו גליט:
ער טראַכט פון אַננאַ׳ן און פון מיידל —
און קאָן נישט שלאָפן, כאָטש ר׳איז מיד.
דער נאָמען אַננא — ווי כנור,
און טינאַ קלינגט, ווי מאַנדאָלינע,
אַ נאָמען וואָס באַהערשט און פאַנגט,
אין האַרצן —ביידע — אַ געזאַנג.
און עפּעס איז פאַראַן פון פּראָסקאַ׳ן
אין אָט־די שיינע פרויען צוויי,
נאָר ווער ס׳איז ענלעכער פון זיי
צו פּראָסקאַ׳ן, ר׳האָט נאָך נישט באַשלאָסן.
איןביידן יערט דער איבערפלוס,
פון ביידן זינגט אַרוים די לוסט.

## ג. צווישן דיכטער

### 1.

און וויקטאָר זוכט דעם וועג צום יום-טוב
דורך יונגען, נאָך נישט רייפן ליד.
ער איז מיט זיך נאָך ווייט נישט קאָנטעט,
כאָטש שאַפונג-פרייד אין האַרצן גליט.
סטודענטן שפּאַרן זיך אין קלובן:
— „ס׳איז מאַיאַקאָווסקי — ווי אַ טרובע,
און ווי אַ פּלייטע — מאַנדלשטאַם.״ —
און ס׳ברענט אין אויגן יוגנט-פלאַם.
און וויקטאָר הערט מיט האַרץ צעפּלאַמטן
אין דושנע קלובן ביז פּאַרטאָג:
ס׳האָט לאַנג זיין האַרץ געפאַנגען בלאָק
מיט יאַמב געצערטלטן, געצאַמטן,
נאָר ס׳ציט אים צו דעם „מאָלאָדניאַק״:
יעסענין, קליויעוו, פּאַסטערנאַק.

### 2.

מעת-לעת׳ן ברענען, ווי די שפּענער.
געקומען איז אַ ווינטער-נאַכט,
ווען סאַמאָראָד׳ן מיט יעסענין
דער גורל האָט צונויפגעבראַכט.
צעווישן די סטודענטן-ברידער
געלייענט האָט וויקטאָר זיינע לידער
אין ענגען חבר׳שן „קרוזשאָק״
מיט שטים — אַ קלינגעוודיקן גלאָק.
ווי זים איז צווישן דיכטער יונגע
צו קריגן ערשטן אים אַפּלאָז!
טוט פּלוצעם זיך צו אים אַ לאָז
יעסענין מיט אַ קול צעזונגענעם:
— „סטיכי טוואָאי — וואָט בלאַגאָדאַט.
יעסענין — יאַ, טעביאַ קאַק זוואַט?״ — 1)

---

1) — „דיינע לידער זיינען גאָט׳ס גאָב. איך בין יעסענין. ווי הייסטו?״ —

.3

יעסענינ׳ס לויב קלינגט, ווי אַ הימען.
און וויקטאָר ענטפערט: — „סאַמאָראָד!‟ —
— „פאָמילוי, טשטאָ עטאָ זאַ אימיאַ?
זוואָטשיט קאַק־בודטאָ סקאָראָכאָד.‟ — 1)
אַ שמייכל גליט אין אויגן קלוגע:
— „אָטניניע, בראַטיעץ, בודיעש וויוגין.
טוואָי סטיך — קאַק סניעזשנאַיאַ פּורגאַ —
מיעטיאָט נאַ זימני־יע לוגאַ.‟ — 2)
יעסענינ׳ס אויגן — פרילינג־בלומען
מיט שטערן פול און מיט עקסטאַז.
און וויקטאָר איז אין „שטאַל־פּעגאַס‟, 3)
אין דיכטער־קרייזל אָנגעקומען.
אָ, נעכט אין שיכורן טראַקטיר,
וואו ס׳שפּראָצן לידער אין דעליר!

.4

עס בלענדן טעג — קאָלירטע קרוגן.
האָט סאַמאָראָד אין אַ זשורנאַל
אונטער דעם נאָמען וויקטאָר וויוגין
געדרוקט אַ ליד זיינס „בלעטערפאַל‟.
דאָס ליד איז אַלעמען געפעלן —
און וויקטאָר׳ס קאָפּ — אַ קאַרוסעלע.
ער האָט שוין אין דעם דיכטער־קרייז
געלייענט דאָס ליד פאַר גאָלע „טייז‟.
און מאַיאַקאָווסקי זיצט אין לאָזשע
און רעדט צום דיכטער פּאַסטערנאַק:
— „וואָט עטאָ יאַמב טאַק יאַמב, קונאַק,
קאַק בודטאָ פּושקין סנאָוואַ אָזשיל!‟ — 4)
תחיית־המתים.‟ —
און ס׳קלינגט זיין באַס — אַ פּוליעמיאָט:
— „דאַ, וויוגין דאַליעקאָ פּאָידיאָט!‟ — 5)

---

1) — „זאָג אַליין, וואָס איז דאָס פאַראַ נאָמען? עס קלינגט, ווי אַ שנעל־גייער!‟ —
2) — „פון איצט אָן, ברודער, וועסטו הייסן וויוגין. דיין ליד איז ווי אַ שנייאיקע זאַווערוכע, וואָס ווייעט אויף ווינטער־פעלדער!‟ —
3) יעסענינ׳ס קרייזל פון אימאַזשיניסטן־דיכטער.
4) — „אָט־דאָס הייסט אַ יאַמב, מיין פריינט. גלייך ווי פושקין וואָלט אויפגעלעבט‟.
5) — „יאָ, וויוגין וועט ווייט אַוועק!‟ —

## 3. די פאַרשוועכטע מאַדאָנע

### א. אַ ניט־דערוואַרטער בריוו

.1

און וויקטאָר׳ס לעבן שיינט און פעכלט
אין דער אַלמנה׳ס וואַרעם הויז.
און ווי אַ זון אים אַננאַ קעכלט
און היט אים אָפּ פון אַלדאָס בייז.
און ס׳קוקט אויף זיי די יונגע טינאַ:
פאַרטאַיעט גליט אין אויגן קנאָה,
און ווי אַ מיידל — אַ בר־דעת —
די ליפּן גיט אַ קרים אין שפּאַס:
— „דו האָסט, מאַמאַן, געטרוימט מסתמא
אַ זון געבוירן פאַר אַ טרייסט —
האָט גוטער גאָט באַשערט אין הויז
אַ זון אַ פאַרטיקן דער מאַמע׳ן." —
און וויקטאָר שפּירט: אין טינאַ׳ס שפּאַס
פאַראַן אַזויפיל פּיין און האַס.

.2

ער קומט פון גאַס אַהיים אין אָוונט,
און בלייבט אין צימער שטיין צעמישט:
אין אַ קאָנווערט, אין אַ לילאָוון,
אַ שמאָלער בריוו ליגט אויפן טיש.
ער גיט דעם בריוו אַ שטילן צערטל.
און פּלוצעם רייסט־אויף דעם קאָנווערט ער
מיט פינגער — אייליק און נערוועז —
און ס׳גיט אַ ווײַ פאַרפום „דיזשעז":
—„אַז, וויקטאָר לוואָוויטש, כיבעט, אַנטשולדיקט,
אייך שרייבן איז אַ זיסע שטראָף.
איך ווייס איצט נישט, צי ביזן סוף
וועט איר דערלייענען עס געדולדיק." —
ער גיט אַ זיפצל — זים און באַנג:
אין האַרצן יובלט אַ געזאַנג.

.3

— „זינט איר האָט זיך ביי אונדז באַוויזן,
זעט אַנדערש אויס גאָר אונדזער הויז.
דאָס לעבן פול איז מיט סורפּריזן,
דאָס האַרץ — אין פלאַטער און צעברויז.
איך מוז, איך מוז, איך מוז אייך שרייבן,
ווייל כישרעק זיך: עפּעס וועט פאַרבלייבן

צװישן אונדז דאָ נישט דערזאָגט —
און סיװאָלט געװען אַ װאָרע פּלאָג!
איך זע, איר װאונדערט זיך מסתמא:
װאָס איז פון בריװ מײַנעם דער צװעק?
נו, גוט! כיװעל ריידן גלײַך, דירעקט:
אי װעגן מ י ר, אי װעגן מ אַ מ ע ' ן.
(אַנטשולדיק מיר פאַר מײַן „פּאָריװו"! [1])
לאָז „ד ו" דיר זאָגן —כאָטש אין בריװ.)

4.

— „איך האָב אַ סוד דיר צו פאַרטרויען:
ס'איז עפּעס דאָ מיט מיר געשען.
עס פּײַניקט מיך, װי אַ שגעון,
נאָר ס'איז די צונג בײַ מיר אין פענט.
כיקאָן מיטן סוד זיך מער נישט שטיקן.
איך מוז דיך זען באַלד... נאָר דער עיקר:
נישט דאָ, אין מאַמעס הויז, נ י ש ט ד אָ...
איך װאַרט אויף װאונדערלעכער שעה —
און ס'כאַפּט מײַן האַרץ אַרום אַן אימה.
קום מאָרגן, פינף, אויף רויטן סקװער",
בײַם „ספּאַסקי־טויער" [2]), בײַם באַריער,
װאו ס'שטייט דאָס װאַכט־שטיבל פון שומר.
עס פלאַקערט ס'האַרץ מײַנס, װי אַ שייט,
נאָר כיװײס, װעסט קומען פונקט אין צײַט." —

5.

און װ י ק ט אָ ר לייענט דעם בריװ אין שטוינען:
איז דאָס אַ חלום, צי ס'איז װאָר?
עס בליצט אין מאַרך: די האָר די ברוינע,
דאָס דינע נעזל מיטן האָרב.
ער זעצט זיך צו צום שמאָלן טישל —
און ס'פליען שורות, װי פאַר'כישופ'ט,
פון זײַנע פיבערדיקע הענט,
און ס'װיגן, ס'װיגן זיך די װענט:
— „אָ, ט י נ אַ, ט י נ אָ ט ש ק אַ — מײַן לעבן,
אָ, חלום מײַנער, זײַ געגריסט!
צו ליגן שטיל בײַ דײַנע פיס,
װאָס װאָלט איך איצטער נישט געגעבן!
כװעל מאָרגן זײַן אויף „רויטן סקװער",
פונקט פינף, בײַם קרעמלישן באַריער.

---

1) נשמה־אויפברויז. 2) דער הויפּט־טויער, װאָס פירט צום „קרעמל".

.6

— „איך טראַכט, ווי גרויזאַם כיהאָב געהאַנדלט
אַנטקעגן דיר די גאַנצע צייט!
עס ברענט דאָס פּנים מיר פון שאַנדע
און סיטוט מיר, טינאַ, אַזוי לייד.
דו האָסט אַ סוד מיר צו פאַרטרויען:
איז גרייט פאַר דיר מיין טרייער אויער —
און ביזן גרוב דיין גרויסן סוד
כיוועל האַלטן הייליק, כישווער ביי גאָט!
דו פרעגסט נאַאיוו מיך, ליבע טינאַ,
צי איך בין מסכים דיך צו זען?
איך שווער, וואָס סיזאָל מיט מיר געשען,
כיוועל מאָרגן זיין דאָרט פּינקטלעך פינעף." —
ער בייגט צוזאַמען דאָס פּאַפּיר —
און לייגט עס אונטער טינאַ׳ס טיר.

.5

אין נייעם, פאַרמענעם גאַרניטער,
אין מויל — אַ לאַנגער פּאַפּיראָס,
האָט וויקטאָר אויף קאָלירטן שליטן
צום סקווער צום רויטן זיך געלאָזט.
עס איז דער טאָג געווען אַ קאַלטער:
אויף די פאַרווייעטע אַספּאַלטן
דער שניי געסקריפּעט אונטער פיס
און פראָסט געברענט האָט, ווי אַ שפּיז.
ער איז פאַרביי „בלאַזשעני"-קלויסטער:
אויף דעם פאַרשנייעטן שאָסיי,
אין טיפע וואַלינקעס און פוישטן
די בעטלער טאָפּטשיען טיף אין שניי.
דער שליטן פליט, ווי איבער גלאָז.
די נעזער פינקלען — רויט פון פראָסט.

.8

דער בחור טראָגט אַ קורצע „שובע",[1]
אַ הויכן סויבעלענעם הוט,
איז וואַרעמט ער אים, ווי אַ הרובע,
נאָר וואַרעמער איז ס׳יונגע בלוט.

---

1) פוטער־מאַנטל.

די באַקן ראָזעווע, צעבליטע,
ער גיט אַ קריך אַראָפּ פון שליטן
און לאָזט זיך שפּאַנען איבער ראָג:
דאָס לעבן בליט — אַ מאַנדלשטאָק.
אויף הויך־צעשטראַלטן קרעמל־טורעם
דער אַלטער זייגער קלינגט־אָפּ פ י נ ף.
אין זאַפּראַן־שקיעה׳קן קאַרמין
פון שטאַלטנער מיידל זוכט אַ שפּור ער.
עס וואַקסט לעם אים אויס אַ געשטאַלט —
און ט י נ אַ פאַלט אים אויפן האַלדז.

.9

נאָך הייסן האַלדזן זיך און קושן
רעדט ט י נ אַ שטיל, ווי דורך אַ טרער:
— „ פּאַרוואָר, כ׳בין שטאָלץ מיט דיר, וו י ט י ו ש אַ,
דו ביזט אַ בראַווער קאַוואַליער!
כ׳האָב נישט געהערט היינט די אוראַקן,
איך האָב זיך אַלץ געהאַט געשראָקן:
קוים קומסטו דאָ אין צייט נישט אָן —
כ׳וואָלט זיך אַ מעשה אָנגעטאָן.״ —
דער פראָסט איר פּנים האָט פאַרפּאַליעט,
די באַקן בליען, ווי אַ רויז.
און וו י ק ט אָ ר שפּאַנט מיט איר פאָראויס
און האַלט זי צערטלעך ביי דער טאַליע.
די שטימען קלינגען — ווי אַ פלייט.
דער עולם קוקט זיי נאָך מיט פרייד.

.10

אין רעסטאָראַן איז שטיל און וואַרעם.
דער קעלנער העפלעך זיי באַגריסט:
— „אַ טשטאָ זאַקאַזשעטיע ווי, באַרין?״ —1)
און שאַרקעט זעלנעריש די פיס.
בורשטיניק לויכטן קאַרע אויגן.
ער גיט אַ גלעט איר עלנבויגן
מיט פינגער בריאיקע, ווי צין —
און כאַפּט די האַנט אַוועק געשווינד.
מע שלינגט די הייסע, פעטע בלינעס.
מיט אַזאַ הונגעריקן גיר —
און מע פאַרזשליאָקעט די „ציפּלינע״2)
מיט נאָך אַ ביר און נאָך אַ ביר.
דער אָוונט שמעלצט אין רעסטאָראַן —
אַ גליבע פוטער — אין אַ פאַן.

1) — „וואָס וועט איר באַשטעלן, פּריצ׳ל?״ — 2) אַן עוף.

.11

די באַקן — צונטער, אויגן — פלאַמען.
און טינאַ כאַפּט זיך: — „אַך, פאַרדאָן!
עס איז שוין זיבן... צייט דער מאַמע׳ן
אַ קלינג-טאָן איצט אין טעלעפאָן.״ —
און וויקטאָר בלייבט אַליין ביים טישל,
פון ביר און „וואָדקאַ״, ווי פרילישעט.
ער איז פון אָוונט אויפגעלייגט.
ער זיצט און פינטלט מיט אַן אויג.
מחשבות דרייען זיך, ווי פלעקן,
אין ליכטיק-כישוף׳דיקן ראָד:
— ׳נאָך היינט ביינאַכט איר גרויסן סוד
׳וועט מיר דאָ טינאָטשקאַ אַנטפּלעקן׳. —
ער טרינקט דעם ביר פון שמאָלער גלאָז —
און ציט מיט פרייד דעם פּאַפּיראָס.

.12

— „אַ גאָט, וואָס גרייט מיר היינט דער גורל?״ —
ער שאַרט דעם שוויבער מיט דער דלאָן.
און ווי אַ צייטיק-זיסע פרי,
קומט טינאַ צ׳ריק פון טעלעפאָן.
— „אַך, ליבער וויטיאַ, — ווערטער שאַלן:
— „עס נעמט די מאַמע׳ן גראַף שוואָוואַלאָוו
היינט זייגער אַכט צו אַ קאָנצערט. —
און ס׳בליצט אין אויגן איר אַ טרער: —
— „און פון טעאַטער וועט די מאַמע
אַהיימקומען ערשט זייגער צוועלף...
ביז דאַן, וויטיוש, די גאַנצע וועלט
געהערן וועט אונדז היינט צוזאַמען...
איז קום אַהיים...״ — זי גיט אַ שאָט:
— „כ׳וועל דאָרט אַנטפּלעקן דיר דעם סוד.״ —

.13

אויף בלויען שניי דער שליטן טרעשטשעט,
און אונטער שליטן קנאַקט דער פראָסט.
און טינאַ לאַשטשעט זיך און פעשטשעט
און אונטער דעק באַהאַלט די נאָז.
אַריבער הויכן „ספּאַסקי״-טויער
דער מאָסקווער אָוונט הויערט, לויערט
מיט כישוף׳דיקן שטערן-קלייד.
עס שמעקט מיט יוגנט, ליבע-פרייד.

און ווי אַ וואָזע, ווי אַ כרופּקע,
ער האַלט דאָס מיידל אין די הענט.
עס שווימט דער קאָפּ, ווי אַן אָקרענט:
— „אָ, דאַי מניע, מיליענקאַיאַ, גובקי!‟ — 1)
און ליפּ מיט ליפּ — אין פיבער־בראַנד.
און זיי פאַרגעסן זיך אין וואַן.

**14.**

עס פּערלט פראָסט אויף טינאָס קובליק.
דער שליטן האָט זיך אָפּגעשטעלט.
— „נאַ טשאַי־טאָ, באַרין, דאַיטיע רובליק!‟ — 2)
און אָט איז שוין פון הויז די שוועל.
ער האָט מיט פיבערדיקע פינגער
די טיר צעפּראַלט... אין אויער קלינגען
די רייד און קושן — אַ דעליר.
זיי בלייבן שטיין אַ ווייל פאַרווירט.
מע איז אַריין צו אים אין צימער
און זיך באַזעצט אויפן קושעט.
די ליבע־פרייד, ווי אַ קלאַרנעט,
אין יונגע הערצער הימענט, הימענט.
דער גוף — אין פלאַם, דער מוח — וואַך:
— ׳אָ, גאָט, וואָס גרייט פאַר אים די נאַכט?׳ —

**15.**

— „איך האָב אַזויפיל דיר צו זאָגן,
אַז ס׳וואָלט געקלעקט אַזש ביז קאַיאָר.
און די זכרונות יאָגן, יאָגן —
ס׳איז שווער זיי אָפּשטעלן, פאַרוואָר!‟ —
זי נעמט די לאַנגע נעגל בייסן:
— „עס איז אַן אויסטערלישע מעשה,
אַ גרוויליק־פינצטערער קאָשמאַר,
וואָס קלינגט אומגלויבלעך און ביזאַר.‟ —
עס גיט זיך טינאָ׳ס גוף אַ טרייסל:
— „אָ, וויטיאַ, וויטיענקאַ, מיין גאָט!
אַנטפּלעק איך דיר דאָ קוים מיין סוד,
איך שרעק זיך, וועסט מיך באַלד פאַרשטויסן...
איז זאָג מיר צו: וואָס ס׳זאָל נישט זיין,
מיר וועלן כאָטש פאַרבלייבן פריינט!‟ —

---

1) — „גיב מיר, טייערע, די ליפּעלעך!‟ 2) — „גיב מיר, פּריץ, אַ רובל טרינק־געלט!‟.

## ב. טינאַס ווידוי

### 1.

ער האַלט איר קליינע האַנט אין זיינער
און רעדט צו איר אין ליבע־צער:
— „אַ, זאָג מיר, טינאַ, חלום מיינער,
וואָס קלעמט דיין יונג און אָרעם הארץ?״ —
באַרואיקט זי זיך אויף אַ ווײַלע.
אין קאַרע אויגן שיסן פיילן.
זי גיט אַ קרים די שוואַרצע ברעם
און נעמט דערציילן, ווי אין קלעם:
— „עס איז געשען דעם לעצטן זומער
אויף „דאַטשע״ 1) לעבן טאַראַשטשין.
אין אָנהויב יוני כ׳בין אַהין
אויף אָפּרו מיט מאַמאַן געקומען.
ס׳איז גוט נאָך שטיקנדיקער שטאָט
אין וואַלד אַרוים — אויף גאָט׳ס באַראָט.

### 2.

— „ס׳איז טאַראַשטשין — אַ שיינע געגנט:
די ווילדע „פּושטשעס״ 2) — אָן אַ ברעג.
די ערשטע וואָך האָט דאָרט גערעגנט
און אַלץ פאַרפלייצט — פון שטעג ביז שטעג.
ס׳האָט אויפגעהערט אויף וואָך אויף צווייטער —
און ס׳האָט אויף מײַלן, ברייט־צעשפּרייטע,
אַ ים מיט שוואָמען זיך צעבליט,
נו, ממש — ווי אַ ליריש ליד.
ווי גוט איז, וויטיאַ, אומצובלאָנקן
נאָך שווערע שלאַקסן טיף אין וואַלד:
דער רעגן־טוי, ווי פּערל, שטראַלט
הויך איבער ביימער, איבער לאָנקעס.
דער וואַלד איז סודות׳דיק און וואַך,
ווי דער סאָבאָר — אין ניתול־נאַכט.

### 3.

— „איך בין אַרוים אין וואַלד שפּאַצירן
אין יענעם שטראַלנדיקן טאָג:
צו זען, ווי ס׳שפּראָצט דאָ גאָט׳ס יצירה
און ווי פון ליפּעס טריפט דער סאָק.

---

1) זומער־וואוינונג. 2) וועלדער.

ס׳איז שטיל אַרום די גאַנצע געגנט.
און בלויז די לעצטע טראָפּנס רעגן
אַ צווייגל טרינקט מיט גרינער ליפּ.
אין וואַלד — קיין שאָרך נישט און קיין פּיפּס.
כ׳האָב לאַנג אַזוי אַרומגעבלאָנקעט
אין טיפן וואַלדישן געדריי.
און מיטאַמאָל האָט זיך אַנדריי
באַוויזן אויף אַ גרינער לאָנקע,
אַ בחור, טרוקן, ווי אַ זשערד,[1]
ווי אויסגעקנעט פון שוואַרצער ערד.

.4

— „איך האָב צוערשט זיך נישט דערשראָקן
ווען איך האָב פּלוצעם אים דערזען,
דעם בחור שפּאַנען איבער פּניאָקן,
ווייל כ׳האָב אַנדריי׳ען גוט געקענט:
ער האָט געוואוינט אויף נאָנטער דאַטשע,
געטריבן אָפּט אַ ראַבע קליאַטשע,
נישט מער — אַ האַלבן וויאָרסט פון אונדז —
אַזאַ־אָ עזות׳דיקער יונג.
ר׳האָט נישט געהאַט קיין טאַטע־מאַמע,
ביים אַלטן זיידן דאָרט געוואוינט,
דאָס פּנים פון דער זון פאַרברוינט,
געקראָכן פלינק איבער די צאַמען.
אין האָר פאַרפּלאָנטערט שטיקער זשוויר,
ר׳האָט אויסגעזען, ווי אַ סאַטיר.

.5

— „אַ נישטיקער, אַזאַ פּליוגאַווער,[2]
אַזאַ „ניעגאָדאַ״[3] און „ליענטאַי״[4]
פון האָזן־ליפּ אים רינט דער גאַווער
און אין די אויגן — גרויער בליי.
עס איז געווען אַ שאַלאַפּאַי[5] ער,
געריווערט אָפּטמאָל, ווי אַ חיה,
און אָפּט אַרומגעגאַנגען שטום —
דער גרעסטער כוליגאַן אַרום.
און אָט־דעם יונגן, ווילדן פּגע,
אָט־דעם־אָ פינצטערן אַנדריי,
אויף גרינעם, וואַלדיקן געדריי
האָב איך אין יענעם טאָג באַגעגנט.

---

1) אַ שטעקן. 2) אַ נבזה׳ניק. 3) אַ טויגעניכטס. 4) אַ פוילענצער.
5) אַן אויסוואורף.

און גלויב מיר, איך האָב נישט געאַנט,
אַז ס׳איז דער אומגליק אַזוי נאָנט.״ —

6.

און טינאַ קוקט אַזוי פאַר׳חלש׳ט,
אין קאַרע אויגן בליצט אַ טרער:
— „צום אַלטן גראַף סטעפאַן שוואָוואַלאָוו
האָט דער מאַיאָנטעק דאָרט געהערט.
שוואָוואַלאָוו׳ס שטערן — פול מיט שראַמען,
ער זוכט צו הייראַטן מיין מאַמע׳ן
ער איז שוין זיבעציק יאָר אַלט
און טראָגט דעם „טשין״ פון גענעראַל.
און ס׳פלעגט אַנדריי אים אָפטמאָל פירן
פון נאָנטער באַן צו אים אין „גוט״,
די פערד געשמיסן, ווי אַ ברוט,
אין היץ און קעלט, אין שניי און קרירה.
שוואָוואַלאָוו האָט אים ליב געהאַט,
ווייל ס׳איז דער פריץ אויך אַ קאַט.

7.

— „ווען איך באַגעגנט האָב אַנדריי׳ען,
האָט ער פאַר מיר זיך שטיל פאַרנויגט,
און מיט אַ שמייכעלע אַ שלויען
געטאָן אַ שיקל מיטן אויג.
אין גרינע אַפּלען ברענט אַ שייטער:
— „אַך, באַרישניאַ, ווי ניע פּוגאַיטיעס,
וויעד יאַ ניע זוויער, אי יאַ ניע ביעס!״ —1)
און מיט די אויגן ס׳לייב מיינס פרעסט:
— „דו ביזט אַ פּוכקע אַזאַ, רונדע...
אַ פרישע, שמעקעוודיקע רויז...
עס גייט מיר ממש ס׳חיות אויס...
איך האָב אַזוינע ליב באַזונדערס...״ —
אויף שטערן — שווייס, אין אויגן — וואַן,
אַ דין דובינקעלע — אין האַנט.

8.

— „זיין פּנים איז אַ הוילע מאַסקע,
די באַקן — גרוי און ווייס — די נאָז.
און אָן אַ קוש און אָן אַ לאַסקע
ר׳האָט מיך געוואָרפן אויפן גראָז.
— „כ׳וועל שענקען צירונג דיר, אַנדריושאַ...״ —
האָט ער געריטשעט: — „מילאַ־דושאַ,

1) — „יונגע פריצה׳טע, שרעקט זיך נישט: איך בין נישט קיין חיה און נישט קיין שד.״

דיין לייב מיר בעסער דאָ געפעלט..." —
און ס'טוט אין האַלדז ביי אים אַ קרעל,
און ווי אַ הונט, ער גיט אַ האַווקע:
— "אויב ס'מעג דיין מאַמע מיטן גראַף,
מעגסטו אויך, טינאַ, מיט זיין שקלאַף
אין וואַלד זיך הורן, ווי אַ נאַפּקע." —
און אויף דער לאַנקע, אונטער קליאַן
האָט ער די שאַנד מיר אָפּגעטאָן...

9.

— "געוועזן איז שטיל אַרום די געגנט,
מע הערט קיין פּיפּס נישט און קיין שאָרך —
און בלויז אַ קראָליק'ס רויטע אויגן,
זיי האָבן צוגעזען מיין בראָך.
ער הויבט פון דר'ערד אויף די דובינקע:
— "טי בודיעש דיעוואָטשקאַ ס'נאַטשינקאָי,
זאַפּאָמניטסיאַ טיעביע אַנדריי..." — 1)
און גיט אַ שד'יש-ווילדן קריי.
אַפילו זיך נישט אָנגעבויגן
און נישט געטרייסט מיך — און אַוועק
איז איבער שטויביק-גרויען וועג
דער יונג מיט שיקלדיקע אויגן.
ס'האָט לאַנג געטראָגן זיך אַרום
אין וואַלד זיין חיה'שער געברום.

10.

— "איך בין אין טיפן וואַלד געליגן,
פון גאָר דער גאַנצער וועלט פאַרלאָזט:
אָן אָרעם פייגעלע אָן פליגל,
אַ מיאוס-געשענדטע אויפן גראָז.
זינט יענער פאַרכמאַרעט-ווייסטער שטונדע
דער יונג אויף אייביק איז פאַרשוואונדן,
ווי איינגעזונקען אין דער ערד —
און כ'האָב אים נישט געזען שוין מער...
ער האָט מסתמא זיך דערשראָקן,
אַז קריגן ר'וועט אַ מיאוסן פּסק...
און ווי אין ברונעם זינקט אַ האַק,
איז ער פאַרזונקען אין אָסאָקע. 2)
כ'האָב אויפגעהויבן זיך קוים-קוים —
געלאָזט זיך לויפן שנעל אַהיים." —

---

1) — "דו וועסט זיין אַ מיידעלע מיט אַ געפילעכץ — און דו וועסט לאַנג געדענקען אַנדרייען 5 — 2) זומפּן־גראָז.

## ג. חתן־כלה

**.1**

און וויקטאָר קוקט אויף טינאַ׳ס צאַרטן
און אויסגעליטענעם געזיכט:
— ׳יאָ, אַלץ האָט ער געקאָנט דערוואַרטן,
׳נאָר אָט דערויף זיך נישט געריכט.׳ —
און וויקטאָר קושט איר אוים די טרערן.
ווישט־אָפּ מיט טיכל פון איר שטערן
די טראָפּנס פּערלדיקן שווייס —
און רעדט צו איר פאַרווירט און הייס:
— „אָ, טינאַ, טינאָטשקאַ, טיניושאַ,
אָ, דאָראָגאַיאַ, ניע טוזשי!״ — 1)
ער גיט אַ פאַל אויף זיינע קני —
און אירע הענט באַדעקט די קושן:
— „כ׳בין גרייט צו שטאַרבן דאָ, מיין פריינט,
און דיר פאַרלינדערן די פיין!״ —

**.2**

דאָס מיידל זיצט, אין פיין געפּענטעט
און דעקט מיט הענט צו דאָס געזיכט:
— „און איצט, אַז ווייסט, כ׳בין אַ געשענדטע,
דו קאָנסט מיך אָפּשטויסן פון זיך!״ —
— „אָ, טינאַ, טינאָטשקאַ — מיין מלאך,
איך האָב דיך ליב, דו ביזט מיין כלה,
איך וועל דיך נעמען פאַר מיין ווייב!״ —
ער גלעט און לאַשטשעט ס׳מיידל לייב.
— „אָ, נעם אַרום מיך!״ — טינאַ פיבערט:
— „און קוש מיך שטאַרק און קוש מיך הייס!
עס ווערט די וועלט דיר פלוצים גרויס,
ווען ס׳האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט ליבע.״ —
און ווי אין פענטיקן היפּנאָז,
זי קושט איר וויקטאָר׳ן וו׳זאַסאָס.2)

**.3**

אויף מאָרגן האָט דער מאַמע׳ן טינאַ
דערציילט מיט לויכטנדיקן בליק,
אַז זי מיט וויקטאָר׳ן געפינען
אינגיכן האָפן זייער גליק:
— „יאָ, וויקטאָר איז שוין איצט מיין חתן.
מיר האָבן שוין באַשטימט, באַשלאָסן.

---

1) אָ, טייערע, זאָרג נישט! 2) תאווה׳דיק.

מיר זענען פאַקטיש שוין פאַר׳קנס׳ט...
יאָ, מאַמאַטשקאַ, ס׳איז נישט קיין שפּאַס.
מיר וועלן הייראַטן דעם זומער,
איז קוק נישט, טייערע, פאַרווירט..." —
און טינאַ האָט, ווי אין דעליר,
די מאַמע׳ן היים אַרומגענומען,
געוויינט, געהאַלדזט זי און געקושט.
און אננאַ ענטפערט איר צעחושט:

.4

— „אַך, פּאַזדראַווליאַיו, וואַלענטינאַ,1)
זאָל דיין באַשלום מיט מזל זיין!" —
אין האַרצן אָבער גליט די קנאה,
און אין די אויגן — טרויער־שיין.
— „און וואו ז׳דער חתן, מילאַ־דושאַ?
איך וויל מיט אים זיך דאָ צעקושן:
ס׳וועט אָט־דער מזלדיקער יונג
אינגיכן ווערן מיר אַ זון." —
מיט קאַרע אויגן טרערנפולע
איר ענטפערט טינאַ מיט אַ לאַך:
— „ער וועט אין דר׳היים זיין ערשט פאַרנאַכט.
ער איז פאַרפרי אַוועק אין שולע. " —
די טאָכטער קוקט אויף איר מיט פרייד.
אין מוטער׳ס אויגן — אומעט גרויט.

.5

ווען וויקטאָר איז אַהיימגעקומען
פאַרנאַכט פון אוניווערסיטעט,
האָט אננאַ אים אַרומגענומען
און לאַנג געקושט אים און געגלעט.
זי קוקט אויף זיי מיט הייסער מינע:
— „אַך, טינאַ, טינאַ־מאַלאַדשינאַ,2)
אַזאַ־אָ מזלדיקע מויד,
אַליין געפינען איר באַשייד!
און דו, מיין וויטיאַ, כ׳האָב גע׳חלומ׳ט
צו האָבן אַזאַ זון שוין לאַנג,
האָט גאָט דערפילט מיר מיין פאַרלאַנג:
געשיקט אַ זון מיר — אַן אַפּאָלאָ.
איז דאַנק איך גאָט פאַר דעם באַשער..." —
זי ווישט פון וויע אָפּ אַ טרער.

---

1) „מזל־טוב, טינאַ!". 2) אַזאַ ספּריטנע מויד.

## ד. אין אויפשטאַנד־ווינט

**.1**

עס האָט אַ ווירבלדיקער וויכער
אין שנייאיק־ווינטיקער זאַוויי
מיט כעס צעבויטעט און רציחה
זיך איבער מוטער׳ל „ראַסיי".
און ס׳האָט אַ קנאַל געטאָן דער שטורעם:
עס ציטערט, פלאַטערט „ספּאַסקי"־טורעם
פון גרויליק־מורא׳דיקן קנאַל —
ס׳האָט אויסגעבראָכן דער „פעווראַל". 1)
עס ברעכט דאָס אייז זיך אויף דער ניעווע
אין הונגעריקן פּעטראָגראַד,
און איבער קרעמלין און „אַרבאַט" 2)
אין מאָסקווע־שטאָט דער שטורעם רעוועט.
עס איז געפאַלן קיסר׳ס טראָן.
אין רוסלאַנד פלאַטערט רויטע פאָן.

**.2**

די פאָנען וויען איבער דעכער.
אין יעדער לאָץ — אַ רויטע קוויט.
דעם הימל׳ס אויסגעוועלבטער בעכער
איז אויסגעפאַרבן אויך אויף רויט.
עס פלאַטערן די רויטע פענער
אַראָפּ פון קלויסטער, פון „בלאַזשעני",
אויף סאַמע העכסטן קרעמל־שפּיץ:
— „אָ, ספּאַס, 3) באַשירעם און באַשיץ!" —
עס שפּאַנט די פרייהייט מיטן פרילינג,
געאָרעמט איבער גרויען לאַנד,
און זיסע פרייד מיט פולער האַנט
צעשיט דער כישוף׳דיקער צווילינג.
און פון אַרכאַנגעלסק ביז כערסאָן —
אין „גיטער" שפּאַנט דער „רויטער האָן". 4)

**.3**

עס ליגט די אַלטע וועלט צעבראָכן.
אָ, פריי זיך, יובל, פרייער מענטש!
די פרייהייט־פרילינגדיקע ברכה
האָט אַלץ פאַרפלייצט און אַלץ געבענטשט.

---

1) פעברואַר־אויפשטאַנד. 2) געגנט אין מאָסקווע. 3) יעזוס. 4) שריפות.

עס שמעקט מיט בעז און מיט מאַלינע.
און וויקטאָר שפּאַנט אַרום מיט טינאַ׳ן
אויף גרינע „וואָראָביאָווער־בערג״:
דאָס לעבן איז אַ פייערווערק.
עס האָט דער שטורעם זיי צעטרייסלט,
פאַרשיכורט זיי מיט פרייהייט־וויין:
— „נאָר וואָס וועט ווייטער, ווייטער זיין
איצט, ווען ס׳איז מער נישטאָ קיין קיסר?״ —
זיי טראַכטן ביידע נישט דערפון:
דאָס לעבן איז צו־פאַרביק, בונט.

4.

די פרילינג־טעג — ווי זיסער פלאָדן,
נאָר די מלחמה האַלט נאָך אָן.
ווער וויים, עס קאָן אים די „סוואָבאָדאַ״ 1)
אַ רוף־טאָן פלוצים אויפן פראָנט.
יאָ, די „סוואָבאָדאַ״ פאָדערט זיגן.
ער טרייבט זיי אָפּ, ווי זלידניע פליגן,
די־אָ מחשבות וועגן קריג.
ער, וויקטאָר, האָט שוין לאַנג געזיגט.
אין אָוונט זיצט ער אין זיין צימער.
ס׳האָט שוין געשלאָגן צענטע שעה.
ס׳איז טינאַ אין דער היים נישטאָ.
אויף קליינעם טיש דער נאַכט־לאָמפּ גלימערט.
עס וואָיעט ס׳בלוט, ווי אַ שאַקאַל:
— ׳ווי וואָלט ער טינאַ׳ן איצט געהאַלדזט!׳ —

5.

פאַרטיפט אין ליכטיקע חלומות,
דערזעט ער מיט פאַרצוקטער פרייד:
אין ראָם פון טיר — אַ בילד פון שלימות,
נישט טינאַ, ניין... נאָר אַננאַ שטייט:
— „איך בין פאַרפרי אַוועק פון פעטער...
און טינאַ... זי וועט קומען שפּעטער...
זי איז פאַרבליבן דאָרט אין הויז...״ —
איר פּנים פלאַקערט, ווי אַ רויז:
— „וואָס שטייסט אַזוי און קוקסט מיט שוידער,
ווי צוגעוואָקסן צו דער ערד?
ביזט, וויטיאַ, דאָך אַ קאַוואַליער,
איז לאַד מיך איין צו זיך אין חדר...
אַ גרויסער טאָג ביי מיר איז היינט...
און שיכור בין איך — נישט פון וויין...״ —

1) פרייהייט

.6

און וויקטאָר קוקט מיט בליק צעשטראַלטן.
אין מוח בליצט אים אויף אַ חשד:
— „אַך, אַננאַ פּאַוולאָוונאַ, פּאָזשאַלטיע,
יאַ אָטשיען ראַד וואָס, אָטשיען ראַד!״ — 1)
— „דו קאָנסט מיך, וויטיאַ, רופן ניוטאַ!״ —
פון קערפּער אירן שמעקט ציקוטע,
און פון איר מויל — אַ וואָדקאַ־גרוך.
איר פּנים איז אַ הוילער שמוך.
אַ בלויע שאַל מיט זילבער־שטערן.
בליצט אויף די שוואַרצע האָר, ווי פּעך.
און ס׳שמעקט מיט אור־רוף פון געשלעכט
איר לייב פון גיריקער פּאַנטערע.
זי שפּאַנט אַריבער איבער שוועל —
און וויקטאָר פילט אין האַלדז אַ קרעל.

.7

ער העלפט אַראָפּנעמען איר מאַנטל
און זעצט אַוועק זי אויף קושעט:
— „דו ביזט אַ בחור אַ גאַלאַנטער,
נאָר שפּילסט דעם נזיר, דעם אַסקעט!״ —
און זי צעלאַכט זיך מיט אַ ציקל:
— „אַוודאי, וויטיאַ, בין איך שיכור...״ —
ער זעט: אויף וויע בליצט אַ טרער,
נאָר וואָס געבראַכט האָט זי אַהער?
— „דו וועסט מיר, וויטיענקאַ, דערלויבן...
בלויז אויף אַ קורצן אויגנבליק...
איך האָב מיט טינאַ׳ן זיך צעקריגט...
און ס׳דרייט דער קאָפּ זיך, וועסט נישט גלויבן...
איך קאָן דאָס מיידל נישט פאַרשטיין —
עס שניידן איר זיך ערשט די ציין...״ —

.8

און אַננאַ׳ס בליקן בלאָנקען, בלאָנקען.
פון ליפּן פאַלן בייזע רייד:
— „אַזאַ מין נישטיקע „דיעווטשאָנקאַ״ 2)
איז זאָגן דעות מיר שוין גרייט...

---

1) — „קומט אַריין! איך בין אייך גליקלעך צו זען!״ —

2) חוצפּה׳דיק מיידל.

עס זוכט מיין האַנט דער גראַף שואוואַלאָוו,
ער וויל, אַז ווערן כ'זאָל זיין כלה...
ר'איז רייך, ווי קרעזוס, און באַרימט...
נאָר כ'וויל נישט הייראַטן מיט אים...
ער איז שוין זיבעציק אַריבער...
און אַלט און שטופּלדיק און מיאוס...
ער האָט צוויי אויסגעקרימטע פיס...
און טויגן טויג ער נישט פאַר ליבע...
עס עקלט מיך פון זיין געשטאַלט...
און דאָס איז, וויטיאַ, נאָך נישט אַלץ...

.9

— „ער איז קיין מאַן נישט, דער פאַרשיבטער:
ערזאַץ פון פינקלדיקן וויין...
איך קאָן נישט ווערן זיין געליבטע,
איז וויל איך אויך זיין ווייב נישט זיין...
און זי, מיין טינאַ — אַזאַ גנידע —
זי האַלט מיך צוריידן צום שידוך...
זי'ז אָפן קעגן מיין באַשלוס —
דאָס האָב איך היינט זיך ערשט דערוואוסט...
צוזאַמען זיצן מיר ביים פעטער,
איז נעמט זי ריידן — אַזאַ „טוואַר": 1)
— 'דער גראַף פאַרמאָגט אַ גאָלדן האַרץ,
'ער קאָן דאָך ווערן אונדזער רעטער.
'ס'איז איצט אַ צייט פון קאַטאַקליזם —
'ער האָט אַן אוצר אין פּאַריז.' —

.10

— „געהערט אַ לשון, ליבער וויקטאָר,
פון אַזאַ חוצפּה'דיקער מויד...
כ'האָב אויפן אָרט מיט איר צעקריגט זיך
און בין אַוועק פון פעטער'ס הויז.
איך וועל עס קיינמאָל איר נישט שענקען...
כ'בין אויפן וועג אַריין אין שענקל —
און דאָרט געטרונקען אַ קאָניאַק..." —
און מיט דער צונג זי גיט אַ קנאַק:
— „יאָ זאָג מיר, וויטיאַ, כ'בין פאַרשניאַשקעט?
מיין גאָט, ווי ס'דרייט זיך מיר דער קאָפּ..." —
און פּלוצים גיט אַ פאַל-אַראָפּ
זי אויף דער פאַרביקער „דראָזשקע". 2)
זי מאַכט די מידע אויגן צו
און שעפּטשעט: — „כ'וויל אַ ביסל רו!" —

1) אַ פּאַסקודע. 2) קליינער טעפּיך.

.11

דער בחור שטייט אַ ווייל פּריטשמעליעט,
פאַרשטאַרט אין וויסטן הינערפלעט.
ער גיט אַ הויב זי, ווי אַ בעלעם,
און לייגט אַוועק זי אויף קושעט.
זי ליגט, פאַרטאַיעט ווי אין נעפּל.
און ביסלעכווייז דאָס קלייד צעקנעפּלט
זי אויף דער ברוסט מיט אַ פייכטער האַנט:
— „אַ, ברענג אַ ביסל „וואַלעריאַן״!״ — (1
ער גיט אַ לויף אַרויס אין „וואַננאַ״ (2
און צווישן פלעשעלעך ער זוכט.
זי גיט אַ פאָרסקע און אַ שמוך,
ווען ער דערלאַנגט איר „וואַלעריאַנע״:
— „איך וואָלט געקושט דיך און געהאַלדזט,
נאָר אַלט בין איך פאַר דיר, צו־אַלט.״ —

.12

און מיט אַן אויסטערלישער מינע
באַטראַכט אים אַננאַ, היים און שלוי:
— „דו ביזט דאָך, וויקטאָר, אַ „מושטשינאַ״,
דו קאָנסט באַמאַנען דאָך אַ פרוי?
איך וויים, וויטיושאַ, ביזט דערפאַרן...״ —
און ס׳גיט אַ בייט זיך איר די מראה:
— „מיט טינאַ׳ן טאַנצסט אַ ליבע־וואַלץ...
דו מיינסט, איך זע נישט... איך זע אַלץ...״ —
און פלוצים פלאַצט ער אויס: — „מיט טינאַ׳ן
כ׳בין נישט אַריבער דעם באַריער...
ס׳איז בלויז אַ שפּיל — און גאָר ניט מער,
אַן אומשולד־פאַרשפּיל פון די מינים...״ —
ער גיט אַ פאַל צו אירע קני —
און ס׳טוט איר לייב זיין ליפּ אַ ברי...

.13

זי האַלט אים פעסט אין אירע אָרעמס
און גיריק קושט זי אים „וו׳זאַסאָס״.
זיין קערפּער פלאַקערט, ווי אַ דאָרן,
און פולער, פולער ווערט דער כוס...
אין שטומען, אויסטערלישן ריטעם —
די גלידער הייסע און צעגליטע,
זיי פאָרן זיך, ווי טאָג און נאַכט
און ריידן אַ באַזונדער שפּראַך.

---

1) חלשות־טראָפּנס. 2) באָד־צימער.

צונויפֿגעוואָקסן, ווי אַ צווילינג,
איז איינער צו דער צווייטער׳ס לייַב,
און ווי ביי אורע מאַן־און־ווייַב,
די לייַבער לעכצן נאָך דערפֿילונג.
ער ליגט — אַ קרבנ׳דיקער לאַם
אויף לוסט־מזבח, גרייט צום פֿלאַם.

.14

און נישט באַמערקט פֿון זיי האָט קיינער
אין דריי פֿון ליבע־קאַרוסעל,
ווי ט י נ אַ האָט זיך, פֿול מיט שטוינונג,
באַוויזן פֿלוצעם אויפֿן שוועל:
— „אַך, אַ נ נ אַ פּ אַ ו ל אָ ו נ אַ, ווי — ס אַ מ ק אַ!
דאַ ווי יעמו גאָדיטיעס וו׳מאַמקי...
אוזש דאַיטיע סאָסקו יעמו וו׳ראָט...
בוד פּראָקליאַט וואַש זשידאָווסקי ראָד!״ — 1)
פֿאַרגעסן וועט שוין וו י ק ט אָ ר קיינמאָל
דער מיידל׳ס אויסטערלישן לאַך:
— „אַך, וו י ק ט אָ ר ל ו אָ ו י ט ש, מיין מאָנאַך,
פֿאַרגעסט נישט אָנטאָן די תחתונים!״ —
ער איז אַרויס אין קאָרידאָר —
אַ דורכגעפֿאַלענער אַקטיאָר.

.15

ווען ער פֿאַרפֿרי איז אויפֿגעשטאַנען,
האָט ער דאָס הויז געפֿונען לער.
ער האָט גענומען שנעל אַ וואַנע —
אין האַלדז געשטיקט האָט אים אַ טרער.
עס האָט געוואָלט פֿון שאַנד זיך וויינען...
ר׳האָט נישט געזעגנט זיך מיט קיינעם,
גיך איינגעפּאַקט דעם טשעמאָדאַן —
און באַלד אַוועק איז צו דער באַן.
דורך פֿעלדער רויִקע און גרינע
האָט צוג געטראָגן אים אַהיים —
און נאָכגעיאָגט האָט אים זיין טרוים,
זיין נישט־דערפֿילטער חלום ט י נ אַ,
דער גרוך פֿון וואָדקאַ און ווערבעז
און אַ נ נ אַ׳ס צערטלדיקע הענט.

---

1) איר זענט אַ צויג. איר פּאַסט אים גיכער פֿאַר אַ ניאַנקע. גיט אים שוין דאָס ניפּל אין מויל אַריין. פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן אייער גאַנצער יידישער אָפּ־שטאַם!״ —

# צווייטער טייל: פרילינגס-שטראָמען

## 1. אין שטערן-שאָט

### א. מלכה

.1

ס׳האָט ערשט דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט
מיט רעש, מרידה און צעשטער,
מיט אויפשטאַנד-שטורעם און מיט וואונדער
באַוויזן זיך אויף אונדזער ערד.
אין גרויען לאַנד פון „וועלף און טויבן", 1)
וואו אייביק פאָרט זיך מאָרד מיט גלויבן,
וואו זייט-ביי-זייט מיטן רעבעל
דער גזלן שפּאַנט אין וואַלד און פעלד,
ביים ברעג פון דניעסטער, בוג און דניעפּער,
צעווישן פעלדער פון פּאַפּשוי, —
געדעקט מיט שינדלען און מיט שטרוי,
די שטעטלעך דרימלען אויף די סטעפּעס.
יאָרהונדערטער — אויף גאָט׳ס באַראָט
זיי לויכטן דאָ אין שטערן-שאָט.

.2

און צווישן פעלדער מיט פּיאַלקעס,
מיט קליינע שטיבלעך — בלוי און ווייס —
אין גרינעם טאָל זיך נעסטלט שפּאַלקע,
אַ שטעטל אין פּאָדאָליער קרייז.
און גרויס איז שפּאַלקע, ווי אַ געניץ.
די ווייבער לייענען „צאינה-וראינה׳ס",
די מענער — שוין אַ יידיש בלאַט,
וואָס ווערט געגומען אויף פּראָקאַט.
און יידן וואוינען אין דעם שטעטל,
ווי אין די שטעטעלעך אַרום:
האַלב-וועלטלעך שוין און האַלב נאָך פרום,
ס׳טראָגט שטריימלעך — ווער און ווער — קאַשקעטן.
און אַלע שלאָגן-אָפּ די טיר,
ביי שמואל-אַבאָ׳ן, דעם געוויר.

.3

צעווישן שטיבלעך, ווי שקאַרמיצן,
אין ראַם פוןביימער איינגעפּאַסט,
שטייט שמואל-אַבאָ׳ס קאָמעניצע 2)
ביים סאַמע עק פון ברייטסטער גאַס.

---

1) רוסלאַנד. 2) שטיינערנער מויער.

ס׳האָט שמואל אויפגעשטעלט דעם מויער
מיט אַ געשניצטן, שייִנעם טויער,
ווען ער האָט חתונה געהאַט
מיט שׂרה׳ן — אין דעם יאָר תרמ״ט.
אַליין פאַרמאָגט צוויי גרויסע סקלאַדן
פון באַקאַליי און לעדערוואַרג,
נאָר ס׳איז געווען פאַר אים אַלץ קאַרג,
האָט ער געכאַפּט אַ פעטן נדן:
ס׳איז אַלץ שוין באַלד אין זיין קאָנטראָל —
ער הייסט שוין „גאָספּאָדין כּאָראָל״.

.4

אַז ס׳וואַקסן גיטער, ז׳נישט קיין חידוש,
וואָס ס׳וואַקסט פאַר שמואל׳ן דער „פּאָטשאָט״.1)
ער פירט משכּיליש זיך, נגידיש,
ווי ס׳פּאַסט פאַר גרעסטן גביר אין שטאָט.
מע איז אין קלויז דער ערשטער גבאי,
מע פאָרט אויף וויינטרויבן קיין „שאַבאָ״,2)
אויף „וואַסער־קור״ — קיין קאַרלסבאַד —
מע שמ׳ט אַרום, ווי אַ מאַגנאַט.
מיט קינדער צוויי — זיך צו באַרימען!
האָט גאָט דעם שטאָט־עושר באַגליקט:
אַ זון אפרים — אַן אַנטיק,
אַ בת־יחידה — ווי אַ דימענט.
נאָר ס׳איז אפרים — וויי און וויסט!
געוואָרן גאָר אַ „ציציליסט״.

.5

ס׳איז רואיק־שטיל געווען אין שפּאַלקע:
פון עושר־גאַס ביז שוסטער־גאַס,
ביז ס׳האָבן יונגען פון דער באַלקע
דערקלערט אַ שטרייט פון „קלאַס מיט קלאַס״.
די מאַמע וויינט, דער טאַטע צאָרנט:
— „וואָס איז פון אונדזער וועלט געוואָרן,
ווען קעגן צאַר און קעגן טראָן
ז׳אַרוים מיין זון מיט רויטער פאָן?״ —
ווען מ׳האָט דעם תּכשיט אין חד־גדיא
אַריינגעפּעקלט מיטאַמאָל —
דער טאַטע האָט אַ שלל באַצאָלט
אים ראַטעווען אַזש קיין קאַנאַדע.

1) כּבוד. 2) שטעטל לעבן אָדעס, באַרימט מיט טרויבן.

פון דאָרט ז'ער קיין ניו־יאָרק אַוועק —
און באַלד געשטעלט זיך נייען רעק.

.6

פאַרבליבן איז די בת־יחידה,
דאָס טעכטערל — אַן אבן־טוב.
שמואל־אַבאַ חלומ'ט פון אַ שידוך:
אַ גאַנצן דאָקטאָר־פילאָזאָף.
געהייסן האָט דאָס מיידל מלכה.
און שיין געווען איז זי, ווי באַלקיס: 1)
די אויגן — בלוי און שוואַרץ — די האָר,
אַ טרוים, וואָס שפּאַנט־אום אויף דער וואָר.
ס'איז מלכה פול מיט רייץ און תמימות,
ניין, נישט קיין מיידל — אַ פּאַרשוין —
אין שטעטל'ס דימענטענער קרוין
איז זי דער לויכטנדיקסטער דימענט.
נישט פון שידוכים איז איר טרוים:
אויך זי פאַרלאַזן וויל די היים.

.7

געהאַט צום זינגען אַ נטיה
האָט מלכה — ממש נאָך פון וויג.
זיך איינגעשפּאַרט: זי וויל קיין קיעוו
און דאָרטן לערנען זיך מוזיק.
געחלומט: אין די שטעט די גרויסע
דאָס לעבן שוימט — אַ פולע כוסה,
מיט וויינען ברויזנדיקע קוועלט —
אַ רייכע, אויסטערלישע וועלט.
עס האָט דער אַכצנטער שוין פרילינג
מיט רויזנצוויטן אָפּגערוישט,
אין ליבע'ס גאָלדיק־זיסן לויש
געבענקט האָט מלכה נאָך דערפילונג,
מיט שרעק, מיט האָפענונג און פּיין
געקליבן זיך אין וועג אַריין.

.8

די מאַמע זעט: עס קוואַרט דאָס מיידל,
ווי עפּעס פייניקט שטיל איר זעל,
פאַרפירט אַ שמועס זי מיט איר איידל:
— „יאָ, זאָג מיר, טאָכטער, וואָס דיך קוועלט?
נישט זאָרג זיך, ליבע, שיינע מלכה:
אַ מויד אַזאַ מיט אַ סמעקאַלקע,

1) מלכה־שבאָ.

א טעכטערל — אזא מין קרוין —
וועט קריגן אומעטום איר לוין.״ —
האט מלכה׳לע זיך טיף פארטרייטלט —
א פרומע כלה — צום באדעק:
— „מיין הארץ איז, מאמע, פול מיט שרעק.
נאר כ׳בענק אזוי נאך וועלט נאך ברייטער.
אין שפאלקע אלץ איז בלאטיק-גרוי,
אין קיעוו שיינט דער הימל בלוי.

.9

די מאמע וויל דערפון נישט הערן:
— „וואס הייסט, א מיידל — אין דער פרעמד?
וואס קאן פון איר, חלילה, ווערן?
זאל מציל זיין אונדז דער בעל-שם!״ —
זי שלאפט קיין נעכט נישט, שעפטשעט תפילות,
דערציילן וואגט זי נישט אפילו
דעם מאן, שמואל-אבא׳ן, וועגן בראך,
זי לייגט עס אפ אויף איפדעוואך.
און מלכה גייט-אום, ווי א חולה:
— „דו רעד זיך מיטן טאטן דורך,
ער האט אן איידעלע נאטור,
איז אפשר וועסטו ביי אים פועל׳ן.
און טאמער איז זיין הארץ, ווי בליי,
קיין קיעוו פאר איך סיי-ווי-סיי.״ —

.10

ווען שרה׳לע האט פון איר מלכה׳ן
אזוינע ווילדע רייד דערהערט,
האט זי פארשפארט זיך אין איר אלקער
און דארט א גאנצן טאג געקלערט.
פארנאכט איז זי מיט אויגן רויטע
ארויס צום מאן. גערעדט האט וויטיק
פון יעדן ווארט, פון יעדן בליק:
— „שמואל-אבא, ס׳מיידל וויל מוזיק.
וועט אפשר העלפן דער באשעפער,
מיר האבן דאך א גרויסן גאט:
ווער וויים, ס׳קאן זיין, אין גרויסער שטאט
דאס מיידל וועט איר זיווג טרעפן?...״ —
געהערט האט שרה דורך טומאן,
ווי שנעל ס׳האט איינגעשטימט דער מאן.

## ב. בוזיא יעלין

.1

ס׳רווישטקיעוו־ שטאָט. ס׳איז ניינצן־זעכצן,
דאָס צווייטע יאָר פון פעלקער־קריג,
די זעלנער בלוטיקן און קרעכצן —
מע זעט נאָך אַלץ נישט אָן קיין זיג.
און מלכה בליט, ווי אַ וואַזאָנע.
זי הייסט נישט מלכה מער, נאָר מאָנאַ,
יאָ, מאָנאַ אַבאָוונאַ כאָראָל,
אַ נאָמען — ממש אַ פּאַראָל.
ס׳איז לייכט אויף קורסן די "אוטשאָבע" 1) —
און יעדער טאָג — אַ פאַקל — ברענט.
און פון פּראָפעסאָר ביז סטודענט
באַהאַנדלען זי, ווי אַן „אָסאָבע". 2)
און צווישן פלירטן און מוזיק
זי שווימט אַרום אין ים פון גליק.

.2

ווען מאָנאַ לאָזט זיך אויף „קרעשטשאַטיק" 3)
אַרוים אויף נאַכטיקן שפּאַציר,
איז וואו אַ פּראַנט און וואו אַ סטאַטיק,
זיי שוועבן אַלע אַרום איר.
די הויכע קלימפּערן אָפּצאַסן.
די מיידלעך מיט די יינגלעך שפּאַסן:
פון יעדן בליק און קאָמפּלימענט
דאָס האַרץ אין פלאַקער־פייער ברענט.
נאָר טויב איז זי צו קאָמפּלימענטן
אויף נאַכט־שפּאַציר, צי אין דער היים:
אַ שלאַנקער בחור, ווי אַ טרוים,
האָט מאָנאַ׳ס מיידל־האַרץ געפּענטעט.
מע רופט אים בוזיאַ, צי באָריס,
אַ נאָמען — דופּטיק, ווי נאַרציס.

.3

געווען פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
איז בוזיאַ עלטער מיט דריי יאָר.
און נישט געאָנט: פון טרוים און וואונדער
וועט ווערן וואָר פון מאַסן־מאָרד.
זיין וויג אין גראַיעוו איז געשטאַנען,
נאָר ס׳איז געקומען קריג יאַפּאַנער,

1) לערע. 2) פּאַרשוין. 3) הויפּטגאַס אין קיעוו.

װען ב ו ז י א ז׳קוים געװאָרן אַכט,
האָט פֿאָטער אים קײן קיעװ געבראַכט.
געהײסן האָט דער פֿאָטער א ה ר ן,
די מאַמע — צירל: שײן, װי גאָלד,
געהאַנדלט האָט מען אויף „פּאָדאָל״ 1)
מיט לײכטער, לעמפּ און סאַמאָװאַרן.
און װי די לעמפּ, דאָס לעבן לײכט,
און אײדער װאָס — מע איז שױן רײך.

.4

דאָס לעבן לויפֿט מיט טראַקט מיט שנעלן,
דער רײכער פֿאָרט אין פֿאַעטאָן.
א ר ק א ד י א ָ ס י פ ּ א ָ װ י ט ש י ע ל י ן,
דער סוחר — זיצט שױן אויבנאָן.
און צ י ר ל הײסט שױן מער נישט צ י ר ל,
פֿאַרקערט מיט אַדל בלויז און גבירים,
זי טראָגט שױן גאָלדענע פּענסנע —
צ ע צ י ל י א ל ו א ָ ו נ א — סיל װאו פּלע! 2)
געקױפֿט אַ הױז זיך אויף „קרעשטשאַטיק״,
דעם זון, ב א ָ ר י ס, זײן אײנציק קינד,
געשיקט זיך לערנען מעדיצין.
נאָר ב ו ז י א װאַקסט אַ יונג — אַ סטאַטיק:
ער האַלט גאָר װײניק פֿון „מיקסטור״,
זײן גרויסער חלום איז ס ק ו ל פּ ט ו ר.

.5

װען ס׳האָט דער טאַטע א ה ר ן י ע ל י ן
געשיקט אים לערנען מעדיצין,
האָט ער זיך אים אַנטקעגנשטעלן
נאָך נישט געװאַגט, געפֿאָלגט אים בלינד.
נאָר אָפֿט געזעסן בײַ דער פּיאַנאָ,
פֿאַרװיגט אין בלױלעכע טומאַנען,
געשפּילט מאַזורקעס פֿון ש א ָ פּ ע ן
מיט אײדעלע און פֿלינקע הענט.
ער האָט געפּײַנט זיך און געצװײפֿלט:
װאו װעט זײן האַרץ געפֿינען גליק —
אין דער סקולפּטור, צי אין מוזיק?
נאָר זיכער: ר׳װעט נישט זײן קײן רופֿא.
געטרוימט: דעם קינסטלער׳ס העכסטער לוין —
מ ו ז י ק פֿאַרקערפּערן אין ש ט ײ ן.

---

1) אָרעמע געגנט אין קיעװ. 2) ביטע.

.6

און אָפּט, פאַרשטיקט אין „אַנאַטאָמקע",1)
ביים פאַלמעסן אַ פרישן מת,
האָט ער — אין הענט פּינצעט און שוואָמקע —
געטראַכט, צעשטרייעט און נערוועז,
צו׳ר שטוינונג פון זיין שטרענגן לערער,
גע׳חלום׳ט, ווי אַמאָל ס אַ ל י ע ר י,2)
מיט פרייד און ווייטיק און פאַרטרוי
די פאַרבן פאַלמעסן אַזוי.
און נאָכן קלאַס פלעגט דער פּראָפעסאָר
אים נעמען אויפן צימבל אָפּט:
— „איך זע, ס׳וועט זיין פאַר אייך אַ שטראָף
די מעדיצינישע פּראָפעסיע!" —
און ב ו ז י אַ — ווי אַ רויטער צוויק —
ער טראַכט פון ביוסטן און מוזיק.

.7

פאַר מאַמע׳ן פלעגט זיך קלאָגן ב ו ז י אַ
נאָך טאָג אין אוניווערסיטעט:
— „איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַן אילוזיע
דער טאַטע האָט זיך איינגערעדט:
כ׳מוז דווקאָ זיין אַ מעדיצינער,
ווען ס׳ליגט מיר נישט אין מינדסטן זינען
כסדר זוברעווען לאַטיין.
כ׳וויל, מאַמע, גאַר אַ סקולפּטאָר זיין." —
די מאַמע פלעגט אים שטענדיק טרייסטן:
— „ביזט נישט גערעכט, מיין ליבער זון —
אַ דאָקטאָר זיין איז אויך אַ קונסט!" —
פלעגט ער אַ בייל־טאָן זיינע פויסטן,
אַ שויבער־טאָן זיין ברוינעם טשוב,
און ווי אַ ווינט, אַרויס פון שטוב.

.8

אויף ווינטער־גאַסן פלעגט באַפאַלן
דער גלאָקן־קלאַנג אים: „טילי־בום" —
דאָס האָט די אַלטע קאַטעדראַלע
באַגעגנט אים מיט הייל־געברום.
און כאָטש געשפּירט האָט ער פאַגראָמען,
בלבולים און עלילת־דמים

1) דאָס פּלאַץ, וואו מע פאַלמעסט מתים פאַר מעדיצינישער שטודיע.

2) באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר.

אין איר שאַלקהאַפּטיקן געקלאַנג,
איז ער געשטאַנען, ווי אין טראַנס,
באַצויבערט פון די גאָלד׳נע טענער —
און פלעגט אויף גאַסן, ווייס-פאַרשנייט,
אַ דורכגעדרונגענער פון פרייד,
זיך אָפּגעבן דעם קלאַנגען-פלען ער —
און ס׳האָט אין אים געפירט אַ קריג:
די יידן-שרעק און די מוזיק.

.9

מיט ברוינעם קוטשער, ווי אַפּאָלאָ,
שפּאַנט בוזיאַ איבער קיעוו אום.
זיין טרוים: „כודאָזשעסטווענאַיאַ שקאָלאַ״ —1)
דאָרט וועט ער גרייכן זיין טריאומף.
דערווייל ער מוז אין „אַנאַטאָמקע״ —
אין פלינקע הענט: פּינצעט און שוואָמקע —
די קערפּערס פּאַלמעסן בייטאָג.
נאָר אָוונט קומט — און אויפן ראָג
פון העל-באַלויכטענעם „קרעשטשאַטיק״
ער לאָזט מיט חברה זיך „באַהעם״
אין גלי פון גרין-און-ראָזע לעמפּ
צו מאַסקן-באַל, צי אין טעאַטער.
און ס׳ברענט דאָס לעבן, ווי אַ שייט,
פון אַלע פענטעם זיך באַפרייט.

.10

און אָפט אין קעלער פון זיין דירה
פאַרקלייבט זיך בוזיאַ איין-אַליין.
ער שפּירט דעם רוף פון גאָט׳ס יצירה —
און ס׳האַקן פינגער האַרטן שטיין.
ער טרוימט: מיט האַמער און מיט ציזל
וועט ער אַמאָל פון האַרטן קיזל
אַרויסהאַקן אַ פרוי — אַ טרוים,
ווי ווענוס שפּאַנט אַרויס פון שוים.
דער טאַטע ווייט איז נישט צופרידן:
ס׳געפעלט אים נישט זיין בוזיאַ׳ס גוסט.
ער האַלט, אַז די סקולפּטור איז שטות —
ס׳איז קיין פּראָפעסיע פאַר יידן.
און בוזיאַ שווייגט — און וואַרט און וואַרט.
ער ווייסט, ר׳וועט אויסמיידן דעם גזר.

1) שול פון מאָלעריי.

## ג. ערשטע ליבע

1.

ווען בוזיא מאַנאַ׳ן האָט באַגעגנט
ביים יערלעכן סטודענטן-באַל,
האָט ער דערפילט אין יענער רגע,
ווי ס׳האָט זיין האַרץ געטאָן אַ פאַל.
געקליידט איז זי, ווי דולציניע,
אויף איר געזיכט — אַ דינער שלייער.
און ער — אין לאַנגן רעדינגאָט —
געקליידט, ווי ריטער דאָן-קיכאָט.
ער קוקט באַצויבערט אויף איר פנים,
און ווי אַ קוועלכל, ס׳קול איר׳ס פליסט:
— „ווי רופט מען, מאַסקע, דיך?” — „באָרים!”
— „און דו ווי הייסט?” — „מע רופט מיך מאַנאַ!” —
און ס׳האָט דער נאָמען אויף איר ליפּ
דעם גורל זייערן פאַרקניפּט.

2.

ר׳איז שטיין געבליבן אין בהלה,
ווי אַ פאַרגאַפּטער — שטאַר און שמום:
— ׳זי איז דאָס מיידל פון מיין חלום,
׳שוין יאָרן לאַנג, ווי כ׳זוך זי אום...
׳יאָ, ס׳לעבן פול איז מיט סורפּריזן!
׳מע רופט זי מאַנאַ... מאַנאַ-ליזאַ!׳ —
ער שטייט פאַר מיידל, ווי פאַרשטאַרצט,
ווי ס׳וואָלט זיך אָפּגעשטעלט זיין האַרץ.
דעם גאַנצן אָוונט פון דעם מיידל
נישט אָפּגעטראָטן איז באָרים,
פאַרשייטע רייד געשעפּטשעט זים —
און נישט געקאָנט פון איר זיך שיידן.
און מאַנאַ האָט אין ליבע-בלענד
געלאָזט זיך פאַנגען אין זיין פלען.

3.

ס׳איז נאַכט און פרילינג און לבנה.
דאָס יונגע בלוט — ווי הייסער ספּירט.
געהאַלטן שלעכט דעם סוד האָט מאַנאַ,
דעם סוד האָט בוזיאַ שנעל דערשפּירט.
דער פרילינג פליצט פון אַלע שליוזן —
און מאַנאַ קושט זיך מיט איר בוזיאַ׳ן

אויף באַנק אין פּאַרקל ביז קאַיאַר,
ביי דעם „וולאַדימירסקי סאָבאָר".
די פרילינג-פרייד האָט זיך צעגאָסן
אַריבער גאַס און טראָטואַר:
— „אָ, מ אַ נ אַ, דיר געהערט מיין הארץ!" —
— „אָ, ב ו ז י אַ, זיי מיין חתן!" —
אין יענעם פרילינגשן קאַיאַר
האָט זי געגעבן אים איר וואָרט...

.4

ווי אַנדערש, אַנדערש שפּאַנט אַ חתן
אַהיים אין פרילינגשן באַגין!
אין יענע טעג האָט ער באַשלאָסן
באַשטימט אַוועק פון מעדיצין.
ס'איז צייט פאַרווירקלעכן זיין חלום:
ר'וועט אין „כודאָזשעסטווענער שקאָלע"
פאַרשרייבן זיך צום ווינטער-זמן,
טראָץ טאַטע-מאַמע'ס ווידערשטאַנד.
אָ, טעג, ווען ס'נענט שוין דער קאַניקול,
די יוגנט קלייבט זיך שוין אַהיים —
און שטוב און גאַס און פּאַרק און בוים
פון פרילינג-ריחות זיינען שיכור.
אין ב ו ז י אַ'ס הארצן יערט די שרעק:
זיין מ אַ נ אַ קלייבט זיך שוין אין וועג.

.5

ווען מ אַ נ אַ איז אַוועקגעפאָרן,
האָט ב ו ז י אַ ערשט זיין בראָך דערפילט:
געברענט זיין הארץ האָט, ווי אַ דאָרן,
אין שלייפן האָט געהאַמערט ווילד:
ער שילט זיין אומעטיקן גורל:
— 'און טאָמער האָב איך זי פאַרלוירן?
'און טאָמער קומט זי נישט צוריק?
'אַדיע אויף אייביק רו און גליק!' —
ער האָט קיין וואָרט נישט טאַטע-מאַמען
ביז איצט פון מ אַ נ אַ'ן נישט דערמאָנט.
אויף גאַנצע טעג, מיט דלאָט אין האַנט,
פאַרשלאָסן זיך אין קעלער-קאַמער —
און דאָרט האָט ס'יונגע הארץ געוויינט
מיט קלעפּ, ווי טרערן, אויפן שטיין.

## 2. אין שטעטל

### א. דער פעטער משה

.1

אין הארצן טאטשעט, ווי א ווארעם.
ער שפאנט ארום, ווי אין דעליר:
— ׳געוועזן באדארפט איר נאכצופארן —
׳און שוין נישט אפטרעטן פון איר,
׳און פרעגען זי מיט ווערטער הארבע,
׳צי וויל זי, כ׳זאל פון וויטיק שטארבן?
׳ווער האט געגעבן איר דאס רעכט
׳פאר׳סמ׳ען מיינע טעג און נעכט?׳ —
ביז ס׳האט די מאמע פריער־שפעטער
דערשפירט איר בוזיא׳ס גרויסן בראך:
— „ווייסט וואס, באריס, נאך איפדערוואך
קיין גראיעוו פאר זיך דורך צום פעטער,
פארברענג א חודש, אפשר מער.
געפעלט דיר נישט — קום צ׳ריק אהער.

.2

און בוזיא האט געפאלגט דער מאמע׳ן:
פארוואר, ס׳איז נישט קיין קרומע זאך!
האט ער פארפאקט זיין דלאט און האמער —
און ווי פון שווערן שלאף דערוואכט.
ס׳האט בוזיא ליב זיין יונגען פעטער:
נישט איין שוין זומער אין זיין שטעטל,
אין גראיעוו האט פארבראכט באריס,
דאס לעבן דארט — א פאראדיז.
דעם טאטן טוט עס נישט געפעלן,
וואס ס׳פארט דער זון צום שוסטערוק,
נאר צירל גיט אויף אים א הוק:
— „ארקאדי אסיפאוויטש יעלין,
מיין ברודער ז׳אלץ, וואס איך פארמאג —
צו אים פארט בוזיא היינט בייטאג.״ —

.3

קיין גראיעוו מיטן צוג דעם שנעלן —
א פאר בלויז שעה׳ן — גאר נישט וויט.
פארטיפט אין זיך, האט בוזיא יעלין
לחלוטין נישט באמערקט די צייט.
ס׳איז גוט אין יון אוועקצופארן
פון גרויסער שטאט, וואס ברענט — א דארן

אין מדבר־זאַמד פון טיל־און־תל —
צום גאָרטן פון גאָט׳ס שיינער וועלט.
ווי שיין ז׳אוקראַינע אָנהויב זומער,
ווען ס׳שמעקט דער סאָד מיט ווײַנשל־צווײַט,
ווען פויגל פּרוּווט־אויס ס׳ערשטע ליד
און ס׳פעלד אַ טעפּיך איז פון בלומען.
נאָר בוזיאַ קוקט נישט אויף גאָט׳ס פּראַכט.
ער זיצט אין באַנצוג טיף פאַרטראַכט:

.4

— „מיין יונגער פעטער ז׳נישט קיין עושר,
אַ ייד — אַ קבצן, אַ בעל־מום,
און הייסן הייסט ער חיים־משה,
און איזן איז ער ווייט פון פרום.
פאַרקערט, ער איז אַן אַפּיקורס,
ווייל ס׳האָט ירושה פון די דורות
אים נישט געהאַלטן אין איר קלעם,
ער האָט געהאַט אַ שלעכטן שם.
געווען איז פרום דאָס שטעטל גראַיעוו,
אין יעדער „ווילִיצע״1) — אַ קלויז,
און קוים האָט ווער גע׳ספק׳ט בלויז,
איז ער געווען שוין כולו־חיב.
נאָר משה איז אַ יונג — אַ גבר,
האָט אים דער שם־רע נישט געאַרט.

.5

— „געווען דער פעטער איז אַ יתום,
געהאַט אַ שטיף־מאַמע — אַ שלאַק,
האָט ער געפּראַצעוועט ביי יאָסל׳ען
מעת־לעת׳ן שווערע אין „טאַרטאַק״.2)
געליבט זיך מיט אַ מיידל זלאַטע
פון זעלבן שטעטל — גאָר אַ סטאַטיק,
געהאַלטן האָט שוין אויף אַ לאַד —
געמוזט אַוועק פאַר אַ סאָלדאַט.
האָט אָפּגעדינט דריי יאָר ער „פאָניע׳ן״3),
זיך אויסגעלערנט שוסטעריי,
געטרוימט פון זלאַטע׳ן אויף דער פריי.
געקומען קריג איז מיט יאַפּאָניע —
איז ער מיט זעלנערשן געפּעק
אַזש קיין מאַנדזשוריע אַוועק.

---

1) גאַס. 2) געהילץ־פאַבריק. 3) צאַרישע רעגירונג.

.6

— „האָט משה וואַכן זיך געטיאַפּקעט
אין בלאָטעס בלוטיקע און שניי,
געזען, ווי ס׳פאַלן אויף די סאָפּקעס 1)
חברים זעלנער, ווי די פליי.
אין פלאַם און פייער פון מלחמה
געוויינט אין אים האָט די נשמה,
געבענקט נאָך זלאַטע׳ן ביים קאַנאָן,
געשיקט איר בריוועלעך פון פראָנט.
באַקומען זעלטן ווען אַן ענטפער.
געוועזן איז ער פון בענקשאַפט קראַנק.
ביז אין דער שלאַכט ביי ליאַאָיאַן
אַ פוס פאַרלוירן האָט דער קעמפער.
מיט ביידע פיס אַוועק אין קריג —
מיט איינעם בלויז געקומען צ׳ריק.

.7

— „אין קיעוו ז׳אָפּגעלעגן משה
אין לאַזאַרעטן וואָך נאָך וואָך,
געטראַכט פון זלאַטעניו׳ס אַנטוישונג,
ווען זי וועט זען איר חתנ׳ס בראָך:
— ׳אַוועק אין קריג מיט צוויי רגלים —
׳און צ׳ריקגעקערט אַהיים פון פייער
׳מיט אַזאַ פינצטערן פאַרלוסט:
׳אַראָפּגעשאָסן אים אַ פוס...׳ —
און ענדלעך איז געקומען זלאַטע
פון שפּאַלקע, אין איר מאַמע׳ס שאַל —
און אים געפאַלן אויפן האַלדז.
מיט שאַרסטקע פינגער, ווי שפּאַגאַטן,
געגלעט זיין פנים: — „משה־קרוין,
איך וועל מיט דיר צו׳ר חופּה גיין!” —

.8

— „חדשים זעקס איז אָפּגעלעגן
דער פּעטער משה אין שפּיטאָל,
ביז מ׳האָט אַ הילצערנעם, אַ רגל
אים צוגעפּראַוועט — פעסט, ווי שטאָל.
איז ער קיין גראַיעווע מיט זלאַטע׳ן
צוריקגעפאָרן, ביי איר טאַטן
געשטעלט אַ חופּה — לויט געזעץ —
און דאָרט אויף שטענדיק זיך באַזעצט.

---

1) בערגלעך אין מאַנדזשוריע.

גערונגען זיך אַן אָרעם שטיבל
מיט קליינע אַלקערלעך מיט דריי,
זיך איינגעשטעלט אַ שוסטעריי —
און ס׳איז אויף אייביק אים פאַרבליבן
אַ נישט־געשטילטער בייזער האַס:
צום נגיד און צו „פּאַניע־קוואַס״.

.9

— „דאָס לעבן האָט ביים פעטער משה
זיך איינגעשטעלט אי וואויל, אי גלאַט.
געהאַט האָט ער בלויז איין אַנטוישונג:
זיין ווייב ט׳קיין קינדער נישט געהאַט.
איז ער געוואָרן מער פאַרביטערט,
אויף אַלץ געקוקט מיט כעס און ביטול,
אין קלויז מער נישט אַריינגעשמעקט.
פון פרומע לייט געשפּיגן קלעק.
אַז ס׳פלעגט אַמאָל אַ זאָג־טאָן זלאַטע:
— „די שטאָט דיך האַלט פאַר אַ טשודאַק!״ —
האָט ער געענטפערט: — „דער פרומאַק,
אַ רוח אים אין טאַטנס טאַטן!״ —
און ס׳פלעגט זיין האַמער — בייז און דול,
אַ דונער־טאָן אויפן קאַפּול.״ —

.10

אַזוי געטראַכט האָט בוזיאַ יעלין,
דער יונגער קיעווער סטודענט,
ווען ער האָט מיטן צוג, מיטן שנעלן,
צום שטעטל גראַיעוו זיך גענענט.
פון פעטער משה׳ס לעבנס דראַמע
האָט לאַנג דערציילט אים שוין די מאַמע
און צוגעכליפּעט מיט פאַרדרוס,
ווען ז׳האָט דערמאַנט דעם פעטערס פּוס.
געוועזן איז בוזיאַ דאַן אַ צוציק,
ס׳האָט אין זכרון זיך געפּאָרט:
יאַפּאַנער קריג מיט „פינפטן יאָר״,
צוסימאַ־שלאַכט 1) מיט רעוואָלוציע.
אין קינדער־יאָרן אָפּט די זון
איז בלויז אַ פאַרביקער באַלון.

---

1) די גרעסטע ים־שלאַכט אין רוסיש־יאַפּאַנישן קריג.

.11

ס׳איז בוזיא נישט געווען אין שטעטל
דריי יאָר, צי אפשר גאַנצע פיר.
איצט פאָרט ער ווידער צו דעם פעטער
שוין אין סטודענטשעסקי מונדיר.
געווען איז דאָס אין ניינצן־זעכצן,
ווען ס׳האָט דער שר פון בייז און שלעכצן
אין דריטן יאָר פון פעלקער־קריג
געהערשט אין בלוטיקן צעוויג.
אין גרינעם „פאַרמענעם" קאַשקעטל
אויף אַ רעסאָרנעם פאַעטאָן
איז מעשה־פריץ — אויבנאָן
אַריינגעפאָרן ער אין שטעטל.
געווען איז ערב־שבת שוין —
און ס׳האָט געשמעקט מיט פיש און כריין.

.12

ווער האָט געזאָגט, ס׳איז שטעטל אָרעם?
ווער האָט געקלאָגט אויף שטעטל׳ס בראָך,
ווען יום־טוב שיינט, ווי אַן עטרה,
און ווי הבדלה־ליכט — די וואָך?
ס׳איז שיין ס׳אוקראַיניש שטעטל גראַיעוו,
וואו יעדער הויז — אַ פולער שייער,
וואו ס׳איז דער דלות אויסגעצירט
אין בגדי־שבת פון דעם גביר.
מיט לונגען אָטעמט בוזיא פולע
די ריחות פון דעם וואַלד און פעלד —
און ס׳גייט אַ ניגון אויף און קוועלט
און שוימט אַריבער אַלע גבולן,
אָט־דאָ געשטאַנען איז זיין וויג —
און פול איז ער מיט פרייד און גליק.

.13

פון בערגל שפּאַנט דער ערב־שבת,
ווי מוטער רחל — מיט אַ קרוג.
די גבירה׳טע — ס׳ווייב פון חיים גבאַי,
האָט לאַנג דעם טשאָלנט שוין פאַררוקט.

עס איילן זיך פון מאַרק די גויעס.
אַ ייד מיט טריפנדיקע פאות
פון מרחץ שפּאַנט — און ביי זיין זייט
אַ יינגל גאָנערט זיך פאַרשייט.
עס שליסן זיך מיט רעש די קלייטן,
די יידן איילן זיך אַהיים —
און ס'שפּראָצן שוין אויף קוסט און בוים
די פרומע, שבת'דיקע קוויטן.
מע שטעלט זיך אָפּ אויף שוסטער-גאַס:
— „ר' משה, ליב איך מיט אַ גאַסט!" —

.14

דער פעטער הויבט זיך אויף פון בענקל,
פאַרשאַרצט דעם פאַרטעך אויף די קני:
— „ווי לאַנג איז שוין, אַז בוזיאַ-בענקאַרט
איז נישט געווען ביי אונדז דאָ-הי?
דריי יאָר, צי פיר? צי גאַנצע פינעף?" —
עס טוט זיך משה אַ פאַרכלינע
און גיט אין פּלייצע, אים אַ זעץ:
— „זע, זלאַטע, ס'אַרא בחור'עץ —
כאַטש נעם און פיר אים צו דער חופּה!" —
און זלאַטע קוקט פאַרווירט און שטום
און דעם פּלימעניק נעמט אַרום.
און משה גיט אַ וואָרף אויף קופּע
דעם פאַרטעך לעדערנעם מיט האַסט:
— „נו, גרייט דעם אַלקער פאַרן גאַסט!" —

.15

די מומע זלאַטע איז אַ בריה,
איר קאָכן האָט אַ שם דאָ-הי:
פאָר-אויס די רוסישע אימפּעריע —
נישטאָ אַ צווייטע נאָך ווי זי.
און צוגעגרייט האָט זי אַ שבת,
וואָס פּאַסט פאַר עושר, חיים-גבאי:
אַ קאַרפּ, אַ יאַיכל מיט אַן עוף,
אַ טשאָלנט, ווי אַן אבן-טוב,
אַ פעטן קוגל — ווי אַ קעניג,
אַ צימעסל פון פּאַסטערנאַק.
דער פעטער משה „רייבט" געשמאַק
און קוקט מיט ביטול אויף פּלימעניק:
— „אַ מת זעט-אויס פונקט ווי ער עסט —
און דו בייזט, דוכט זיך, נישט קיין מת!" —

## ב. אין שול

**.1**

דאָס שטעטל, וואו געוווילט האָט ב ו ז י אַ,
געווען איז קליין, נאָר מלא־חן:
צעווישן פעלדער קוקורוזע
געשטאַנען איז עס אויף אַ פּלוין.
מיט בערגלעך גרין אַרומגערינגלט,
מיט שליאַכן — ווי מיט ווייסע פינגער,
וואָס פירן: איינער צו דער באַן,
דער צווייטער — צו דעם וואַלד פון פאַן.
און יידן האַנדלען דאָ מיט לעדער,
פאַרהאָרעוועט פון פרי ביז שפּעט,
מיט אויבסן פון די רייכע סעדער.
מיט מעל, „שטשעטינע״ 1) און „טאַנדעט״ 2),
מיט גאָלד׳נע תבואות פון פולוואַרק —
און ס׳פּליסט די שפע איבער מאַרק.

**.2**

אויף הויכע, שטאָלצע קאַמעניצעס,
אויף כאַטקעלעך, געדעקט מיט שטרוי,
אין קליידער זיידענע מיט שפּיצן
שפּאַנט מלכה־שבת — גאָלד און בלוי.
די בענטשליכט צינדן זיך אין שטיבער.
און שטאָלץ — ביחידות און בציבור —
מע לאָזט זיך גיין אין שול אַריין.
די לופט — ווי אויסגעקלאָרטער וויין.
די מיידלעך זיצן אויפן גאַניק
און קנאַקן „סעמיעטשקעס״ 3) מיט פרייד.
זיי קוקן, ווי די זון פאַרגייט —
און טרוימען חלום פון חתנים.
אויף באַלקן, גאַניק, דאַך און סלופּ —
די שכינה רוט אויף יעדער שטוב.

**.3**

די פּאָר לימודים, וואָס אין חדר
האָט ב ו ז י אַ בלויז געטאָן אַ שמעק,
האָט ער פאַרגעסן לאַנג שוין, איידער
ער איז פון ג ר אַ י ע ווע אַוועק.

---

1) חזיר־האָר. 2) גרייט־גענייטע קליידער. 3) קערלעך.

און דאָך — פאַר יינגליש־הייסע אויגן
האָט, ווי קאָלירטער רעגנבויגן,
אָפּט אויפגעטויכט אַ שטעטליש בילד:
אַ באַלקן, פון דער זון באַגילדט,
דעם רבינ׳ס באָרד, דעם יידנ׳ס זמירות,
פון לייכטער זילבערנע דער בלענד,
דער מאַמע׳ס פליגלדיקע הענט,
דער מומע׳ס קול ביי „שיר־השירים״ —
און איבער אַלץ האָט שטיל געשוועבט
אַ ניגון, ווי אַ רויך אין סטעפּ.

.4

ר׳געדענקט: דער טאַטע יעדן שבת
אין שול פלעגט מיטנעמען דעם זון.
דאָס יינגל זאַפּט־איין אויף די שטאַבעס
די גאָלדנע שטראַלן פון דער זון,
דעם בלענד פון זילבערנע עטרות,
ס׳געזאַנג פון חזן מיט משוררים,
דעם יינגל׳ס קלינגענדיקן „אַלט״,
וואָס האָט דעם חזן איבערשאַלט.
ער קוקט פאַרווירט אויף דעם פּרוכת —
און זעט אין דמיון: אויף אַ באַרג
ער הויערט, שעפּעריש און שטאַרק,
דער גאָט פון צאָרנדיקער תוכחה.
ער שפּירט: געפינען וועט זיין דלאָט
ס׳געשטאַלט פון מדבר׳דיקן גאָט.

.5

און איצט אין שטעטל אויף קאַניקול
האָט בענקשאַפט זיך אין אים דערוועקט:
ער וויל געפינען דאָ אַ תיקון
פון זיינע ווייטע יוגנט־טעג.
ר׳קאָן ניט פאַרשטיין זיין פעטער משה,
וואָס יענער פול איז מיט אַנטוישונג.
מיט צאָרן, ביטול, ביטערניש
אַנטקעגן „מאַכט פון פינצטערניש״,
אַנטקעגן יעדן דאָ כלי־קודש.
ער טראַכט: — ׳וואו איז דאָ דער רעזאָן?
׳וואָס האָבן זיי אים אָפּגעטאָן,
׳וואָס ר׳ווייכט פון זייער „לכה־דודי״?׳ —
נאָר וואָס דער פעטער זאָל נישט זיין,
ער, בוזיאַ, גייט אין שול אַריין.

## ג. אַ יריד אין שטעטל

**1.**

די שטעלכלעך פול מיט דיניעס סיפּקע,
מיט ליימענע, געשטרייפטע פיפקעס,
ס׳האָט בוזיאַ ליב אין ראַשע מאַרק־טעג
אַרוים פון פעטער׳ס שוסטער־גאַס,
אין מויל — אַ דינינקע ציגאַרקע,
אַרומצוישליאַיען פוסט־און־פּאַס.
אינמיטן מאַרק — ביז שוועל פון קלויסטער,
אין מולטי־פאַרביקייט צעברויזטער —
רונדוקן, אויפגעשטעלט אויף שנעל,
און זיי — עשירות פון דער וועלט :
סאַפּילקעס, פּאַטשערקעס און קרעלן
און סטענגעס, פּאַסטעלעס און טעפּ
און געלע, גלאַנצנדיקע קנעפּ
אויף אָפּגעכוימעלטע שינעלן,
און ס׳בלענדט דאָס פויעריש געפּעס,
געבראַכט פון קיעוו און אָדעס.

**2.**

אויף קאָבזעס רימפּלען די קאָבזאַרן
דאָס ליד פון בעטלערישן צער.
זיי פּרעפּלען תפילות און זיי שטאַרן
מיט בלינדע אויגן אויפן מאַרק.
די הענט, פון זון צעברענט און ברודיק,
זיי שטרעקן־אויס : — „אָ, דאָברי ליודי,
פּאָדאַיטיע בובליטשקי, קאַלאַטש !
אָ, בובילאַטשקי, בובילאַטש !״ — (1
עס פּאַלן קאָפּיקעס און בייגל
אויף אויסגעהאָפּטענעס „רושניק״ (2 —
און ס׳מיניען דאַנקבאַרקייט און גליק
אין ווייסלען פון די בלינדע אויגן.
און בוזיאַ הערט אין זייער ליד
די פּיין פון מענטש — פון גוי און ייד.

**3.**

און בוזיאַ שפּאַנט, ווי זאַוואַראָזשעט,
צעווישן הויפנס לעדערוואַרג.
אויף דין־געפלאָכטענע ראָגאָזשעס —
קאָלירטע מאַקערטעס — אַ באַרג.

---

1) — „אָ, גוטע מענטשן, שענקט אַ בייגל, צי אַ קוילעטש !״ — 2) אַ האַנטוך.

מיט עפּל, באַרנעס און מיט קריפּ,
מיט שטיוועלעך מיט מאָדנעם סקריפּ,
מיט זיידענע, קאָלירטע ליענטעס,
מיט לאָדישעס מיט זויערמילך,
און מיט די רעמעלעך באַגלידט,
די בילדער פון די זיבן „שוויענטעס״.1)
און שטיקלעך „סאַלאָ״2) — חזיר־טריף,
און גאַנצע הורבעס געלע זייף.

.4

עס דרייט זיך איבער מאַרק אום בוזיא
און זאַפּט מיט יונגע לונגען איין:
דעם גרוך פון צייטיקע אַרבוזן,
דעם מאַרגנ׳ס שטראַלנדיקע שיין.
עס בלאַנקען שפּיגעלעך, ווי זונען,
און פענדלעך ווייען. ווי באַלונען,
און ס׳שעמערירן, לאַנג און שמאָל,
קאָלירטע „קניפּיקלעך״3) פון שטאָל.
עס הירזשען פערד און אָקסן סקריפּען —
און איבער וועגענער און קעפּ
צעשמייכלען זיך געגלייזטע טעפּ.
און בוזיא שפּירט אַלץ אויף די ליפּן.
ווי זיסן קאַלאַראַשער וויין —
די בלוי־סימפאָניע פון זיין.

.5

ער ציט אַרויס פון גרינעם רעקל
אַ געלן בלייפער און אַ העפט —
און ס׳פליען בליציק אין דער טעקע
טשיקאַווע בילדלעך אין געפּלעף.
ער הערט זיך איין אין דעם האַרמידער,
וואָס האָט דעם ייד און גוי פאַרברידערט,
צום זוניק־ליכטיקן צעברויז —
און שרייבט און צייכנט און מעקט אויס.
און מיטאַמאָל אַ וויסטער אומעט
מיט צוואַנגען נעמט אַרום זיין האַרץ.
זיין בליק ווערט אָפּהענטיק און שטאַר:
— ׳וואו איז מיין מאַנאַ היינגעקומען?
די זעלבע נאַכט ז׳ער מיט דער באַן
אַוועק קיין קיעוו, ווי אין וואַן.

1) הייליקע. 2) חזיר־פלייש. 3) קליינע מעסערלעך.

## 3. צעשטערטע פּלענער

### א. דער מאַמע׳ס עצה

.1

אוקראַינע ברענט אין פּעך און שוועבל
אַ לאַנגער, פלאַקערדיקער קנויט —
און הפקר איז דעם יידנ׳ס לעבן —
פון אַלע זייטן יאָגט דער טויט.
און שפּאַלקע ברענט אין העלע בראַנדן:
און וואָס אַ טאָג — אַ נייע באַנדע,
אַ נייער אומגליק — יעדע וואָך,
מע ליגט אויף בוידעם און אין ליאָך.
מע לויפט פון גראַיעווע קיין קיעוו,
מע לויפט פון שפּאַלקע קיין אָדעס:
און יידן וואַרטן אויף אַ נס,
און יידן חלומ׳ען פון ציון.
נאָר ווי: ווי כאַפּט מען זיך אַרויס
פון אָט דעם בלוטיקן צעברויז?

.2

ווען גויים שלאָגן זיך, ביי יידן
די טשובעס פליען אויפן ווינט.
ס׳גייט-אויס די גוישע מרידה
צו יידנ׳ס קעפּ — אין ווי און ווינד.
עס זוכן „ווייסע” 1) דורך פּאָגראָמען
אָן „רויטע” 2) פינצטערע נקמה —
און ס׳זאַפּט זיך אָן מיט יידיש בלוט
אוקראַינער ערד דורך שווערד און ברוט.
עס הוליעט איבער סטעפּעס שקורע,
פּעטליורע׳ס ווילדער אַטאַמאַן —
און ס׳איז קיין שפּאַלקע דער טיראַן
אַריין אין הפקר׳דיקן שטורעם:
דער ערשטער קרבן אין דעם בראָך
געווען איז מאָנאַ — טיף אין ליאָך.3)

.3

ס׳קאָן מאָנאַ נישט אַוועק פון שפּאַלקע.
זי דרייט אַרום זיך, ווי אין טשאַד.
דערשפּירט די מאַמע, אַז מיט מלכה׳ן
איז עפּעס, דוכט זיך איר, נישט גלאַט.

---

1) ווייס־גוואַרדייער. 2) באָלשעוויקעס. 3) טיפער קעלער.

אוועק אַ חודש, ס׳קומט דער צווייטער —
און מאַנאַ שפּירט מיט פּיין און ווייטיק:
זי טראָגט פון שקורע׳ן שוין אַ קינד —
אַ שטראָף וועט ווייסט פאַר וועמעס זינד.
די מאַמע זעט: ס׳גייט־אום איר טאָכטער —
אַ נעכטיקע, ווי אַן אַ קאָפּ.
זי גיט די דאַרע הענט אַ שאָב:
— „דו דרייסט זיך אום, ווי נישט־דערשאָכטן.
איך זע, אין האַרצן האָווקען הינט.
דערצייל, וואָס איז געשען, מיין קינד!" —

4.

ס׳האָט מלכה מער נישט קיין אילוזיעס,
זי גיט אַ טראַכט אין ווילדן וואָן:
— ׳איך מוז דערציילן, ס׳איז פון בוזיאַ׳ן,
׳ווי ס׳זאָל נישט פּיינלעך זיין די שאַנד.׳ —
האָט מלכה׳ע זיך שטאַרק פאַררויטלט,
מיט גרויל, מיט בושה און מיט ווייטיק
פאַרקרימט דאָס קליינע, זיסע מויל —
און אַלץ דער מאַמע׳ן, אַלץ דערציילט:
— „פאַרטאָג... מיט אים — מיין שיינעם חלום...
האָב איך מיט בוזיאַ׳ן... זיך געליבט...
און זיך פאַרגעסן... אַ, פאַרגיב!
און איצט איז פינצטער מיר מיין דאָליע...
איצט טראָג איך, מאַמע, בוזיאַ׳ס קינד...
נישט זיין ז׳די שולד, ס׳איז מיין די זינד." —

5.

און ס׳גיט די מאַמע אין פאַרצווייפל
אַזאַ פאַרבראָך די דאַרע הענט:
— „אַזאַ רוצח, אַזאַ כופר,
האָט מיר דאָס טעכטערל געשענדט, —
און די משפחה מיר „פאַסראַמעט", 1)
אַז אָך און וויי איז צו דער מאַמע׳ן,
צו מיינע אַלטע, גרויע צעפּ,
וואָס איך האָב גאָר אַזוינס דערלעבט!" —
נאָר שרה האָט אין הרף־עין
באַהערשט זיך פון דעם שווערן בראָך:
— „נאָך נישט פאַרשפּילט דער גאַנצער שאָך —
איז האָדיע וויינען, האָדיע האַיען!
מ׳עט דאַרפן, טאָכטער, עפּעס טאָן,
ס׳זאָל ווידער ריין־ווערן דער סטאַן..." —

1) פאַרשעמט.

.6

די זעלבע נאַכט האָט זי איר טאָכטער
צו׳ר הייבאַם יענטעלע געבראַכט —
און מ׳האָט דאָס „פּעקל" דאָרט געשאָכטן,
אַ „פּאָלנעם וויקידיש"1) געמאַכט.
אין איר געראַמען, ריינעם אַלקער
די צווייטע וואָך רוט-אויס זיך מלכה.
פון וויסטן „פּעקל" שוין באַפרייט —
און ס׳איז איר פּנים ווייס, ווי קרייד.
עס זיצט לעם איר די קלוגע מאַמע
דורך טעג און נעכט, דורך טעג און נעכט:
און יעדער זיפץ און יעדער קרעכץ
אויף מלכה׳ס נערוון — ווי אַ האַמער.
די מאַמע שווייגט — אין הינערפּלעט.
און פּלוצעם האָט זי זיך צערעדט:

.7

— „עס האָט דער יונג, דער „וויטאָראָפּאָליע", 2)
געטאָן צו מלכה׳ן בלויז אַ שמעק —
און שוין פאַרפינצטערט דיר די דאָליע
און גלייך געשענקט דיר אַ „געפּעק".
נאָר אַז ס׳באַנאַרישט זיך אַ מיידל,
ז׳נישט שייך קלאָגן אויף אַבידה —
דער הימל ז׳נאָך נישט ביי דער ערד...
דו קאָנסט נאָך קריגן דיין באַשער.
עס זיינען אַלע דאָ בעלנים
אויף מלכה מיינער, אויף מיין קרוין,
מיט וויסן האָלדז — ווי מירמלשטיין,
מיט איידל, שיין-געשניצטן פּנים.
וואָס דאַרפסטו זוכן וויט, מיין קינד,
נעם לייבל בוים פון טאַבאַרשין!" —

.8

די מאַמע קוקט אין אויגן מלכה׳ס —
און זעט דעם מיידל׳ס ווייטיק קוים:
— „געקומען נעכטן איז קיין שפּאַלקע
דיין האַנט צו בעטן לייבל בוים.

---

1) אַבאָרט. 2) ווינט אין פעלד.

וואָס טויג דיר, מלכה, די ראָמאַנטיק?
עס האָט אַ סויבעלענעם מאַנטל
פון קיעוו לייבל דיר געבראַכט.
וואָס דאַרפסטו מאַצאַרט, גריג און באַך?
עס האָט געקאָנט זיין, טאָכטער, ערגער:
דיין בוזיאַ האָט געהאַנדלט מיאוס,
אַז ברעכן זאָל ער הענט און פיס:
ר'האָט אַן אַ מעסער דיך דער'הרג'עט...
און לייבל ווערט, איך האָף צו גאָט,
דיך האַלטן, מלכה, מיט „פּאָטשאָט"!" —

.9

צוערשט וויל מלכה'לע נישט הערן
דער מאַמע'ס וויינע, קלוגע רייד.
ס'באַשלאָגט אַן אַנגסט זי אויפן שטערן:
עס וואָלט געווען שוין בעסער טויט.
זי ליגט אין אויפגערוימטן חדר
און טראַכט און טראַכט און טראַכט כסדר:
— 'קוים הייראַט איך מיט לייבל בוים,
'פאַרליר איך בוזיאַ'ן — שענצטן טרוים...' —
זי עקשנ'ט זיך אַ צוויי חדשים,
דאָס האַרץ צעוואונדיקט און פאַרשטיינט.
דער טאַטע שווייגט, די מאַמע וויינט —
און מלכה דרייט זיך אום אַן לשון.
און לייבל בוים? ער וואַרט און וואַרט:
ס'וועט אפשר ווייך ווערן איר האַרץ?

.10

און ווידער נעמט די מאַמע טענה'ען:
— „פאַראַן אַ תרופה פאַרן בראַך —
עס קלייבט זיך לייבל — פון אוקראַינע
אַוועקצופאָרן איפּדעוואָך
דאָ וואַקסן טעגלעך נייע קברים.
און ווייסט וואוהין ער קלייבט זיך פאָרן?
ער קלייבט דערווייל זיך, צ'ריק קיין קיעוו.
ער האָט מיט זיך אַזאַ מין בריוו,
וואָס פירט אים איבער די באַריערן,
אַריבער גרענעצן, פאַרוואָר.
אויף מיר שוין, טאָכטער, אַזאַ יאָר,
עס זאָל דיר נאָר פאַרשטערט נישט ווערן...
און ער פאַרמאָגט אַ מטמון געלט,
דערצו איז ער אַ יונג — אַ העלד!" —

.11

דערהערט קוים קיעוו, ס׳יונגע מיידל
האָט אויפגעלעבט ווי מיטאַמאָל.
זי האָט געלאָזט דער מאַמע׳ן ריידן,
אַליין געשוויגן — שווייגן ז׳גאָלד...
און מאַנאַ טראַכט: — ׳כ׳על שרייבן בוזיאַ׳ן,
׳זאָל ער זיך מיט זיין שיינער מוזע
׳אויף פסח טרעפן נאָך אין קיעוו...
׳כ׳וועל שרייבן דאָ אים באַלד אַ בריוו...׳ —
און ס׳ווערט דער פּלאַן איר קלאָרער, קלאָרער:
׳קוים וועל איך אָנקומען אַהין,
׳וועט מיר שוין זיין באמת גרינג
׳מיט בוימ׳ען שלאָגן דאָרט כפּרות...
׳און בוזיאַ ווערן וועט מיין מאַן...
׳באמת, נישט קיין שלעכטער פּלאַן...׳ —

.12

אין שפּעטער נאַכט אַ בריוו שרייבט מאַנאַ
צו בוזיאַ׳ן — טרוים אירן — אין קיעוו:
— „עס פלאַמט פון בושה מיר דאָס פּנים.
מיין שולד איז קעגן דיר צו־טיף...
כיגיב־צו, געווען איז עס שגעון.
איצט זע איך איין מיין גרויסן טעות,
וואָס פלוצעם כיבין אַוועק פון דיר...
זינט דאַן אַזויפיל האָט פּאַסירט...
עס ברענט די וועלט אין העליש פייער,
דאָס גאַנצע לאַנד — אין פיין און בראַנד.
פון טאַטעניס נעגל, מאַמעיס יאָך
איך זוך, מיין ליבער, זיך באַפרייען.
און בלויז איין תרופה איז פאַראַן:
כימוז מאַכן אַ פּאַטאַלן שפּאַן...

.13

— „ס׳איז באַלד אַ יאָר, זינט כיבין פון קיעוו
אַוועק קיין שפּאַלקע אויף אַ ווייל —
און יעדער טאָג איז — ווי אַ תליה,
און יעדע נאַכט — אַ וויסט געהייל.
פאַר וועמעס זינד, איך וויים אַליין נישט,
איך קריג דאָ, בוזינקאַ, אַן עונש,

פאַרוואָס האָט גאָט מיך דאָ געשטראָפט
צו ליידן, ליידן אָן אַ סוף!
צו דיר, קיין קיעוו, איז שווער צו פאָרן:
די וועגן זיינען דאָך פאַרשפאַרט...
עס בענקט נאָך דיר מיין אָרעם האַרץ —
און פינצטער זיינען מיר די יאָרן.
נאָר סיהאַרץ מיט ווילדער פרייד פּולסירט:
איך וועל אינגיכן זיין מיט דיר.

### .14

— „סיאיז שווער אין בריוו אַלץ צו דערקלערן:
סיוועט קלינגען אומגלויבלעך־ביזאַר...
נאָר גלויב, אַז גאָט וועט מיר באַשערן —
און בטול ווערן וועט דער גזר.
וועל איך דיר, בוזיאַ, אַלץ דערציילן:
די גאַנצע פּיין און גאָר די גרוילן
פון אָט־דעם אויסטערלישן יאָר,
קיין זאַך נישט אויסמיידן, פאַרוואָר...
איך האָף, דו וועסט דיין מאָנאַין גלויבן:
איר האַרץ געהערט בלויז דיר, בלויז דיר.
און וואָס עס זאָל געשען מיט מיר,
פאַרבלייבן וועט מיין ליבע זויבער.
און וויפיל זאָלסט נישט האָבן צער,
דו וועסט פאַרשטיין מיין ביטער האַרץ..."

### .15

נאָך יענער נאַכט האָט מער שוין מאָנאַ
זיך נישט געקווענקלט, נאָר אויף שנעל
געזאָגט דער מאַמע'ן: — „ס'אַ סכנה
צו לעבן איצטער אויף דער וועלט." —
און ס'האָט די מאַמע איינגערעדט איר
אַ חופּה שטעלן מיט איר „רעטער",
מיט לייבל בוים פון טאַבאַרשין —
און גלייך פאַרגלעטן אירע „זינד".
און ווי אַ לעמל צו דער שחיטה,
מ'האָט צו דער חופּה זי געפירט.
געקוקט האָט זי אויף שטאַנגען פיר
מיט וויי, אַפּאַטיע און ביטול,
און נאָך דער חופּה אָפּגעזיפצט:
— 'ס'וועט לייבל ברענגען מיך קיין קיעוו!" —

.16

געפונען האָט די רעוואָלוציע
אויף אַלע פראַגעס מיטאַמאָל
די שענצטע, ליכטיקסטע תירוצים:
— „ס׳איז צו „קרעשטשאַטיק״ גלייך „פּאָדאָל״. (1
צעהאַקט מיט האַק-מעסער די קנופּן,
און צווישן פּאַלאַץ און כאַלופּע,
ווי מיט אַ האַרטן פלעדערוויש,
דעם אַלטן חילוק אָפּגעווישט.
דעם יחוס פון די ש מ ו א ל - אַ ב אָ ס
צעשייטערט האָט דער אויפשטאַנד-בראַנד —
און פעטער מ ש ה האַלט אין לאַנד
איצט ווערן סאַמע ערשטער גבאַי.״
ווער ס׳האָט געגלויבט אין רויטער פאָן,
דער שווימט אַרויף איצט אויבנאָן.

.17

שפּאַנט ב ו ז י אַ אום איבער „קרעשטשאַטיק״
אין אויפשטאַנד׳ס ליכטיקער זאַוויי.
ס׳איז פרעמד די גאַנצע אים דאָגמאַטיק
פון רעוואָלוציע און פּאַרטיי.
ס׳איז אַלץ פאַר אים דאָ — רעטענישן.
ער הערט: די טעג, ווי שלאַנגען, צישען
אין שוועסטער גאָרגאָנ׳ס (2 פייכטע האָר.
ס׳איז אַלץ האַלב-חלום און האַלב-וואָר.
ער זוכט די סודות פון יצירה,
ער זוכט דעם ניגון פון זיין שטאָס:
אין עפּיש-שטורעמדיקן ים —
די גרינע אינדזעלעך פון ליריק.
און איבער אַלע בילדער שטראַלט
זיין מ אָ נ אַ ׳ ס וואונדערלעך געשטאַלט.

.18

ס׳בענקט ב ו ז י אַ נאָך זיין ד ו ל צ י נ י י ע,
דורך טעג און נעכט, ווי ד אָ ן - ק י כ אָ ט.
ס׳איז אַלץ אַרוים פון דער קאָלייע
און שפּאַנט מיט העלעפאַנטן-טראָט.
ס׳האָט ב ו ז י אַ נישט דערגרייכט דעם חלום
פון דער „כודאָזשעסטווענער שקאָלע״ —

---

1) אָרעמסטע געגנט אין קיעוו. 2) דריי שוועסטער — פאַרזעענישן, וואָס האָבן געהאַט האָר — ווי שלאַנגען.

עס האָט דער טאַטע אויסגעפירט:
זיצט בוזיאַ איבער באַנקעס ספּירט
און פּאָרעט זיך מיט די געהירן
פון אַ דערשאָסענעם סאָלדאַט —
און ס׳שווימט זיין קאָפּ אום אין אַ טשאַד,
און טעג — ווי וועלף, ווי בייזע, שטשירן...
עס איז צעטרייסלט דער יסוד:
צום טייוול אַלץ! ס׳איז אַלץ באַנקראָט!

.19

און בלויז אַמאָל אין קעלער־קאַמער
ער כאַפּט אין אָוונט זיך אַראָפּ —
און ס׳גיט אַ שווינג דער בייזער האַמער
אין דלאָט אויף מירמלשטיין פון קאָפּ.
ער אַרבעט אָפּ אַ שעה, אַ צווייטע,
און שפּירט מיט שטוינונג און מיט ווייטיק,
אַז אַלץ איז פּוסט, אַז אַלץ איז וויסט:
אומזיסט זיין פּרואוו געווען, אומזיסט!
די בענקשאַפט פּרעסט אים די געהירן,
ווי ס׳פּרעסט אין לעבער זיך אַ ראַק...
ער וואָלט געדאַרפט מיט לאָם און האַק
צעשטערן פּרוכט פון זיין יצירה.
ער לויפט פון קעלער־שטוב מיט האַס —
און לאָזט זיך יאָגן איבער גאַס.

.20

ווען ר׳האָט דערזען דעם בריוו פון מאַנאַ׳ן,
ז׳געבליבן בוזיאַ שטיין אין פּענט:
אַ בלייכקייט האָט פאַרפלייצט זיין פּנים,
געציטערט האָבן זיינע הענט.
ער האָט דער מאַמע׳ן זיך פאַרטרויעט,
איר גאָר די פרייד און גאָר דעם טרויער
דערציילט פון אַלף ביזקל תיו —
פון אָנהייב ביזן סאַמע סוף.
צעציליאַ לוואָוואַ האָט, אַ שטומע,
זיך צוגעהערט צום זונ׳ס באַריכט —
און מיטאַמאָל, גאַנץ אומגעריכט
האָט בוזיאַ׳ן זי אַרומגענומען,
מיט טרער אין קול, מיט אויגן־שיין:
— „זי׳ט מיר אַ ליבע טאָכטער זיין!״ —

## ב. דער רים

**1.**

עס מישט זיך האָפנונג מיט פאַרצווייפל
אין ווילדן, רויטן וויקלשנור.
עס יאָגן טעג זיך, וואָכן לויפן —
און ס׳איז נישטאָ פון איר קיין שפור.
רעיונות בייטשן אים און בייטשן...
אין יענע פרילינג-טעג — די דייטשן
אַריינמאַרשירט האָבן קיין קיעוו.
(געליאַפּעט האָט אַ גרויסער זליוו).
ער זעט: פון אַלע ווינקלען ליאָכן
די ספּעקולאַנטן, ווי די מייז,
אי איינציקווייז, אי גרופּענווייז,
זיי זיינען שטיל אַרויסגעקראָכן —
און ווי אַ היישעריק — אויף סאָד,
אַ לאָז־געטאָן זיך אויף דער שטאָט.

**2.**

די שאַכער-מאַכער ריזיקאַנטן,
די שיבערס, פּיאַווקעס פון פּראָצענט,
די בירזשעוויקעס, ספּעקולאַנטן —
זיי האָבן זיך צעפירט די הענט.
די „קאַלנערס פּוטערנע"1) — ווי בערן,
זיי שטעלן צו די מאַראָדערן
קעז, פּוטער, תבואה און טאַבאַק
און ווייכע שטיוועלעך פון לאַק.
ס׳איז יעדער ספּעקולאַנט אַ „סטאַטיק".
דער דייטש מיט גאָלד פאַר תבואה צאָלט:
דער שיבער הערשט אויפן „פּאָדאָל", 2)
דער בירזשעוויק — אויפן „קרעשטשאַטיק".3)
און בוזיאַ קוקט זיך צו צו אַלץ —
און ס׳שטיקט דער עקל אים אין האַלדז.

**3.**

עס ברענט דאָס לאַנד אין אויפשטאַנד-פיבער,
דער עולם פּעכניעט אויפן פּיסק.
און ס׳חלומט שוין דער פלינקער שיבער
זיך צו פאַרנעמען קיין פּאַריז.

---

1) ספּעקולאַנטן. 2) אָרעמע געגנט אין קיעוו. 3) הויפּט־גאַס אין קיעוו.

ווײל טאָמער קומען צ'ריק די „רויטע",
מע'ט ווידער דאַרפֿן מאַכן פּליטה —
אוי, וועלן דאַמאָלט פֿאַלן קעפּ...
נאָר איצט, דערווײל — איז חי־געלעבט!
פֿון וואַרטן מיד און פֿון סכּנות,
דרייט בוזיא אום זיך פּוסט־און־פּאַס.
אויף יעדער „ווילִיצע" און גאַס
ער זוכט אַרום: וואו איז זי, מאַנאַ?
אַוועק אַ וואָך און נאָך אַ וואָך,
נעמט בוזיא פֿילן שווין דעם בראָך.

4.

אַוועק איז בוזיא: אפשר... טאָמער...
אין אַמט פֿון דעם „אַדרעסני סטאָל" :1)
— „אָך, ניין, נישטאָ דאָ אַזאַ נאָמען,
ווי מאַנאַ אַבאָוונאַ כאַראָל!" —
שפּאַנט בוזיא אום אויף ברייטע גאַסן,
אַ נישט־ראַזירטער און אַ בלאַסער,
אַזוי־אַ קלײכעדיקע טעג —
און ס'יערט אין הארצן אים אַ שרעק.
עס פֿלאַמען אויף באַלקאָנען פֿאָנען,
און בלומען פֿעכלען פֿון קאַרניז,
די פֿרילינג־פֿרייד איז זאַפּטיק־זיס,
נאָר, גאָט, מײן גאָט, וואו איז זי, מאַנאַ?
פֿון צווייפֿל שטשעמעט אים דאָס האַרץ:
— האָט זי מיך ווידער אָפּגענאַרט?' —

5.

שטייט איינמאָל אויף „קרעשטשאַטיק" בוזיא
אויף שוועל פֿון אָפֿענער קאַפֿע —
און מיטאַמאָל, ער זעט: זײן מוזע
ביים טישל זיצט — אין „דעקאָלטע".
און לעבן איר — אַ פעטער שיבער
בויגט איבער איר זיך שטיל אַריבער
מיט רויט־געפּאָלדעוועטן קאַרק,
ווי ס'וואָלט דער מאַן געוועזן איר האַר.
אויף מאַנאַ'ס פֿינגער בליצט אַ דימענט,
אַ רונדער, ווי אַן אַגרעס גרויס.
און בוזיא גיט אַ בייל די פֿויסט:
— „אָט־דאָס איז זי — זײן עולה־תמימה?!" —
ער קוקט אויף איר און קוקט און קוקט —
וואַכט מאַנאַ אויף און גיט אַ צוק:

1) פּאָליציי־אַמט פֿאַר אַדרעסן.

.6

— „אַך, בוזיא יעלין, ס'אַראַ זכיה
צו טרעפן אייך דאָ... זייט באַקאַנט:
דאָס איז אַ פריינט מיינער פון קיעוו,
און דאָס איז ליאָוואַ בוים — מיין מאַן!" —
די לאַפּע שטרעקט אים אויס דער שיבער,
נאָר אין אַ צאָרנדיקן פיבער
אַ שפּרונג גיט בוזיאַ, ווי אַ קאַץ,
און נעמט דעם שיבער אָן ביים לאַץ.
און בוזיאַ'ן כאַפּן צוויי לאַקייען
און מיט איר מאַן — דעם פעטן גביר —
פאַרשווינדט זיין שיינע דולציניע.
אַ קראַנקער ר'איז אַוועק אַהיים:
זיין האַרץ — אַ שטומע גליבע ליים.

.7

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט מאַנאַ
באַוויזן זיך ביי אים אין דר'היים.
ער ליגט מיט אַ צעקרימטן פּנים
אין בעט — און קאָן זיך רירן קוים.
זי רעדט: — „דו וועסט נישט גלויבן, בוזיאַ,
וואָס ס'וועט דערציילן דיר דיין מוזע,
נאָר כ'שווער ביי גאָט, אַז יעדער וואָרט,
וואָס איך דערצייל דאָ, וואָר איז וואָר:
ווען כ'האָב מיט דיר זיך דאָן געזעגנט,
האָב איך געהאַט אַ זיסן טרויס:
זיך אויסרוען אַ ווייל אין דר'היים —
און זיך מיט דיר אין האַרבסט באַגעגענען.
נאָר אין די גרויליק־בלינדע נעכט,
זעט אויס, כ'האָב אויסגערעכנט שלעכט.

.8

— „איך האָב געהאַט אַ גוטע סיבה
צו האַנדלען, בוזינקאַ, אַזוי:
איך האָב געשראָקן זיך — די ליבע
וועט מיך דערשטיקן מיט איר טלוי.
כ'גיב צו, געוועזן איז עס שגעון...
איצט זע איך איין מיין גרויסן טעות:
אָן דיר מיין לעבן איז נישט ליב..."

זי גיט אַ קרים מיט רויטער ליפּ:
— „געוואָלט האָט, בוזינקאַ, מיין שענצטער,
דיין מאַנאַ זיין אַ דעזערטיר...
נאָר טרייב די ליבע דורך דער טיר,
זי קומט צוריק דיר דורכן פענצטער.״ —
און מאַנאַ׳ס שטראַלנדיקער בליק
איז פול מיט ליבשאַפט, פרייד און גליק.

.9

— „דערנאָך געקומען איז פּעטליורע
מיט ביקס, מיט ווילע און מיט לאָם —
און ס׳האָט דער ווילדער גזלן שקורע
מיין לייב געשענדט אין אַ פּאָגראָם.
האָב איך געטראַכט: — פון ווייסטער טומאָה
׳ווי קאָן איך צו מיין בוזיאַ׳ן קומען:
׳אַ קדישה — צו מיין העלן טרוים?׳ —
און דאַן כ׳האָב בוימ׳ען דאָרט באַגעגנט,
מיט אים געהייראַט לויט אַ פּלאַן...
כ׳בין גרייט פאַרלאָזן איצט מיין מאַן...״ —
זי גיט נערוועז אַ בים די נעגל:
— „איצט ווייסטו שוין מיין ווייסטן סוד,
דו קאָנסט מיר שענקען האַס, צי גנאָד...״

.10

און בוזיאַ קוקט, אין פּיין געפּענטעט:
— ׳אַזוי האָסטו באַצאָלט דיין טרוים?
אַזוי? געוואָלט האָסט זיין אַ „שוויענטע״
נאָך שקורע׳ס ווילדער מעשה-סדום?
פאַרוואָס האָסטו עס אַליין באַשלאָסן?
ביי מיר נישט אָנגעפרעגט זיך, אָסור,
געהייראַט מיט אַ פרעמדן מאַן
לויט אַ געטוועם, מיאוסן פּלאַן?
יאָ, אומפאַרשעמט און אומפאַרשטענדלעך
האָסטו געשענקט דיין געטלעך לייב
צו דעם, וואָס האָט דיך פאַר אַ ווייב
געקויפט פאַר קלינגעוודיקע רענדלעך...״ —
און ס׳גיט אַ ציטער-אויף זיין שטים:
— „ער איז דיין מאַן — דו גיי צו אים!״ —

.11

און בוזיא שפירט, ווי ער וואָלט מאַנאַ׳ן
געקאָנט באַלד טויטן אויפן אָרט.
ער גיט אַ שליידער איר אין פּנים
אַ מיאוס-שענדלעך זידל-וואָרט.
אין הארצן כוואַליעס פּלייצן, פּלייצן:
אַ לעצטן קוק... און אויסגעדרייט זיך
מיט גרויל אין פּנים צו דער וואַנט.
און מאַנאַ קוקט אויף אים מיט וואָן:
— „דו האָסט געהאַט אַ כּלה מאַנאַ,
איז זי איצט טויט פאַר דיר — אַ מת,
פאַרגיב איר, בוזיאַ — און פאַרגעס!” —
זי גיט אַ וויש דעם שוויים פון פּנים —
און שפּאַנט מיט וואַקלדיקן טראָט
אַרויס — ווי אויפן עשאַפאָט.

.12

און בוזיאַ טראַכט: — ׳איר פעלץ פון סויבל
׳האָט קלאָר באַוויזן, ווי געהאַט
׳האָט מאַנאַ ווייניק שטאָלץ און גלויבן
׳אין מיר נאָך שקורע׳ס ווילדער טאַט.
׳צו מיר — איר חתן, פון דער טומאָה
׳געשראָקן זיך צוריקצוקומען,
׳אַ גרויל-געשענדטע אין פּאָגראָם —
׳געזונקען טיפער נאָך אין תהום.
׳און זיך אַליין געקרוינט אַלס „שוויענטע”,(1
׳זיך אָנגעטאָן אַ מאַרטער-קרוין —
׳און זיך פאַרשיבט צו דעם פאַרשווין...
׳כ׳וואָלט אפשר גאָר זי, די געשענדטע,
׳און נישט די ריינע — מער געליבט...׳ —
און ער פאַרבייסט פון פּיין די ליפּ.

.13

און ס׳וואַקסט און יערט אין אים דער צאָרן
און בריט דאָס הארץ, ווי הייסער צין:
— „עס איז די פרוי — עבודה-זרה,
פאַרשאָלטן ווערן זאָל איר מין!” —
און ס׳בליצט אַ רעיון: — „מאַנאַ-ליזאַ!׳ —
און הייסער נאָך דער צאָרן ריזלט,

1) הייליקע.

געמישט מיט עקל און מיט גרויל:
— ׳ס׳וואָלט מאַנאַ װערט געװען אַ קויל!׳
און ס׳פאַלט אים אײַן: — ׳אין מאַנאַ׳ס אָנדענק
׳מיט יאַנוס־פּנים, אויגן — שטאָל,
׳און מיט אַ בליק, װאָס גײצט נאָך גאָלד,
׳כ׳װעל שאַפן נײַע ״דזשיאָקאָנדאַ״, 1)
׳פון הוילן װאַנזין — אַ חזון,
׳נאָר נישט אין פאַרב — אין קיזלשטײן.

.14

— ׳און נישט דאַ־װינטשי׳ס שלײער שמײכל
׳אויף ליפּן רויט פון רויער לוסט,
׳נאָר גאָר אַ שװאַרצע מלכּה־אײכל
׳פון צניעות, אויסגעמישט מיט זנות,
׳װוּ קדושה כפּל׳ט זיך אויף טומאה...׳ —
און טעג און װאָכן אין מהומה
האָט ער אין קעלער זיך פאַרשפּאַרט —
און ס׳האָט דער האַס גע׳סמט זײַן האַרץ.
און טעג און נעכט ער האַקט דעם קיזל
און שניצט און טעסעט יעדן שטריך —
און מאַנאַ׳ס אויסגעטאָקט געזיכט
באַקומען האָט די „מאַנאַ־ליזאַ״.
און קוקנדיק אויף ביוסט פאַרגאַפּט,
דערשרעקט ער זיך פאַר זײַן באַשאַף.

.15

אין קיעװ שאַלטעװעט פּעטליורע.
מען גרײט זיך טעגלעך אויף פּאָגראָם.
פון שטעטלעך קומען בײזע בשׂורות:
די ייִדן הרג׳עט מען הורטאָם.
פּראָסקוראָװ, װיניצע און באַלטע:
געטײט אַזױפֿיל און פאַרגװאַלטיקט —
און איבער אַלץ — דער בראָך פּילשטין:
ס׳איז ביטער־װיסט און װײ און װינד!
ס׳קאָן בוזיאַ זיך קײן אָרט געפינען:
װי קאָן מען אָפּשטעלן דעם האַס?
װען ס׳הערשט די שׂנאה־משוגעת,
איז צײַט אַװעק צו יאַקאָבינער.
האָט אָנגעשלאָסן מיט פאַרטרוי
זיך בוזיאַ אין דער רויט־אַרמײ.

1) אַנאַנדער נאָמען פאַר לעאָנאַרדאָ דאַ־װינטשי׳ס בילד „מאַנאַ־ליזאַ״.

# 4. דער פרילוקער עילוי

## א. פּיניע יאָלעס

### 1.

ביים ראַנד פון טיפע, גרינע „גאַיען״ 1)
די קרייז-שטאָט נעסטלט זיך פרילוק.
צום שטילן טייכעלע אודאַיע
די הייזלעך האָבן זיך פאַרקוקט.
עס וואוינען אין פרילוקי יידן
מכל המינים: שניידערס, שמידן,
כלי-קודש, סוחרים — פרום און זאַט,
נאָך פון די צייטן ת״ח ות״ט.
צעווישן יוסטע באַלעבאַטים,
אין הויז מיט פאַרקאַן און „פּאָדוויר״
לעבט יוסף יאָלעס — דער געוויר,
וואָס איז דער גאַנצער שטאָט א טאַטע.
מע רופט אים אָפטמאָל יאָסל סקריפּ,
נאָר אַלע האָבן יאָסל׳ען ליב.

### 2.

געהאַנדלט יאָסל האָט מיט „פּאָניען״ 2),
און אָנגעהויבן האָט ער קליין,
נאָר אין מלחמה מיט יאַפּאָניע
האָט יאָסל אָפּגעלעקט א ביין.
און ס׳וואַקסט ביי אים א בחור פּיניע,
גאָר נישט פון יאָסעלע׳ס נאַסיניע:
א בחור — ממש אַן אַנטיק,
ס׳זאָל נאָר נישט אָפּטאָן זיך דאָס גליק.
און פּיניע האָט, קיין עין-הרע,
א קעפּעלע א שאַרפס — צום שטוין:
עס קען אויף אויסנווייניק שוין
דעם שווערסטן, האַרבסטן בלאַט גמרא.
דער בחור וואַקסט אַן אבן-טוב:
די מאַמע וויל, ר׳זאָל זיין א רב.

### 3.

די יוגנט-טעג — ווי שחרית-תפילות.
און פּיניע איז שוין פופצן אַלט.
מע רופט אים „דער פרילוקער עילוי״,
ר׳איז שיין, געראָטן — א געשטאַלט:

1) וועלדער. 2) צאַרישע רעגירונג.

מיט שוואַרצע האָר און גרויע אויגן.
שדכנים בויגן זיך און נויגן,
ביי יאָסל'ען שלאָגן-אָפּ די שוועל —
מע רעדט אַ כלה אים מיט געלט.
עס קומען אָן פון גאַנצער געגנט,
מיט פור, מיט „ווי-יעזד" 1) און מיט באַן —
און פינעף טויזנט אין נדן
מע לייגט אים פאַר שוין — אַ פאַרמעגן.
ס'איז יעדע כלה — אַן אַנטיק:
ביי מאַמע חנה'ן שיינט דער בליק.

.4

נאָר יאָסל ווארט: — „וואָס איז די „גראַטשקע"?" — 2)
ער לאָזט אַ פאַל-טאָן ווען אַ וואָרט:
— „יאָ, מיט אַ זון — אַזאַ מין „טשאַטשקע", 3)
מיין ווייב, איז גאָר נישטאָ קיין זאָרג.
יאָ, מיט אַ זון — אַזאַמין — אתרוג...
אימירטשעשעם, צו שמונה-עשרה
כ'וועל שענקען אין דער קלויז אַ קרוין —
און פּיניע וועט צו'ר חופּה גיין." —
דער בחור לערנט זיך אין שטיבל.
ער איז שוין זיבעצן באַלד אַלט.
נאָר ס'האָט מיט האָניק און מיט גאַל
דאָס יונגע הארץ באַרירט די ליבע.
עס איז זיין הארץ אין זיסן פלען
ביים שניידער'ס טאָכטער נינאַ פען.

.5

עס איז געווען אינמיטן זומער,
בשנת תר"ע, ניינצן צען,
איז קיין פּרילוק אַראָפּגעקומען
אַ יונגער יידישער סטודענט.
ער האָט דערציילט: ער איז אַ ווילנער.
מע האָט געשמועסט: ער איז אַ "פּילני", 4)
געווען אין פּאָליטיק פאַרקאָכט,
געהייסן האָט ער יאַניאַ בלאָך.
ער האָט אויף הויפּט-גאַס זיך פּאַיאַוועט,
דער יונגער יידישער סטודענט
און ס'האָט באַגלייט אים סאַשאַ פּען,
דעם שניידערס זונדל — זיינס אַ חבר.
געמאַכט ביי מיידלעך אַ פוראָר
מיט בלויען בליק און בלאָנדע האָר.

1) פּאַעטאָן. 2) איילעניש. 3) צאַצקע. 4) אַ פאַרשיקטער קיין סיביר.

.6

נאָר אויך די יינגלעך פון פּרילוקי
ז׳געווען געפעלן דער סטודענט:
געהאַט די יוגנט האָט אַ תשוקה
באַפרייען זיך פון ענגע ווענט.
פון די חדרים און די קלויזן
בחורים מיט פאַרדרייטע קרויזן,
ווי ממש אונטער אַ היפּנאָז,
מ׳האָט זיך צו אים געטאָן אַ לאָז.
און יעדערער פון „נייער תורה"
פאַרזוכן וויל דעם זיסן טעם:
עס שרעקט נישט מער דער גיהנום-פלאַם
און מ׳האָט פאַר חרם מער נישט מורא.
די יוגנט איז מיט טרוים באַהעלט:
אַרויסרייסן זיך אין ברייטער וועלט.

.7

און ווי אַ פליג — אין פּאָוואַטיניע, 1)
צו טאַטע-מאַמע׳ס גרויסן בראָך,
ז׳אַריינגעפאַלן אונדזער פּיניע
אין כישוף-נעץ פון יאַניאַ בלאָך.
ער האָט געזאָלט שוין קריגן סמיכה,
ווען ס׳האָט געכאַפּט אים לייענען ביכער
דער טאַטע פלוצעם שפּעט-ביינאַכט —
ווי איינגעפאַלן וואָלט דער דאַך.
ניין, נישט דערוואַרט דעם בראָך האָט יאָסל,
אַז פּיניע זאָל לתרבות-רעה
אַרויסגיין אין אַ בייזער שעה
און נעמען זיך גאָר צום טריף-פּסול.
דערקלערט די טאַטע-מאַמע׳ן ער:
— „איך וויל זיך גרייטן פאַר „עקסטערן"!" — 2)

.8

און ווי אַ דונער, האָט געטראָפן
פּרילוקער גביר זיין זון׳ס באַשלום:
— „עס שטייט די טיר פון גיהנום אָפן —
און ס׳שטעקט שוין, יאָסל. דאָרט דיין פּוס!" —

---

1) שפּינוועבס. 2) גימנאַזיע־קורס, גענומען אין דער היים.

פרובירט האָט יאָסל זיך צו ווערן:
— „צו וואָס עקסטערן, ווער עקסטערן?
דו דאַרפסט דאָך, פּיניע, ווערן רב...
אָ, גאָט, וואָס קומט מיר אַזאַ שטראָף?!" —
און חנה האָט געריסן קברים,
געלייגט אַ קניטל אויף אַ קנויט,
נאָר נישט געהאָלפן מאַמע'ס רייד
און נישט דעם טאַטנ'ס הארבע דברים.
צום הויז פון שוסטער אַנשל פען
אַוועק איז פּיניע — צום סטודענט.

.9

און דאָרט האָט ער באַגעגנט נינאַ'ן,
צום ערשטן מאָל גערעדט צו איר.
עס האָט איר צאָפּ אים, דער בלאָנדינער,
אַ ברי־געטאָן, ווי הייסער ספּירט.
ס'האָט מיט זיין שאַרף גמרא־קעפּל
גענומען פּיניע האַסטיק שעפּן
די „נייע תורה" אייפ'ריק־גיך,
ער האָט אַליין זיך נישט געריכט.
עס נענטערט זיך צום סוף דער זומער —
און פּיניע לערנט זיך מיט פליים.
און יאָסל איבער שטיבער שפּרייזט,
און חנה גייט אַרום פאַראומערט.
און פּיניע — ס'טרייסלען זיך די ווענט:
שפּאַצירן גייט מיט נינאַ פען.

.10

עס שטייען טעג שוין האַרבסטיק־טריבע,
די טעג — באַוואָקסן, ווי מיט מאָך.
און אויפן ווינטער שוין פאַרבליבן
איז אין פרילוקי יאַניאַ בלאָך.
צי זיינען יאַניאַ'ן דאָ געפעלן
די היגע קעסט, צי ווערן נעלם
געוואָלט פון „שפּיקעס" אין אָדעס,
(געשפּירט אַ נייעם שוין אַרעסט!),
צי איז די שולד געווען גאָר נינאַ,
וואָס האָט דעם יונג פאַרדרייט דעם קאָפּ
מיט בלאָנדן, קרייזלדיקן צאָפּ.
און מיט איר טאַליע, מיט דער דינער?
אין הויז פון שוסטער אַנשל פען
איז שוין פאַרבליבן דער סטודענט.

## ב. נינאַ פען

**1.**

עס האָט צעפּראַלט פּרילוקער חושך
מיט „נייער תורה״ יאַניאַ בלאָך.
די יוגנט זוברעוועט מיט חשק,
ביי דעם „אוטשיטעל״ 1) לערנט תוך.
ס׳איז יאַניאַ׳ס צימער אַן אַזים:
עס גרייט אַ טייל זיך פאַר גימנאַזיע,
אַ צווייטער גרייט זיך פאַר „עקסטערן״ —
אויף אַלץ איז יאַניאַ אַן עקספּערט.
נאָך שווערן טאָג, אַ מאַט-און-מידער,
ער קומט אין צימער, דער סטודענט,
דאַן לערנט ער מיט נינאַ פען,
מיט לעצטער טעגלעכער תלמידה.
זי כישופט אים מיט בלאָנדן לאָק,
ווען ער דיקטירט איר דעם „אוראָק״. 2)

**2.**

און שווער איז אים זיך אָפּצורייסן
פון מיידליש-צויבערלעכן בליק,
פון האַנט, פון רונדיקער און ווייסער
און פון איר ראָזעווען געניק.
יאָ, יאַניאַ נינאָטשקאַ׳ן פאַרגעטערט:
דאָס איז זיין חלום, דער קאָנקרעטער,
פון שענצטן פרויען-אידעאַל,
וואָס שטייט פאַר אים אויף פּעדעסטאַל.
און אָפטמאָל בייסט די האַנט אַ פּיר-טאָן
אויף אירע גאָלדיק-בלאָנדע האָר,
נאָר ס׳טאָר נישט ווערן גרויע וואָר
דער שיינער טרוים, דער נישט-באַרירטער.
און ס׳מערקט נישט יאַניאַ דער סטודענט,
אַז פּיניע׳ן ליבט גאָר נינאַ פען.

**3.**

און פּיניע איז זיין בעסטער תלמיד:
אַלץ קומט אים גרינג אָן, גרינג, ווי פוך.
ער האָט שוין פון דעם לערער׳ס אַלמער
אַדורכגעלייענט וואו אַ בוך.
פאַר פּיניע׳ן, דעם „פּרילוקער עילוי״,
געשיכטע איז — ווי זאָגן תהילים,

1) לערער. 2) לעקציע.

און אַלגעבראַ איז נישט קיין סוד,
און געאָמעטריע — ווי קאָמפּאָט.
ס'איז אַלץ אים קלאָר און אַלץ איז אָפן:
מאַרקס' „קאַפּיטאַל", „פאַרנונפט" פון קאַנט —
און ווי דאָס שפּריצן פון פאָנטאַן,
איז קלאָר אים שווערסטע פילאָסאָפיע.
און יאָניאַ טראַכט: — „אַ שאַרפער קאָפּ,
'נאָר נינאַ קעמט פאַר אים איר צאָפּ...' —

4.

ס'האָט יאָניאַ שוין באַמערקט נישט איינמאָל,
ווי נינאַ פּוצט זיך שטענדיק אויס
און טוט זיך אָן אַ קלייד אַ שיינע,
ווען פּיניע קומט צו זיי אין הויז.
זי קוקט אין פּיניע'ס גרויע אויגן,
ווי אויפן יעגער קוקט דער פויגל,
מיט בליק — אי טרוימעריש, אי צאַרט —
און לעכצט נאָך אָנקום פון געפאַר.
און יאָניאַ טראַכט מחשבות טריבע:
— 'איך האָב געלערנט אין פּרילוק —
'ווי גרייט ז'אַ וועלפין צום פאַרצוק,
'אַזוי איז שטענדיק גרייט די ליבע.
'זי קאָן דיך בויגן, ווי אַ קנעכט,
'און קאָן דיך פירן צום געשעכט.' —

5.

עס האָט אין ליבע זיך פאַרפּלאָנטערט:
אַ פליג — אין שפּינוועבס — יאָניאַ בלאָך.
איז זוכט ער אָנהאַלטן דעם יום-טוב —
עס זאָל פון אים נישט ווערן וואָך.
פאַרלאָזן וואָלט ער שוין פּרילוקי,
נאָר שווער איז אים אין פּיין און מוקע
אַוועק אין ברייטער, פרעמדער וועלט —
און פּיניע'ן לאָזן פריי דאָס פעלד.
עס טליעט אַ האָפענונג ביים בחור:
— 'ס'וועט אפשר נאָך געשען אַ נס?' —
און זיין צוריקפאָר קיין אָדעס
ליגט יאָניאַ אָפּ אויף לאַנגע וואָכן.
עס וואַרט אויף אים אָדעסער פאָרט,
נאָר ער? ער רירט זיך נישט פון אָרט.

**.6**

עם האָט פאַר׳שיכור׳ט אים די ליבע:
ווי זיסער ווייַן, איז נינאַ׳ס קוק.
און יאַניאַ איז שוין דאָ פאַרבליבן
אויף נאָך אַ ווינטער אין פּרילוק.
און מער, ווי אַלץ, אים אַרט, וואָס פּיניע
פאַרנעמט מיט פליים דעם גאַנצן ענין,
געלאַסן, שטיל און אָן אַפּלאָמב,
און זאַפּט זייַן „תּורה״, ווי אַ שוואָם.
און יאַניאַ פילט, ווי ס׳יאָגט אים איבער
שוין פּיניע מיט צעשפּרייזטע פּיס:
אויך אין דעם וויסן פון מאַרקסיזם
און נישט נאָר אין פאַרמעסט פון ליבע.
ער פילט, ווי פּיניע שפּאַנט מיט זשאַר
פון היכל־יה — אין היכל־מאַרקס.

**.7**

אין לאַנגע ווינטער־אויפדערנאַכטן
אין צימער זייַנעם יאַניאַ בלאָך,
אַ טיף־צעקלעמטער, אַ פאַרטראַכטער,
מיט פּיניע יאָלעס שפּילט אַ שאָך.
און פּיניע זיצט, אַ רואיק־בלייַכער —
און ס׳מיניעט שלווה זיך און שכל
אויף זייַן גאונישן געזיכט,
ביים שייַן פון סטעאַרינע ליכט.
אויך דאָ אין שאָך שפּילט פּיניע זיכער:
ער טראַכט אַ ווייל — און מאַכט אַ צוג.
און איידער יאַניאַ כאַפּט אַ קוק —
עס פאַלן וועגנט שוין פון יריחו...
— ׳ווער קאָן פאַרמעסטן זיך מיט אים?׳ —
גיט יאַניאַ׳ס פּנים זיך אַ קרים.

**.8**

ביים שייַן פון ליכטל סטעאַרינע,
נאָענט לעבן זיי — ביי דעם שאַכמאַט,
זיצט יאַניאַ׳ס קאַט — די בלאָנדע נינאַ —
און קוקט אויף פּיניע׳ן, ווי אין טשאַד.
אין האַלדז ביי יאַניאַ׳ן שטיקן טרערן.
ער ווישט דעם שוויים פון הויכן שטערן,
כאָטש דאָ אין צימער קאַלט איז, קאַלט.
אין האַרצן ביטער איז, ווי גאַל.

ער מאַכט אַ צוג, ער מאַכט אַ פֿאַלשן —
און ס׳פּאַסט אים נישט צו כאַפּן צ׳ריק:
זאָל פּיניע האָבן נאָך אַ זיג...
אויב יאָ שווין פֿאַלן — פֿאַל שווין, פֿאַל שווין...
פֿאַרשטייט נישט פּיניע לערער׳ס טאַט —
און פּלוצעם רופֿט ער: — „שאַך און מאַט!״

.9

דאָס האַרץ זיך קאַרטשעט פֿון יסורים
אַ יעדע נאַכט ביי יאָניאַ בלאָך.
עס איז געוועזן אַ טאָג נאָך פּורים,
ווען ס׳האָט אַ קנאַל־געטאָן דער בראָך.
מע האָט דערציילט: אין פֿרי־באַגינען
געזען מ׳האָט איילנדיק זיך ניניאַ׳ן
מיט רענצל יאָגן צו דער באַן,
דורך בלאָטע, רעגן און טומאַן.
און אין אַ ווייל אַרום האָט פּיניע
באַוויזן זיך אויף דעם וואָקזאַל,
געשפּאַנט געשווינד פֿון שפּאַל צו שפּאַל —
און אָנגעקומען מיט דער ליניע.
גענומען האָבן זיי דעם צוג...
און ס׳האָט געקלונגען גאַנץ פּרילוק.

.10

ערשט שפּעטער האָט מען אויסגעפֿונען —
און מ׳האָט גערעדט דערפֿון פֿאַרווירט:
אַז פּיניע האָט זיין קאַמף געוואונען
אַנטקעגן טאַטן יאָסל גביר.
מע האָט אויף שנעל געבראַכן טעלער
און אָפּגעמאַכט — אַ חופּה שטעלן
דאָס פּאָרל וועט, אם ירצה השם,
אין שטאָט אין גרויסער, אין דער פֿרעמד.
דאָס אַלץ האָט נישט געגלויבט זיך טאַקע.
נאָר חנה האָט שווין אַלץ געפּועלט
און איינגעטייט אין אַ קאַמזוויל
פֿאַר יונגן פּאָרל אַ פּאָר „טאַקערס״.1)
און ווי אַ פּורימדיקער נס,
אַוועק די פּאָר איז קיין אָדעס.

---

1) 500־רובלדיקע אַסיגנאַציעס.

## ג. דער בראָך

.1

עס האָט זיך שטאָט נאָך נישט אָטשוכעט
פון אַלע זאָגעכצן און רייד —
און מיטאַמאָל אַ נייער סלוך האָט
איבער פּרילוקי זיך פאַרשפּרייט:
אַז אַנשל שוסטער׳ס ווייבל ראָניע
געפונען הענגען האָט דעם יאָניאַ׳ן,
דעם שיינעם בחור, דעם אַנטיק,
אין צימער זיינעם אויף אַ שטריק.
עס איז געוואָרן אַ בהלה:
— „וואָס הייסט? אַזאַ מין האַלע טויט?״ —
— „עס איז דערפאַר, וואָס מיט דער מויד
אַנטלאָפן איז דער פיניע יאָלעס...״ —
— „אַזאַ מין אומגליק! אַזאַ בראָך:
זיך אויפגעהאָנגען יאָניאַ בלאָך!״ —

.2

און צו דעם זעלבסטמערדער׳ס לוויה
געקומען דאָן איז גאַנץ פּרילוק:
עס האָבן ווייבער הויך געהאַיעט,
עס האָבן מאַנצבילן געצוקט.
עס האָט געטומלט חברה־קדישא:
— „ס׳טייטש, מיר־ניט־דיר, דעם גאַנצן ישוב
אַ בחור שטעקט אַרוים אַ צונג,
אַזאַ טרייפניאַק, אַזאַ מין יונג!״ —
די גאַנצע בית־דין שטוב צעטאַסקען
געוועזן איז שוין די יוגנט גרייט —
האָט אים באַערדיקן ביים פּלויט
דאָס בית־דין אומווילִיק גע׳פסקנט.
אויף יאָרן האָט פּרילוק געדענקט:
דעם נאָמען „יאָניאַ — דער סטודענט.״ —

.3

אויף דעם פּרילוקער בית־הקברות —
אַ גרויער שטיין, באַדעקט מיט מאָך.
אויף דער מצבה — האַרט ביים פאָרהויז,
אַן אויפשריפט לייענט זיך: יונה בלאָך.
דאָס אַלץ, דאָס אַלץ, וואָס ס׳איז פאַרבליבן
פון יאָניאַ׳ס אויסטערלישע ליבע

צום בלאָנדן מיידל נינאַ פּען,
וואָס האָט געפירט אים צום פאַרלענד.
שטייט אויסגעשטעלט צום ווינט און שטאָרעם
דער גרויער שטיין ביים סאַמע פּלויט —
און עלנט איז ער, ווי דער טויט,
און אָפּגעטיילט פון אַלע קברים.
און נינאַ קוים געדענקט דעם מת:
זי לעבט מיט פיניע'ן אין אָדעס.

.4

ס'איז קיין אָדעס געקומען פיניע
אין אָנהויב פרילינג נײַנצן־צוועלף,
ווי צוגעזאָגט, האָט ער מיט נינאַ'ן
אַ חופּה זעלבע וואָך געשטעלט.
דערוואַרט דעם טאַטן מיט דער מאַמע'ן.
נאָר ס'האָט ר' יאָסל בק'ן טעמים
זיך איינגעשפּאַרט, אַז ניין און ניין —
ר'וועט צו דער „כאָסליערע" נישט פאָרן...
ניין, נישט דערויף האָט ער געהאָפּט...
דער אומדערוואַרטער מזל־טוב
איז אים אין הארצן — ווי אַ דאָרן.
אין הימל קראַקעט שוואַרצע קראָ:
זיין זון ז'אַרוים לתרבות־רעה...

.5

און ס'איז דער כלה'ס ברודער סאַשאַ
דער הויפּט־מחותן דאָ געווען:
ער האָט געשטעלט אַ דריי־פיר פלאַשן
פאַר די חברים — יאַטן צען.
עס „אַרבעט" סאַשאַ אויף „פּערעסיפּ" —
און יעדער ליק און יעדער געסל,
אַרום דעם „גענער שטאָל־זאַוואָד"
קען סאַשאַ'ן אין דער גרויסער שטאָט.
עס הייסט: אַ קורס אין פילאָלאָגיע
ער נעמט אין אוניווערסיטעט,
נאָר די „ליסטאָווקעס", ווי אַ שד,
ער שפּרייט אין פינצטערע פאַרטאָגן.
מע שפּירט אים נאָך אויף גאַס און בריק,
נאָר ער איז קליגער פון דעם „שפּיק".

.6

און פיניע האָט מיט גרויס התלהבות
גענומען זיך צו דעם מאַרקסיזם —
און זיין געדאַנק, ווי הייסע לאַווע,
אַריבער בערג־שיפּועים פליסט.
עס האָט לאַמטער פון „דיאַלעקטיק״,
פון וועלטן נייע, ערשט אַנטפּלעקטע,
צעלויכטן זיך ביי אים אין מאַרך —
איז אַלץ געוואָרן קלאָר און שאַרף.
ס׳מעסט פיניע אַלץ מיט מאָס פון לאָגיק
אויף דינער וואָגשאָל פון פאַרשטאַנד —
און איבער אַלץ די אויבערהאַנט
זיין ווילן נעמט־אָן בהדרגה.
ער זוכט — און וויל דערגיין אַ טאָלק:
דעם חילוק צווישן קלאַס און פאָלק.

.7

ער שטורעמט שוין די מאַרקס־היכלות,
און ס׳האָט פאַרטיי אים שוין באַמערקט:
ס׳קאָן פּאַוועל אָסיפּאָוויטש יאָלעס
מיט לאָגיק ממש רייסן בערג.
עס האָבן פעלדמאַן און גאַמאַרניק1)
אין הינטער־הויף אויף דער „טאָוואַרנע״2)
ביי טרייען חבר — קאַראַאים
צוויי מאָל באַגעגנט זיך מיט אים.
און סאַשאַ איז אויף וואַך געשטאַנען,
געהיט דאָס הויז ביז שפּעט ביינאַכט:
עס האָבן יאַטן דאָרט באַטראַכט
אַ „סטאַטשקע״ אָנהויבן אויף באַנען.
ס׳איז פיניע׳ס לאָגיק — ווי אַ שווערד.
מע האָט צו אים זיך צוגעהערט.

.8

געוועזן איז דאָס אין ניינצן־פערצן,
אַ פּאָר חדשים פאַרן קריג.
ביים מיטינג — יאַטן פון געווערקצייג
און יאַטן — פון דעם „פּאַראָוויק״.
נאָר ס׳האָט פאַרראַטן זיי אַ מסור:
אַ דאַרער נבזה׳קל, אַ שלאָסער

---

1) באָלשעוויסטישע פירער. 2) אַ באַן־סטאַנציע.

פון „גענער שטאָלענעם זאַוואָד"
האָט אָנגעוויזן אויף „קאָמפּלאָט".
און ס'האָבן צאַרישע זשאַנדאַרן
אַרומגערינגלט שנעל דאָס הויז,
נאָר דורך אַ הינטער־טיר אַרויס
האָט זיך געראַטעוועט גאַמאַרניק.
און פעלדמאַנ'ען — אין אַ פּוטליאַר
באַהאַלטן מ'האָט פון דעם זשאַנדאַר.

.9

און בלויז דעם יונגן פיניע יאָלעס
אין יענעם הויז מ'האָט דאַן געכאַפּט,
און אָפּגעשיקט אַהיים אין „וואָלאָסט" 1)
אים קיין פּרילוקי — מיט „עטאַפּ".
און לויט די צאַרישע זאַקאָנעס,
(געהאָלפן האָט נישט קיין שתדלנות
און נישט דעם רייכן טאַטנ'ס „שמיר") —
פאַרשיקט מ'האָט פיניע'ן קיין סיביר.
דערנאָך געקומען קיין פּרילוקי
איז נינאַ אין אַ פּרי־באַגין,
אין פּיין, אין ווייטיק און אין מוקע
געבוירן דאָרט דאָס ערשטע קינד,
וואָס האָט געלעבט בלויז צוויי־דריי טעג —
און איז אין אייביקייט אַוועק.

.10

איז פיניע דריי יאָר אָפּגעזעסן
אין אַ סיבירער ווייטן דאָרף —
און דאָרט זיין מאַרך געשאַרפט מעת־לעת'ן
אויף קאַרל מאַרקס' געשטאַלטן וואָרט.
און ווען „פעווראַל" איז אָנגעקומען,
האָט צווישן „סילני" 2) אים מיט בלומען
די נייע „צייטווייליקע מאַכט"
צ'ריק קיין אַדעס אַראָפּגעבראַכט.
און ווען צעאַקערט האָט „אָקטיאַבער"
די אַלטע וועלט מיט שאַרפן פלוג,
געוואָרן באַלד אַ „פּאָליטרוק" 3)
איז יאָלעס אין די „רויטע שטאַבן".
אין פראָסט, אין שטורעם און זאַווייִ
אַוועק איז ער מיט רויט־אַרמיי.

---

1) קרייז־רעגירונג. 2) פּאָליטישע פאַרשיקטע. 3) פּאָליטישער אָנפירער אין דער רויטער אַרמיי.

# דריטער טייל: בירגער־קריג

## 1. אויף אוקראַינע

### א. הונגער

**1.**

ווען וויקטאָר איז אַהיימגעקומען
קיין כּאַרקאָוו אויפן דריטן טאָג,
האָט אים די מאַמע אויפגענומען
מיט פרייד, געמישט מיט פּיין און קלאָג:
— „אָ, וויטיאַ טייערע, מיין אוצר,
עס איז די גאַנצע וועלט צעקלויצעט,
עס שמעקט מיט בלוט־באָד און מיט מאָרד.
איך האָב זיך דאָ אַזוי געזאָרגט.
איז גוט, וואָס ביזט צוריקגעקומען.
עס איז דאָך כּאַרקאָוו אויך אַ שטאָט:
וועסטו דאָ אָפּגעבן „זאַטשאָט" 1)
און האָבן וועסט אויך דאָ אַ תקומה.
מע קאָן אויך ווערן אַ פּאָעט
אין היגן אוניווערסיטעט." —

**2.**

— „זאָג, מאַמע, ווער קאָן איצטער לערנען?" —
ער שאָקלט פיינלעך מיטן קאָפּ:
— „און ווער קאָן קלייבן חכמה־זערנעס,
ווען אַלץ גייט איצטער באַרג־אַראָפּ?
ווען ס׳האָט צעהוליעט זיך „סוואָבאָדאַ",
איז, מאַמע, מער שוין נישט קיין מאָדע
צו ווערן „דאָקטאָר־פילאָזאָף",
ווייל יעדער טאָג ז׳אַ נייע שטראָף." —
עס האָט געוויינט, געקלאָגט די מאַמע:
— „טו מיר צוליב, מיין גוטער זון!" —
נאָר נישט געגאַנגען איז דער יונג
שוין יענעם זומער צום עקזאַמען:
— ׳ווען ס׳טאַנצט דאָס לעבן, ווי אַ שד,
׳וואָס נוצט צו ווערן אַ פּאָעט!׳ —

**3.**

עס האָט צעברויזט זיך דער „אָקטיאַבער" 2) —
אַ הייסער, בלוטיקער ציקלאָן.
און רוסלאַנד טאַנצט אַ „דאַנס־מאַקאַבער",
געהילט אין לענין־טראָצקי פאָן.

---

1) עקזאַמען. 2) אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

עס רעוועט שטורעמווינט פון צפון,
ווי ס׳וואָלט אַ צוג אין קאַטאַסטראָפע
אַרונטער פלוצעם פון דער רעלס
און אויפגעריסן באַרג און פעלדז.
פון שטאָט און שטעטל שפּאַנט די שנאה
אין רויטן, בלוטיקן פאַרזיי...
ר׳האָט באַלד פאַרגעסן שוין אָן זיי:
אָן פ ר אָ ס י אַ ׳ן, אַ נ נ אַ ׳ן און אָן ט י נ אַ ׳ן,
ווער טראַכטן קאָן פון ליבע-וואָן,
ווען הונגער בושעוועט אין לאַנד?

.4

עס האָט זיך האַרבסט פון נײַנצן-אַכצן,
פּונקט ווי אַ וואָלף, געטאָן אַ וואָרף:
עס פלאַמען הייסע בירגער-שלאַכטן
אין שטאָט, אין שטעטל און אין דאָרף.
עס ברענען גיטער, ס׳פלאַמען נחלות.
אויף ד אַ ן זיך קלייבן „ווייסע" מחנות:
קאַזאַק און סוחר, פּאַן און פּאָפּ
צו קעמפן קעגן „רויטן ראָב".
און כ אַ ר ק אָ ו הונגערט שוין חדשים.
עס בייט די מאַכט זיך יעדע וואָך.
פון הויז צו הויז שפּאַנט אום דער בראָך
און אַלט און יונג דער טיפוס קאָשיעט.
אין הייזער פייפן הונגער-נויט,
אויף גאַסן לויערט-אום דער טויט.

.5

אַ צוגעשמידטער, ווי אין תפיסה,
צום אייגן הויז מיט הונגער-קייט,
וואַרגט ו י ק ט אָ ר זיך מיט קאַרגן ביסן
פון לעצטן, האַרטן שטיקל ברויט.
און ס׳פּאַלט אים איין: אין דערפל ס ט אַ כ י
אויף רחבות פון פּאָדאָליער שליאַכן,
דאָרט וואוינט זיין מאָסקווער חבר ק ל י ם, —
וועט ער זיך לאָזן גיין צו אים.
ס׳איז ק ל י ם א י ו אַ נ אָ ו י ט ש י ו ר י צ י ן
געוועזן אַ זון פון עקאָנאָם,
איז אפשר גאָר אַ פלעשל ראָם
ר׳וועט אויסבייטן אויף ברויט מיט גריצן.
אין קאַמער אָפּגעזוכט צוויי זעק —
און ו י ק ט אָ ר גרייט זיך שוין אין וועג.

.6

און ביי דער מאַמע'ן טרערן זידן:
— „אַך, וויטיענקאַ, דו ביזט אַ ייד,
און „גרינע באַנדעס" קוילען יידן —
זיי וועלן ברענען דיר די טריט."
האָט וויקטאָר טיף אַראָפּגעשלונגען:
— „אַנשטאָט צו פּעכניען דאָ פון הונגער,
איז בעסער לאָזן זיך נאָך ברויט —
איך וויל נישט וואַרטן אויפן טויט...
חוץ דעם, כ'האָב אָפּגעלעבט אַ לעבן,
איז זאָג: מיט וואָס בין איך אַ ייד,
אַז נישט דיין „אַזבוק" 1) קען איך ניט
און נישט אַ וואָרט פון דיין „מאָליעבען". 2)
ווי אַלע רוסן, כ'בין אַ רוס —
און כ'וויל נישט, מאַמע, זיין קיין טרוס." —

.7

צעווישן דאָכנע און קריזשאָפּאָל
אויף האַרבסטיק־רעגנדיקן טראַקט
אַ בחור שפּאַנט — אַ שלאַנקער טאָפּאָל —
און אויף די פּלייצעס טראָגט אַ זאַק.
ער האָט דערשלאָגן זיך פון כאַרקאָוו
מיט באַן דורך סטאַנציע וואַפּניאַרקע
און דאָרט זיך אָפּשטעלן געמוזט —
און ווייטער דאַרף מען גיין צופוס.
ער טראָגט אַ שאָפּענע „פּאַפּאַכע", 3)
אַ גרויען, פויערשן „קאָזשוך": 4)
צום פריינטל זיינעם אויף באַזוך
שפּאַנט וויקטאָר צו דעם דערפל סטאַכי.
פאַרביי די רעלסן פון דער באַן
ער שפּאַנט מיט שטעקן אין דער האַנט.

.8

אויף הימלען שווימען שווערע כמאַרעס,
אויף אָסיען־פעלדער שמעקט מיט שלאַכט,
ווייט איבער טאָלן, איבער יאַרן
זיך שלענגלט דער פּאָטשטאָווער שליאַך.
די אָסיען־בלעטער צונטער ברענען.
ס'איז שווער אין גייער צו דערקענען
דעם דיכטער וויוגין — דעם סטודענט.
דער וואַלד מיט בונטע פאַרבן בלענדט.

1) אַלף־בית. 2) תפילה. 3) קוטשמע. 4) פעלץ.

אויף יונגע אַקסלען, ווי פאַר'חלש'ט,
זיך באַמבלט, באַמבלט ברוינער זאַק.
און וויקטאָר איז צום היידאַמאַק
אין וויסטע הענט אַריינגעפאַלן.
פון וועלדל רייטן צוויי פאַרשוין —
און וויקטאָר איז געבליבן שטיין.

### 9.

און ווי טייוואָלים, מיט די שפּיזן
אַרויסגעוואָקסן פון דער ערד,
די כלאָפּציעס האָבן זיך באַוויזן
אויף ביסטרע צוויי, אויף קאָרע פערד.
— „פאָסטאָי, בראַטאָק, קודי טי אידיש?" — 1)
און וויקטאָר קוקט אויף זיי מיט חידוש —
און גיט אַ הויב־אויף זיינע הענט:
— „יאַ, בראַטצי, כאַרקאָווסקי סטוודענט!
אַ יעדו יאַ אוזש טרעטי סוטקי
קאָ דרוגו קלימו איז מאָסקווי.
אַ ווי־טאָ, מילי־יע, קטאָ ווי?
אַ וו'כאַרקאָווי — טאַם גאָלאָד זשוטקי..." — 2)
— „טי זשיד, מאָסקאַל, אַל יאַקעי טשאָרט?" — 3)
און וויקטאָר ווייזט זיי דעם פאַספּאָרט.

### 10.

— „טי סאַמאָראָד, טאַי וויקטאָר לוואָוויטש!" —
קנאַקט מיט דער צונג דער היידאַמאַק:
— „פידעם סאָ מנאָיו, האָנאָראָווי,
נעכאַי ראַססודע פּאָלטאָראַק,
טאַי אַטאַמאַן ווין נאַש, האַוורילע..." — 4)
ער גיט אַ שפּאָרע די קאָבילע:
— „נו, האַידאַ, כלאָפּיעץ, ז'מיסטאַ מאַרש!" — 5)

---

1) — „שטיי ברודערקע, וואוהין גייסטו?" — 2) „איך בין, ברידערלעך, אַ כאַרקאָווער סטודענט. און פאָרן פאָר איך שוין דעם דריטן מעת־לעת צו מיין מאָסקווער פריינט. און ווער זענט איר, ליבינקע? און אין כאַרקאָוו איז אַ שרעקלעכער הונגער." — 3) — „דו ביזט אַ ייד, אַ מאָסקוויטער, צי דער טייוול ווייסט ווער?" — 4) — „קום מיט מיר, פריצ'ל, זאָל דיך משפּט'ן פּאָלטאָראַק, אונדזער אַטאַמאַן." 5) — „נו, בחור'ל, גיב זיך אַ ריר פון אָרט!" —

## ב.ביים „באַטקאָ"1) פּאָלטאָראַק

.1

צעווישן אָפּגעהאַקטע פּניאַקעס
אַ שטיבל שטייט אין שקיעה־שיין.
אַהין — אין „וואָלאָסט" — הײַדאַמאַקעס
דעם בחור פירן שטיל אַריין.
אין ענגער, שטרוי־באַדעקטער כאַטע,
מיט רויטן שראַם אויף פּנים גלאַטן,
דער „באַטקאָ" זיצט — פאַרשטאַרט און שטאָלץ,
ביים הויכן טיש פון דעמבן־האָלץ.
דער געלער קאָפּ איז ווי אַ דיניע,
די גרינע אויגן — פון אַ ברוט:
עס שמעקט פון אים מיט קרויט און בלוט,
מיט פערדן־ריח און מיט פּסינע.2)
אויף העלע וואָנצעס — בלאָנד און גרוי —
דער שמייכל שלענגלט — בייז און שלוי.

.2

— „דזשין דאָברי, מילי טי נאַש „באַטקאָ"!" — 3)
דער שייגעץ נויגט זיך ביז די קני:
— „מאָסקאַליאַ, זשידאַ, אַלי קראַטקאָ
סיודי טעבע מי פּריוועזלי!" — 4)
דער „באַטקאָ" קוקט מיט אויגן גרינע:
— „דאַ כטאָ־זש טי בודע? ווידקו, סינו:
מאָסקאַל, טשי זשיד, אַל באָלשעוויק?" — 5)
און ס׳מיניעט שעלמיש זיך זיין בליק.
און וויקטאָר נעמט אַרויס זיין פּאַספּאָרט —
און ווייזט דעם „באַטקאָ" אים געשווינד:
— „דאַ יאַ „פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין! 6)
דו זעסט: געשטעמפּלט און גע׳חתמ׳עט!" —
דער „באַטקאָ" שמייכלט ליסטיק־קלוג —
און גיט פון גלאָז אַ טיפּן שלוק.

---

1) אַטאַמאַן. 2) הונט־געריך. 3) — „גוט־מאָרגן, ליבער אַטאַמאַן!" — 4) — „אַ רוס, אַ ייד, צי אַ גנב האָבן מיר דיר געבראַכט!" — 5) — „איז ווער ביזטו און פון וואַנען, זון?" — 6) — „איך בין אַן ערנהאַפטער בירגער!" —

.3

און ווי אַ חזיר, ר׳טוט אַ פּאַרסקע.
נאָר פּלוצעם — הינטער אים אַ קוויטש.
און וויקטאָר זעט: פאַר אים שטייט פּראָסקאַ:
— „אַך, וויקטאָר לוּאָוויטש — נאַש פּאַניטש!
צע ווין־זשע באַרין נאַש, האַווּרילע!
אַ יאַ־זש או ניך וו׳דאָמו סלוזשילאַ,
או וויערי לוּאָווני סאַמאָראַד,
טאַי וו׳כאַרקאָווי וו׳זאַפּראָשלי גאָד.״ —1)
זי גיט אַ שפּאַן צו סאַמאָראַד׳ן,
זי וויל אַרומנעמען דעם יאַט,
נאָר האַלט זיך אָפּ, כדי ביים קאַט
דאָ נישט אַרויסרופן קיין חשדים:
— „וואָס הערט זיך אין דער גרויסער שטאָט?״ —
זי גיט אַ פרעג אויף גאָט׳ס באַראָט.

.4

זי גיט אַ זעץ זיך צו צום „באַטקאַ״
און נעמט אים גלעטן אויפן קין:
— „דאַ ווין נע „קראַסני״, ווין נע קראַטקאָ,
דאַ ווין „פּאָטשאָטני הראַזשדאַנין״!״ —2)
און פּראָסקאַ רעדט מיט שטים פאַרשטיקטער:
— „אַ עטאָט, סטאַרי דרוג מאַי וויקטאָר,
צע מאַי האַוורילע, מאַי זשעניך.״ —3)
זי גיט אַ קוש אים אין געזיכט:
— „אַ מאַי האַוורילע דאָברי כלאָפּיעץ,
מי סקאָראָ ז׳נים פּידעם פּאָד שליוב״!״ —4)
און וויקטאָר זעט, ווי פון איר טשוב
און פון איר שטערן טריפן טראָפּנס.
און וויקטאָר גיט זיך אַ פאַרנויג —
און פּראָסיאַ פינטלט מיט אַן אויג.

---

1) —„האַווּרילע, דאָס איז אונדזער פריץ וויקטאָר סאַמאָראָד. דאָס האָב איך מיט צוויי יאָר צוריק געדינט ביי זיין מאַמע׳ן אין כאַרקאָוו.״ —2) — „ער איז נישט קיין „רויטער, ער איז נישט קיין גנב, ער איז אַן ערנהאַפטער בירגער!״—
3) און דער איז מיין חתן, מיין האַווּרילע!״ — 4) — „און מיין האַווּרילע איז אַ וואוילער יונג. מיר וועלן איינגיכן חתונה האָבן.״ —

.5

דער „באַטקאָ" קוקט מיט אויגן גרינע —
און ס׳גיט זיין קול אַ ווילדן ברום:
— „נו, וואָט טי, פראָסקאַ — מאָלאָדטשינאַ,
קאָלי ווין קום טוואָי, ווין מאָי קום!
אוזש דאָברי, טי יעהאָ פיזנאַלאַ:
טי כליבאַ דאַי יעמו אי סאַלאָ...
נע בים, יאַ כלאָפּטשיקאַ נע ז׳יעם...
אַ פּיסליע וסיאָ מי ראַזבערעם." — 1)
האַוורילע שפּאַנט אַרויס פון חדר,
און פראָסקאַ לאָזט זיך גיין אין קיך.
און וויקטאָר וואַרט: אויף פּלייצע קריכט
אַ נאַסע שלאַנג — די שרעק און שוידער.
נאָר פּלוצעם — פראָסקאַ׳ס שטים ער הערט:
— „פּאַניטשו, קום אַריין אַהער!" —

.6

און פּלוצעם שטעקט אַריין האַווריל ע
אין טיר פון קיך זיין געלן טשוב:
— „נו, אידים מי נאַ נאָווי דילאַ,
יאַק יאַ ווערטאַיוס, בודע שליוב.
טאַק זשדי מענע טוט, מילאַ־דושאַ.
אַ וויקטאָר — טי יעיאָ יאַק גרושו,
טי נע טריאַסי, מאָי קום דורני,
באָ כלאָפּיעץ יאַ אוזש דיוזשע זלי." — 2)
עס טוט פון באַנק אַ שפּרונג אויף פראָסקאַ
און צו דעם „באַטקאָ" זיך אַ לאָז.
ער גיט אַ קוש איר אויף דער נאָז,
און מיט דער צונג ער גיט אַ פּאָרסקע.
און וויקטאָר׳ס האַרץ — אין ברוסט אַ שטויס,
און ס׳שלאָגט אויף לייב אים אויס אַ שווייס.

---

1) — „נו, פראָסקאַ, ביזט ביי מיר אַ וואוילע. אויב ער איז דיין פריינט, איז ער אויך מיין פריינט. עס איז גוט, וואָס דו האָסט אים דערקענט. גיב אים ברויט און חזיר. שרעק זיך נישט, איך וועל אים ניט אויפעסן. און שפּעטער וועלן מיר אַלץ אויפקלערן!" —

2) — „מיר פאָרן איצט אויף אַ „נייער טאַט". ווען איך וועל צוריקקומען, וועלן מיר חתונה האָבן. איז וואַרט אויף מיר, מיין טייערע. און דו, וויקטאָר, טרייסל זי דאָ נישט, ווי אַ באַרנע, מיין נאַרישער פריינט, ווייל איך בין זייער אַ בייזער מאַן!" —

**.7**

אַ פּראָסטיק-זילבערנע לבנה —
ווי ס'טויטע אייגל פון אַ פיש,
זיך שפּיגלט-אָפּ אויף וויקטאָר'ס פּנים,
אין גלאָז מיט מילעך אויפן טיש.
און פּראָסקאַ קוקט אויף אים פאַרטאַיעט:
— „איך וועל דיך, וויטיענקאַ, באַפרייען
פון היגן היידאַמאַקן-פלען!” —
און גלעט אים מיט די שאָרסטקע הענט:
— „איך האָב אים, וויטיאַ, ווי דעם טייוול,
עס שמעקט פון אים מיט בלוט און דיאָכט...
און דיך, מיין יינגל, ליב איך נאָך...” —
און ס'גיט אין אויג אַ בליץ די תאווה:
— „איך וואַרט אויף דיר שוין, וויטיאַ, לאַנג...” —
— „ניין, טייטן וועט אונדז אַטאַמאַן!” —

**.8**

דער אָוונט בלויט אויף פענצטער, טירן —
אַ בלויע, אויסטערלישע בלום:
— „איך טאָר דיך, פּראָסקאַ, נישט באַרירן,
עס וועט אונדז אומברענגען דיין „קום”.” —[1])

— — — — — — — — — — — — — —

**.9**

— „דו ביזט גערעכט, מיין ליבער וויטקאַ,” —
זי ענטפערט אים מיט ציטער-קול:
— „נאַ, טו דיר אָן האַווריל'ס „סוויטקע”,[2])
דאָס הויכע היטל מיטן טראָלד.
אויף דעם „פּאַראָל” וועל איך דיר געבן —
דו לאָז זיך גיין אַראָפּ צו'ר גרעבליע,
אויף רעכטס דאָרט פירט אַ שמאָלער שטעג
צוםברייטן האַלאַשאַנער וועג.
פון דאָרט פאַרנעם אויף רעכטס זיך ווידער:
בלויז פינעף ווערסטלעך קיין טולטשין,
זאָלסט נאָר דערשלאָגן זיך אַהין:
דאָרט איז פאַראַן אַ שטאָט מיט יידן!” —
ווען ס'האָט אַ שפּראָץ געטאָן באַגין,
האָט וויקטאָר שוין דערגרייכט טולטשין.

1) אַ פּריינט. 2) אַ פּויעריש פּעלצל.

## 2. וויקטאָר דערקענט זיין שטאַם

### א. אין טולטשין

**1.**

ס׳האָט דער באַגין, ווי בלויע סינקע,1)
אויף קילער ערד אַ שפּראָץ געטאָן,
ווען וויקטאָר האָט צו דער „טולטשינקע”2)
פאַרקליבן זיך מיט קריי פון האָן.
ס׳האָט קיינער נישט באַמערקט זיין קומען.
ער איז דאָס טייכל דורכגעשוואומען,
אַוועקגעלייגט זיך אין אַ קוסט —
און דאָרט צעשוונדן זיך דעם פוס.
עס האָט די וואונד געשמאַרצט, געבלוטיקט
אין ענגער כאָליעווע אַריין.
ר׳האָט נישט געקרעכצט פון ווייַ און פיין —
און בלויז פאַרקריצט די ציינער מוטיק.
ער זעט: אַ הייזקע און „פּאָדוויר”3) —
און קריכט אַהין אויף אַלע פיר.

**2.**

ער פויזעט, ווי אַ טשערעפּאַכע.
עס ברעכט פון ווייטיק זיין געניק.
דערזעט אַ שילד פון זייגערמאַכער:
אלעזר ביק — אַ „טשאַסאָווטשיק”.4)
עס שמעקט מיט פרישן ברויט און אינגבער.
קלאַפּט וויקטאָר אָן מיט קראַם אין פינגער
אין קילער שויב — פאַרהויכט מיט טוי —
און וואַרט אויף ענטפער מיט פאַרטרוי.
עס שטעקט אַ ייד פון פענצטער בלויען
אַרויס אַ שמאָלע, רויטע באָרד:
— „אַ כטאָ טאַם, כטאָ טאַם? ווער איז דאָרט?” —
ער פרעגט אויף יידיש, האַלב אויף גויאיש.
דאָס קול איז פול מיט פיין און שרעק
פאַר שאַרפע היידאַמאַקן־העק.

**3.**

און וויקטאָר כאַפּט זיך: ר׳קאָן נישט ריידן
צום יידן אויף זיין יידן־שפּראַך.
עס קאָרטשעט זיך זיין האַרץ פון שווידער —
און ער דערפילט זיך קליין און שוואַך.
עס קוקט דער ייד אויף וויקטאָר׳ס הילוך:
עס האָט אַזאַ זיין ווייב פאַרטיליקט

1) בלויע פאַרב. 2) טייכל. 3) הויף. 4) זייגערמאַכער.

ערשט מיט חדשים פיר צוריק...
און ס׳גיט אַ צוק מיט האַס זיין בליק.
נאָר וויקטאָר ווייזט אים אויף כאַליאַווע
און רייסט אַרונטער דעם קאַלפּאַק:
— „יעי באָגו, יאַ ניע היידאַמאַק!
יעווריי יאַ, טאַטשנאָ ווי — ניע דיאַוואָל!״ —1)
דער ייד אַן עפן גיט די טיר —
און אים אין שטוב אַריין ער פירט.

.4

— „יאָ, איך אַ ייד... פון דיין אמונה...״ —
רעדט וויקטאָר ווייטער: — „יאַ ניע זוויער...2)
פון היידאַמאַקן-פּלען אַנטרונען —
און קוים דערקליבן זיך אַהער...
און אויפן וועג אַ פּוס גערצאַניעט...
און דאָ ביי מיר פאַראַן אין ראַניעץ3)
איז אַ באַנדאַזש... אַ ביסל יאַד...
זאַ ווסיאָ וואַס וואַזמיעסטיט גאַספּאַד!״ —4)
און ס׳רופט דער ייד אוים: — „כאַיקע! כאַיקע!
קום שנעל אַריין אַהערצו, שנעל!״ —
אַ מיידל ווייזט זיך אויפן שוועל
אין קורצער גרינלעכער „פּופּאַיקע״.5)
ס׳האָט וויקטאָר׳ס האַרץ געטאָן אַ צוק
פון ערשטן קוק, פון ערשטן קוק.

.5

די רויטע האָר אויף בלייכן שטערן,
די מאַנדל-אויגן — איילבירט-שוואַרץ,
די גלידער — ווי ביי אַ פּאַנטערע:
אי פלינק, אי בויגעוודיק, אי צאַרט.
ער האָט פאַרגעסן אויף אַ רגע
דעם שאַרפן ווייטיק, ווען באַגעגנט
האָט ער איר כישוף׳דיקן בליק,
וואָס האָט געפענטעט אים, ווי שטריק.
אויף בלויז איין רגע... ווידער שרויטיק
האָט אים דער ווייַ אַ נעם-געטאָן —
און וויקטאָר ליאַסקעט צאָן אויף צאָן
פון שאַרפן, פיינענדיקן ווייטיק.

1) — „גלויבט מיר, איך בין נישט קיין היידאַמאַק. איך בין אַ ייד, פונקט ווי איר — און נישט קיין טייוול.״ — 2) חיה. 3) רענצל. 4) — „גאָט וועט אייך פאַר אַלץ באַצאָלן!״ — 5) לייבל.

עס ווערט אים הייס און ס׳ווערט אים קאַלט.
און פּלוצעם פילט ער, ווי ער פאַלט.

**.6**

דאָס רויטע מיידל פלינק זיין שטיוול
האָט אויפגעשניטן אויף דער נאָט,
די ווייסע מאַרליע שנעל צעדריוולט
און האָט די וואונד באַשמירט מיט יאָד
און אַלץ אַרומגעבעט מיט וואַטע:
— „ס׳איז פאַרטיק אַלץ... און איצטער, טאַטע,
ווען ס׳איז די וואונד פאַרבאַנדאַזשירט,
דערלאַנג דעם גאַסט דאָס פלעשל ספּירט
און גיב אים אויסטרינקען אַ גלעזל,
וועט ער פאַרגעסן גאָר די פּיין.
עס וועט אים, מירטשעם, גאָר נישט זיין —
און שלאָפן וועט ער, ווי אַ העזל...״ —
ער טרינקט דעם ספּירט — און ס׳ווערט אים גרינג,
און באַלד אין טיפן שלאָף פאַרזינקט.

**.7**

ר׳האָט אויפגעכאַפּט זיך ערשט פאַרנאַכטצו.
אויף אָוונט-שויבן שקיעה גליט.
ער פילט, ווי ניי-געבוירן, דאַכט זיך...
נאָר וואו געפינט ער זיך? ביים ייד.
ער גיט אַ הויב זיך פון געלעגער:
— ׳אך, ווי קאָן האַלטן איצט דער זייגער?
— ׳זאָל זיין, ס׳איז זיבן? אפשר אַכט?׳ —
אויף שויבן גנב׳עט זיך די נאַכט.
און מיט אַ שטימע, מיט אַ שוואַכער,
ער גיט אַ רוף, ווי אין דעליר.
און ווי אַ שאָטן, ביי דער טיר
וואַקסט-אויס דער רויטער זייגערמאַכער:
— „איך זע, מיין אורח פילט זיך וואויל,
איז דאַרף מען נעמען וואָס אין מויל.

**.8**

— „איך רעד צו אייך דאָ מאַמע-לשון,
און איר פאַרשטייט דאָך נישט קיין אות:
דאָס גויאיש מיינס ז׳ניט ווערט קיין גראָשן,
דאָס רוסיש מיינס — קיין זייפנבלאָז.
וועל איך אַריינרופן מיין „פּריצה״.
זי לערנט זיך אויף „פעלדשעריצע״,

— „אויף פרויען־קורסן אין אָדעם —
ס'וועט אייך געפעלן אירע קעסט...״ —
ער גיט אַ רוף מיט שטים מיט ברייטער —
און ס'קומט דאָס מיידל באַלד אַריין.
און ווי אַ קרוין — אין שקיעה־שיין,
עס גיט אַ בלענד איר קאָפּ דער רויטער.
זי טראָגט אַ גרינעם סאַראַפאַן,
און לעפּל־גאָפּל אין דער האַנט.

.9

דאָס מיידל שטעלט אַן אָפּגעקאָכטע,
אַ יאַיכל אויפן טיש אַוועק.
— „דו רעד צו אים, מיין ליבע טאָכטער,
ער קען קיין יידיש נישט קיין לעק.
און פרעג ביי אים: פון וואַנען שטאַמט ער?״ —
זי פרעגט אויף רוסיש, אַ צעפּלאָמטע:
— „ווי רופט מען אייך? איר קומט פון וואַן?״ —
און וויקטאָר ענטפערט, ווי אין טראַנס:
— „איך קום פון כאַרקאָוו, ליבע מענטשן,
און וויקטאָר הייס איך, סאַמאַראַד.
און זאָל דער גוטער, אונדזער גאָט
פאַר אַל דער גוטסקייט אייך דאָ בענטשן.
כ'וואָלט איצט געווען שוין טויט, איך גלויב,
ווען כ'קלאַפּ נישט אָן ביי אייך אין שויב.״ —

.10

— „אָך, סאַמאַראַד, איר זאָגט, פון כאַרקאָוו,״ —
רופט־אויס אלעזר, ווי אין טשאַד:
— „זאָל גאָט דער מעכטיקער מיך שטאַרקן —
איך האָב אַ קרוב דאָרט געהאַט.
געהייסן לייבקע פון זשיטאָמיר:
עס האָט פאַרלוירן אין פּאָגראָם ער
גאָר די משפחה און ס'פאַרמעג —
איז ער קיין כאַרקאָוו דאַן אַוועק.״ —
דאָס מיידל וויקטאָר'ן זעצט איבער
אלעזר'ס רייד געניי און פּונקט.
ער גאַפט: — „כ'בין יענעם לייבקע'ס זון,
דעם טאַטן זאָגט עס, כאַיקע ליבע!״ —
אלעזר'ס פּנים שטראַלט פון גליק:
— „ס'האָט גאָט אַליין דיך צוגעשיקט!״ —

## ב. דעם זייגערמאַכער׳ס טאָכטער

1.

און וויקטאָר איז שוין דאָרט פאַרבליבן,
ביי זיי, דעם קראַנקן פּוס געהיילט.
און ס׳האָט אלעזר אים מיט ליבע
פון זיין משפחה פיל דערציילט:
אי וועגן זיידן, וועגן טאַטן,
וואָס מ׳האָט גערופן ליבקע סטאַטיק,
ווי פאַרן זיידן, פאַרן גבר,
געציטערט גוי האָט אויפן מאַרק.
און איינמאָל האָט דער זיידע יונה,
ווען ס׳האָט גערדאָט מיט אַ פּאָגראָם,
אין הענט גענומען האַק און לאָם
און זיך געשטעלט אַנטקעגן שונא —
און לעבן ליזשנעווער אַפּטייק
צוויי רוצחים דאָן אַוועקגעלייגט.

2.

און וויקטאָר הערט, מיט האַרץ פאַרטאַיעט,
אלעזר זייגערמאַכער׳ס רייד —
און טאַטע-זיידע ווערן טייער,
און ס׳וואַקסט אין אים אַזאַמין פרייד.
און ער דערציילט מיט ציטער-פלאַטער:
— „געשטאָרבן איז פון „טיף" מיין טאַטע,
שוין אַכצן יאָר זינט דאָן אַוועק,
איך בין געווען נאָך גאָר אַ שנעק.
די מאַמע מיינע — אַן אַלמנה
אין כאַרקאָוו וואוינט — אַ שטילע טויב...
און אַלץ צעפּלינדערט, אַלץ צערויבט
עס האָבן „רויטע", „גרינע" שונאים." — 1)
און ער דערציילט זיי וועגן „פּלען",
וואָס ער האָט דאָרט זיך אָנגעזען.

3.

עס לויפן טעג, ווי פלינקע האָזן,
אַריבער דאָרפיש-שמאָלן וועג.
ביים זייגערמאַכער ר׳ אלעזר
וואוינט וויקטאָר שוין אַ צען-צוועלף טעג.
אין אַלטן אָפּגעקראָכן רעקל
ער שפּאַנט אַרום שוין מיט אַ שטעקן

1) „רויטע" — באָלשעוויקעס. „גרינע" — פּעטליוראָווצעס.

אין גראַמען חדר — היין און צ׳ריק,
נאָר ס׳גליט מיט ווייטיק נאָך זיין בליק.
ער שפּאַנט אַריין אין צווייטן חדר:
אלעזר אויף אַ בענקל זיצט,
אין שאַרפן אויג די „לופּע״ 1) בליצט,
פאַרטיפט אין טעגלעכער עבודה.
עס דוכט זיך וויקטאָר׳ן, פאַרוואָר:
דער ייד זיצט דאָ שוין טויזנט יאָר.

.4

עס וויל אים וויקטאָר דאָ נישט שטערן
און גיט אַ שאַר זיך צו דער טיר.
אלעזר גיט אַ קרעכץ אַ שווערן:
— „קום, זעץ זיך, וויקטאָר, לעבן מיר!״ —
ער גיט אַ וויש פאַרהויכטע ברילן:
— „איך פאַרקע גלאַט זיך — אוים רגילות...
דו מיינסט איך אַרבעט? ווייסיך וואָס!
און דו? פאַרשטייסט דאָך נישט קיין אות.

.5

— „איך ווייס: ס׳איז נישט דיין שולד, מיין ליבער,
וואָס ביסט אויף מאַמע־לשון שוואַך...
עס איז מסתם געווען אַ סיבה...
כ׳וועל פּרוּוון ריידן אויף דיין שפּראַך...״ —
און וויקטאָר קוקט אויף אים פאַר׳חידוש׳ט:
— „ניעט, רעדט, פּראָשו וואָס, טאָלקאָ יידיש,
מיר — רעדן טרודנאָ, נאָר פאַרשטיי!...״ — 2)
ער בראָקט דאָס לשון, ווי אַ גוי:
— „יאַ פּאָנימאַיו... פּאַרו ווערטער...
און טשודנאָ איז מיר... קאַזשדי וואָרט...
אי סוט לאָוליו יאַ... דאָ און דאָרט...
און קאַזשדי זוואוק... מיין אוכאָ צערטלט...3)
ס׳איז גוט צו זיין אַ „טשאַסאָווש טשיק״ —
און זען די „סטריעלקי״ 4) אין צעוויג.

---

1) אַ זייגערמאַכער׳ס כלי. 2) — „רעדט, איך בעט אייך, בלויז יידיש. מיר איז שווער צו ריידן, נאָר איך פאַרשטיי״. — 3) — „איך פאַרשטיי אַ פּאָר ווערטער. און יעדער וואָרט קלינגט מיר אַזוי מאָדנע. איך כאַפּ דעם זין. און יעדער קלאַנג צערטלט מיין אויער.״ — 4) ווייזערס.

.6

ביי ברוינער וואַנט — אַ הויכער זייגער
טיק־טאַקט מיט אָפענעם געציינ,
ווי ס׳וואָלט אַ גרויסער, שוואַרצער פויגל
גערינסן זיך פון ענגער שטייג.
א ל ע ז ר שמייכלט, אַ פאַרשוויצטער:
— „זאָג, ווער דאַרף האָבן זייגערס איצטער,
ווען ס׳יאָגט די צייט זיך פּוסט־און־פּאַס,
באַנומען, ווי אין משוגעת?
אַריבער שטעט, אַריבער לענדער
דער אומגליק האָפּקעט אַ קאַדריל,
די ווייזערס לויפן אין געווילד —
און ס׳פירט דער אומרו דאָ די גרענדע.
ווער יאָגט זיי נאָך דאָ אין געוועט?
נישט אַנדערש — ער, דער ג ר ו י ס ע ר ש ד.

.7

— „און די ספּרוזשינע איז מכולה:
עס פעלט אַ שרייפל איר, מיין זון —
איז ריידן „ר ו י ט ע" פון גאולה,
און „ג ר י נ ע" קוילען אַלט און יונג.
און ער — דער טויט איז גייציק, גייציק...
איז ווייזן אַלע ווייזערס דרייצן —
און ס׳שטעלט זיך זייגער פּלוצעם אָפּ..." —
א ל ע ז ר שאָקלט מיטן קאָפּ.
און ו י ק ט אָ ר שטאַרט מיט בליק אין שטח,
און אויף זיין שטערן שלאָגט אַ שוויים:
— „סאָ מנאַי אוטשיטיע... אַלעף־בעים,
יאַ וואַס פּראָשו, א ל ע ז ר, כ׳בעט אייך!...1)
אין וואַש יאַזיק 2) איז אַלץ דאָ שיין.
כ׳וויל אויך די „ביבליאַ" 3) פאַרשטיין." —

.8

אין שטעטל קריכן סלוכן שווערע
און יאָגן זיך פון הויז צו הויז.
דער זייגערמאַכער פליימיק לערנט
מיט ו י ק ט אָ ר ׳ן דעם אַלף־בית.
און שטאָלץ ז׳ א ל ע ז ר מיט זיין קרוב:
די אותיות כאַפּט ער מיט זכרון,

1) — „לערנט מיט מיר דעם אַלף־בית, איך בעט אייך!" — 2) אייער שפּראַך.
3) די ביבל.

ווי ס׳כאַפּט די זון — דער טעלעסקאָפּ.
דער בחור האָט אַ גוטן קאָפּ.
אלעזר וויקלט די רצועות
אויף ווייסער, קלייענדיקער האַנט —
און וויקטאָר גאַפט אין זיסן וואַן
און כאַפּט דעם אַלטנ׳ס יעדע תנועה:
— „קאַקאַי טשודנאַי נאַראָד — דער ייד: 1)
ער מאָדליעט זיך מיט יעדן גליד!" —

.9

אלעזר לייגט מיט אים די תפילין —
און וויקטאָר שטראַלט פון זיסער פרייד,
ווען ער זאָגט־נאָך נאָך אים די תפילה
און לייגט אַריין די תפיל אין שייד.
און עס דערציילט אים אויך אלעזר,
אַז יעדער פּאַן און יעדער דזאַר
געפּייניקט האָט זיין אַלטן שטאַם:
מיט שווערד, מיט טויפונג און מיט פלאַם.
און וויקטאָר הערט זיך צו מיט טרויער —
און פרעגט מיט יינגלישן עקסטאַז:
— „טאַק טשטאָ־זשע סאָכראַנילאָ נאַם
אָט זליושטשעי ניענאַווּיסטי גאָיעוו?" — 2)
— „עקשנות, גלויבן אָן אַ גבול
און זין פאַר יושר און געדולד." —

.10

אין שטעטל רייסט זיך שוין דער אָסיען.
ס׳איז טריב און טרויעריק אין גאַס.
ביז שפּעטע, עסעריקע חצות׳ן
אלעזר שפּילט אין „בלאַנדזש" 3) מיט גאַסט.
און וויקטאָר טראַכט: — ׳גענוג געגאַסטיעט!׳ — 4)
נאָר ס׳שטייט די יונגע באַלעבאָסטע
פאַר זיינע אויגן, ווי אַ טרוים.
וואָס וועט ער איילן זיך אַהיים?
נאָר כאיקע גייט אַרום פאַראומערט,
די אויגן צאַנקן, ווי אַ ליכט,
ווי ס׳וואָלט געשטראַלט אויף איר געזיכט
די גאַנצע פּיין פון אַלטער אומה.
ווי ס׳וואָלט אַרומגעגאַן אין טשאַד —
אַן אָפּגעמעקטער ציפערבלאַט.

---

1) ס׳אַראַ מאָדנע פאָלק — דער ייד. 2) איז וואָס־זשע האָט אונדז אויסגעהיט פון דער בייזער שנאה פון די גויים? 3) דאָמינאָ. 4) זיין צו־גאַסט.

.11

זי זיצט פֿאַרשפּאַרט ביי זיך אין חדר,
פֿאַרזונקען אין אַ רוסיש בוך.
ס׳האָט וויקטאָר צוויי מאָל מיט איר ריידן
געמאַכט אַפֿילו אַ פֿאַרזוך.
אַריבער אַפּלען — אַזאַ רויכל.
זי ענטפֿערט אים מיט ווייכן שמייכל:
— „איך האָף, דער חולה פֿילט שוין גוט!" —
און ס׳גליווערט וויקטאָר׳ן דאָס בלוט.
ער וואָלט געוואָלט ביים מיידל פֿרעגן:
וואָס איז די סיבה פֿון איר פּיין?
נאָר ס׳לויכט אין אויגן אַזאַ שיין,
ווען וויקטאָר׳ס בליק איר בליק באַגעגנט:
— ׳אַ, ליבער פֿרעמדער, שטיי נישט צו —
׳און לאָז געניסן מיר די רו!׳ —

.12

נאָר וויקטאָר טרעט נישט אָפּ פֿון מיידל.
עס דריקט איר אומעט אויף זיין האַרץ.
ער נעמט פֿאַרטרוילעך צו איר ריידן —
און ס׳קלינגט זיין שטימע וואַרעם, צאַרט:
— „כ׳ווייס, כּאַיקע, נישט ווי איך צו דאַנקן,
וואָס אויסגעהיילט האָט איר אַ קראַנקן
און אויף די פֿיס אים צ׳ריקגעשטעלט..." —
ער רעדט סטאַקאַטאָ: שנעל־שנעל־שנעל.
דאָס מיידל קוקט אויף אים מיט טרויער,
נאָר ס׳איז איר בליק פֿיל מילדער שוין:
— „איר ווייסט דאָך: חיה לעבן מיינט,
איז רופֿט מיך, וויקטאָר, בעסער זאָיאַ.[1]
ס׳איז כּאַיקע גוט פֿאַר אַלטער וועלט,
נאָר זאָיאַ שענער מיר געפֿעלט." —

.13

געוועזן דער קורצער שמועס פֿאַרביידן,
ווי ס׳וואָלט געבראָכן זיך דאָס אייז.
זיצט וויקטאָר אָפֿט ביי איר אין חדר,
נערוועז די לאַנגע ליולקע בייסט.
זי טונקט זיין העמד אין ווייסער „בליטשקע":[2]
— „איך האָב געלערנט אויף „מעדיטשקע"[3]

---

1) חיה אויף העברעאיש און זאָיאַ אויף גריכיש מיינט לעבן. 2) וואַש־שטאָף.
3) סטודענטין פֿון מעדיצין.

אויף אָוונט-קורסן אין אָ ד ע ס...״ —
זי שטייטביים טישל און זי פּרעסט:
— „איך האָב געהאָפט אַ דאָקטאָר ווערן...
און קלאָר געוועזן איז מיין מאַרשרוט...
און איצט איז אַלץ קאַפּוט... קאַפּוט,
און אויסגעלאָשן איז מיין שטערן...
מיין וועלט איז אויסגעשפּילט, פאַרשפּילט...״ —
די גרינע אויגן קוקן ווילד.

.14

— „און איר? איר זענט אַ גוטער שילער:
דער טאַטע האַלט פון אייך אַ וועלט.
נאָר זאָגט, וואָס העלפן קאָן אַ תפילה,
ווען ס׳דראָט דער שונא אונדז מיט תל?
ס׳איז נישט די צייט איצט: זיין פאַר׳חידוש׳ט
און צערטלען יעדן וואָרט אויף יידיש,
ווען ס׳הערשן אומיושר און גוואַלט.
ס׳איז צייט אַ טראַכט-טאָן: וואו איך האַלט?
נעמט מיך אַליין...״ — זי רעדט מיט טרויער:
— „כ׳וואָלט שיצן אויך געוואָלט דעם ייד...
זיך שטעלן אויף זיין צד... ווען ניט...״—
און מיטאַמאָל פאַרהאַקט זיך זאָיאַ
און שטעלט זיך אָפּ אויף האַלבן זאַץ,
די אויגן — גרין, ווי ביי אַ קאַץ.

.15

און וויקטאָר פּרוּווט דאָס מיידל טרייסטן:
— „עס האָבן אין דעם בירגער-קריג
געשטאַלטע, האַמערדיקע פויסטן
נישט אייער חלום בלויז צעדריקט.
איך האָב אין מאָסקווע זיך געלערנט...
נאָר אונדזער צייט מיט טריט מיט שווערע
האָט צו מיין טרוים געמאַכט אַ סוף:
ווער דאַרף אַ „דאָקטאָר-פילאָסאָף״?״ —
און ער דערציילט איר וועגן מאָסקווע,
פון ערשטער ליבע פון סטודענט,
און ווי פון היידאַמאַקן-„פלען״
האָט ערשט געראַטעוועט אים פּראַסקאַ.
און וויקטאָר שפּירט אין פרייד און וויי,
אַז עפּעס שפּינט זיך צווישן זיי.

### ג. אין „ליאָך״ 1)

**.1**

דער שאַרפער סערפּ פון דער לבנה
האָט איינגעשניטן זיך אין רוים —
און ס׳רינט פון הימל בלויער האָניק,
ווי פרישער סאָק פון סאָסנע־בוים.
און ווי קט אָ ר רעדט: — „די רעוואָלוציע —
זאָגט, ווּעמען האָט געבראַכט זי נוצן?
זי איז אין פינצטערניש — אַ שפרונג,
אַ טיפע, יאָטערדיקע וואונד,
ווייל די ספּרוזשינע איז מכולה
פון אַלטקייט שוין, צי גאָר פון פאַל:
די „גרינע״ קוילען יונג און אַלט,
די „רויטע״ ריידן פון „גאולה״.
פון אַלץ ז׳אַרויסגעקלאַפּט דער דנאָ —
און קיין דערלייזונג איז נישטאָ״. —

**.2**

און וויקטאָר זיצן בלייבט אַ שוואַכער —
און ווישט דעם שטערן מיט דער דלאָן...
עס לויפט אַריין דער זייגערמאַכער,
פון פחד שלאָגט אים צאָן אויף צאָן:
— „אַי, קינדער, ס׳קומט אַ נייע באַנדע...
נישטאָ פאַר אייך קיין וועג קיין אַנדער,
ווי שנעל באַהאַלטן זיך אין „ליאָך״ —
עס קומט אויף שטאָט אַ נייער בראָך...
איך וועל פאַרשפּאַרן אַלע טירן
מיט טיש און בענקלעך און קאָמאָד —
און זאָל פון בייז אונדז שיצן גאָט,
נאָר איך וועל בלייבן האַלטן שמירה.
נעמט־מיט מיט זיך אי ברויט, אי קעז...
און אפשר וועט געשען אַ נס!״ —

**.3**

און וויקטאָר זעט, ווי זאָיאַ׳ס פּנים
צעפלאַקערט זיך אין צונטער־רויט —
אַ חיה, וואָס דערשפּירט סכנה
און האַלט די שאַרפע נעגל גרייט.
אלעזר קוקט אויף יונגן קרוב,
וואָס זאָיאַ׳ן גיט אַ נעם ביים אָרעם

1) טיפער קעלער.

און פירט אין קעלער זי אראפ.
דער אלטער שאקלט מיטן קאפ:
— „דאס ליכטל האט איר דא פארגעסן...
נאר ברענט עס נישט די גאנצע צייט...
מיט אט־דעם ליכטל שפארזאם זייט —
עס קאן געדויערן מעת־לעת׳ן..."
ער שטעקט דעם לייכטער איר אין האנט,
די אויגן אנגעפילט מיט בראנד.

.4

עס שמעקט אין ליאך מיט ווילגאטש פייכטן,
מיט קריפ, קארטאפל און מיט קרויט.
און ז א י א האלט אין האנט דעם לייכטער
און וו י ק ט א ר האלט דעם קעז מיט ברויט.
זיי זעצן ביידע זיך אנידער.
זיי פילן ביידע נישט די גלידער
אין קאלטער, פענטנדיקער שרעק.
די רגע׳ס פאלן, ווי די העק.
ס׳האט וו י ק ט א ר באלד דאס ליכט פארלאשן —
איז זיצט מען אין דער פינצטער שטאר.
מע הערט זיך צו, ווי ס׳קלאפט דאס הארץ
און אפגענומען האט זיי ס׳לשון.
און ז א י א ׳ס האנט אין זיינער האלט —
זי ציטערט, ווי א שוואכע שוואלב.

.5

איז זיצט מען שעה׳ן, צי מינוטן...
ווי קאן דער זייגער האלטן איצט?
עס קריכן ווערעם אין די בלוטן —
און פאר די אויגן — רעדער־בליץ...
ס׳איז שטיל אין ליאך: קיין פיפס, קיין שארעך.
און דורך די שפארעס הערט מען קלארער
וויט־וויט — א הייסע שיסעריי...
די לופט שטיקט גליאיקער פון בליי.
און ז א י א טוליעט זיך צום בחור
און רעדט צו אים מיט טרער אין קול:
— „איך בין געוועזן שוין דא אמאל —
איך שרעק זיך, וו י ק ט א ר, פאר די ליאכן..." —
זי קלאמערט זיך אן בחור׳ס האנט —
און וויינט און ציטערט נאכאנאנד.

**6.**

און וויקטאָר גלעט זי אויפן פּנים,
זוכט איינצונעמען איר געהייל:
— „אָך, ליבע זאָיאַ, קיין סכנה
באמת איז נישטאָ דערווייל.
מיר דוכט זיך, אַז ס׳איז שטיל פון אויבן...
אין אַ געפאַר דער מענטש דאַרף גלייבן,
אַז ניצול ווערן ר׳וועט פון בייז...
מע הערט קיין שאָרך נישט פון דעם הויז...״ —
און זאָיאַ ווערט אַ ווייל אַנטשוויגן,
נאָר וויקטאָר הערט, ווי ס׳קלאַפּט איר הארץ.
אויך ס׳הארץ, דאָס אייגנס — אין געפאַר
איז גרייט אַ שפּרונג־טאָן, ווי אַ טיגער.
אין דיקן חושך איינגעהילט,
זיי זיצן לאַנג... אַרום איז שטיל.

**7.**

און פּלוצעם פילט ער זאָיאַ׳ס טרערן
וואָס פאַלן אויף זיין הייסן שלייף:
— „אָך, וויקטאָר, וויקטאָר, כ׳קאָן נישט מערער,
אַ, לאָזט צום טאַטן מיך אַרויף.
מיין מאַמע׳ן האָט געטייט דער היצל,
ווען ז׳האָט געוואָלט איר טאָכטער שיצן
פון גרויסן אומגליק און פון שאַנד —
זי האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד...״ —
נאָר וויקטאָר האַלט זי פעסט ביים אָרעם,
און זאָיאַ רייסט זיך פון זיין „פלען״:
— „דער אומגליק איז מיט מיר געשען
דעם לעצטן זומער אויף „אָבאָרע״...״ —1)
זי גיט זיך פּלוצעם אַ פאַרהאַק —
און זינקט אַרונטער, ווי אַ האַק.

**8.**

נעמט וויקטאָר רייבן איר די שלייפן
מיט קאַלטער, פיבערדיקער האַנט.
די רגע׳ס לויפן, לויפן, לויפן,
ווי אָנגעפילט מיט שרעק און וואָן.
ער פילט איר פולס: ער קלאַפּט פאַמעלעך...
און ביסלעכווייז נעמט קלאַפּן שנעלער...

---

1) הינטער־הויף.

זי גיט אַ לאַנגן, טיפֿן זיפֿץ —
ער פֿילט: אַ טרער אויף באַק איר טריפֿט.
און וויקטאָר נעמט צו זאָיאַ׳ן ריידן:
— „איר מוזט נישט איצטער דאָ, אין „ליאַך״
דערציילן מיר פֿון אייער בראָך,
אויב ס׳רופֿט אַרויס ביי אייך אַ שווידער.״ —
זי גיט אַ מילדן דריק זיין האַנט:
— „איצט פֿיל איך בעסער שוין. אַ דאַנק!״ —

.9

— „אויך דאַן בין איך אין ליאַך אַנטרונען
מיט חתן מיינעם חיים זאַק,
ביז ס׳האָט אונדזביידן דאָ געפֿונען
דער ווילדער צורר הײדאַמאַק.
איך האָב ביים חתן זיך געבעטן:
— ׳צו וואָס דאָ וואַרטן אויף אַ היתר?
׳דו ביזט מיין חתן, ווער מיין מאַן!׳ —
נאָר נישט געפֿאָלגט האָט ער מיך דאַן:
— „אויב יאָ שוין ווערן מעוברת, —
האָב איך גע׳טענה׳ט, ווי אין טשאַד:
— ׳פֿון דיר איז בעסער, ווי פֿון קאַט!׳ —
נאָר חיים נישט געוואָלט האָט הערן...
און ס׳האָט מיט פֿייכטע, הייסע הענט
פֿאַרשלעפּט דער קאַט מיך אין „קורען״.[1]

.10

— „און מיט דער קאָלבע, מיט דער שווערער,
האָט ער מיין חיים׳ען דערלאַנגט —
און חיים מיטן בלייכן שטערן
איז צוגעפֿאַלן צו דער וואַנט.
עס האָט דער קאַט מיין קלייד פֿאַרהאָלעט —
און אָפּגעטאָן מיר די נבלה,
פֿאַרגוואַלטיקט מיך אויף פֿרישן היי —
אין בראָך, אין אומגליק און אין וויי.
ווי וויסט און טעמנע איז מיין גורל:
וואָלט חיים מיך געפֿאָלגט, אַצינד
געטראָגן וואָלט איך חיים׳ס קינד —
און נישט דעם ממזר פֿון דעם צורר.
איך האָב ביי זיך געטראָגן סם,
נאָר נישט געשטעלט זיך קעגן כאַם.

1) הינער־שטאַל.

.11

— „יאָ, וויקטאָר, איצט בין איך זיך מודה,
אַז נישט געהאַט האָב איך קיין מוט.
כ׳האָב צוגעקוקט אין פּיין און שווידער,
ווי ס׳גייט מיין חתן אָפּ מיט בלוט.
ווען שפּעטער כ׳בין אַרויס פון קאַמער,
האָב איך דערזען: מיין ליבע מאַמע
איז טויט געלעגן אויפן שוועל,
שוין צוגעדעקט מיט אַ שינעל.
עס האָט מיין חתן נאָך געזשיפּעט.
און איידער ער איז אויסגעגאַן,
געפּליסטערט „זאָיאַ" שטיל אין וואָן
האָט ער מיט שטאַרבנדיקע ליפּן,
און יענער טאָג איז, ווי אַ בליץ,
אויף אייביק אין מיין לייב פאַרקריצט.

.12

— „כ׳געדענק דעם ווילדן צורר׳ס פּנים,
דעם רויטן שראַם אויף לינקער באַק.
איך וועל פאַרגעסן אים נישט קאָנען,
ער הייסט האַווריליע פּאָלטאָראַק." —
פאַרשטשעמעט וויקטאָר מיט די ציינער.
— „אויב דאָס געווען איז, ליבער, ווייניק," —
זי גיט אַ מאָדנעם, ווילדן לאַך:
— „איך טראָג זיין ממזר אין מיין טראַכט.
איך בין שוין איצט אין דריטן חודש...
אָ, גאָט, ווי זעסטו צו מיין שאַנד?
עס בענקט מיין שוואַנגער לייב נאָך מאַן,
איך בין פאַר דיר זיך, וויקטאָר, מודה.
אָ, לאָז מיך נישט אַליין, פאַרבלייב —
און שטיל דעם דורשט פון שוואַנגער לייב..." —

.13

עס שאַרכן מייז אין טיפן קעלער
און גריזשען שטיל די פינצטערניש.
נעמט זאָיאַ ריידן שנעלער, שנעלער —
און ס׳קלינגען רייד, ווי אַ געציש:
— „זינט ביזט צו אונדז אַהער געקומען,
האָב איך געהאַפט: וועסט פון דער טומאָה

מיר אויסלייזן פאַרשוועכטע טראַכט...
איך בין אַזוי דערשלאָגן... שוואַך..." —
זי קלאַמערט איין זיך שטאַרק אין בחור
און קושט אים פיבערדיק און היים:
— „עס וועט דער טאַטע, וויקטאָר, כ'ווייס,
אויף זיכער געבן אונדז זיין ברכה." —
און ווי אַ דאַרשטיקע — צום קוואַל,
זי גיט צו וויקטאָר'ס לייב אַ פאַל.

.14

און וויקטאָר גלעט די הייסע באַקן,
דעם מיידל'ס זיידן־ווייכע האָר.
זיין אייגן לייב — אַ פייער־פאַקל,
נאָר ס'איז זיין שטימע פול מיט פאַרכט.
ער נעמט זי שטיל איין, ווי אַ חולה:
— „עס איז דיין לייב מיר הייליק, הייליק,
ס'איז אומבאַפלעקט און ליכטיק־ריין,
איך וועל עס נישט פאַרשוועכן, ניין...
עס איז מסתם אַזוי דיין גורל.
ס'איז נישט דיין שולד און נישט דיין זינד.
איך וועל עס האַלטן פאַר מיין קינד,
ווי נאָר דו וועסט דאָס קינד געבוירן...
איך שווער, כ'וועל הייראַטן מיט דיר..."
און ר'האָט דאָס לייב איר'ס נישט באַרירט.

.15

די שעה'ן קריכן, ווי בוהייעס —
אויף אָפּגעקאָשיעט־גרינעם פעלד.
זיי ליגן לאַנג אַזוי פאַרטאַיעט,
ווי ס'וואָלט די צייט זיך אָפּגעשטעלט.
ווי לאַנג האָט זייער פיין געדויערט
אין גליווערדיקע פחד־קלויען:
אַ טאָג, אַ נאַכט, אַן אייביקייט?
מע האָט פאַרלוירן מאָס און צייט.
די רגע'ס קריכן, ווי די שטונדן —
און וויקטאָר איבער זאָיאַ'ן וואַכט.
מע ווייסט נישט, צי ס'איז טאָג, צי נאַכט.
מע האָט דאָס ליכטל נישט געצונדן.
דער פחד איבער לייבער שפּרייזט.
עס סקראָבען מער שוין נישט די מייז.

## ד. די רעטונג

**1.**

און פּלוצעם הערט מען: ס׳קומען נענטער
פון שווערע שטיוול האַרטע טריט.
זיי ברעכן אַלץ אַרום מיט פּרענטעם
און שיפּען שלאַנגיש: — „ווידי, זשיד!" — 1)
זיי ליגן ביידע שטיל, פּאַרטאַיעט.
די ציינער ליאַסקען. ווי ביי חיות,
און שטשירען פון דער ווילדער שרעק.
און זאָיאַ גיט די האַנט אַ שטרעק...
נאָר מיטאַמאָל — אין וויסטן חלל,
אַ טירל האָט זיך אויפגעמאַכט:
— „דאַ פּידעם, טוט ניכטאָ נעמאַ!" — 2)
און ס׳גיט אַ פלי אַ וויסטע קללה.
און זאָיאַ גיט אַ פאַל אַוועק
אויף די קאַרטאָפּעלענע זעק.

**2.**

זיי האָבן פריער אָפּגעאָטעמט,
נאָר מ׳האָט באַשלאָסן: וואַרטן נאָך —
אַ צייכן געבן דאַרף דער פּאָטער
פאַר זיי — אַרויסקומען פון ליאָך.
איז וואַרטן זיי אַ שעה, אַ צווייטע,
און נעמען קריכן איבער לייטער
אַרויס פון לעבעדיקן גרוב —
אָט איז מען שוין צוריק אין שטוב.
מע זעט: מיט שטאַר-פאַרגלייזטע אויגן
אלעזר ליגט — צעשפּרייט די הענט..
און ס׳האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף צען
אויף גרויער וואַנט — דער גרויסער זייגער.
און זאָיאַ גיט אַ פאַל צום דיל —
און בלייבט דאָרט ליגן, שטיל-שטיל-שטיל...

**3.**

אויף אַלטן שפּינדל שפּינט באַגינען
אַ פאַרב-געמעל פון געל און בלוי:
אַ נייער טאָג פון גרויל און שנאה
גייט-אויף אין שיקלדיקן גרוי.
און וויקטאָר קוקט אַרויס פון פענצטער:
די ביימער שטייען, ווי געשפּענסטער.

---

1) — „קום אַרויס, ייד!" — 2) — „קומט, דאָ איז קיינער נישטאָ!" —

צעבראָכן ליגט ביים פּלויט די שילד.
אויף פריע גאַסן — שאַ און שטיל.
ביים עק פון גאַס — ביים „קליינעם סלופּיק״ 1)
אַ ליאַלקע ליגט — מיט קויל אין קאָפּ.
ביים פּלויט טאַנצט־אום אַ שוואַרצער ראָב
און שפּילט זיך מיט דער „טויטער״ פּופּע.
און וויקטאָר גאַפט אויף גרוילן־בילד.
און זאָיאַ הויבט זיך אויף פון דיל.

4.

עס האָט טולטשין די צען קרבנות
באַערדיקט נאָך דעמזעלבן טאָג.
געווען פאַרשטאַרט איז זאָיאַ׳ס פּנים:
ז׳האָט נישט געוויינט און נישט געקלאָגט.
געפּיבערט בלויז מיט גרינע אויגן
און איבער גרוב זיך טיף געבויגן,
געזאָגט דעם קדיש, ווי אַ מאַן —
און שנעל פון פעלד אַוועקגעשפּאַנט.
ווען זאָיאַ איז אַהיימגעקומען,
האָט זי דערפילט אין ווייַ־און־ווינד:
— „יאָ, וויקטאָר, איך פאַרליר דאָס קינד —
ס׳האָט פּלוצעם מיך אַ קראַמף גענומען.״ —
האָט וויקטאָר זי געלייגט אין בעט,
געווישט איר פּנים און געגלעט.

5.

און יענע נאַכט האָט זי גע׳מפּיל׳ט,
אָן הילף פון דאָקטאָר, שטילערהייט.
ס׳האָט וויקטאָר איבער איר געצאַפּלט
מיט פּיין, מיט פּחד און מיט פרייד.
אַוועק צען טעג: אין טיליפ גרויען
האָט וויקטאָר איינגעהילט זיין זאָיאַ׳ן,
פאַרפּאַקט אַ קליינעם טשעמאָדאַן
און איז אַוועק מיט איר צו׳ר באַן.
די ראָבן האָבן ווילד געקאַרקעט,
ווען אין אַ גרויען פראַכט־וואַגאָן
(פאַר פערציק פערד און צען פּערזאָן)
מ׳האָט פאָרן זיך געלאָזט קיין כאַרקאָוו.
געבליבן זיינען הינטער זיי:
צען וואָכן פּחד, ווינד־און־וויי.

1) אינמיטן מאַרק פון טולטשין שטייען צוויי סלופּיקעס: אַ גרויסער און אַ קליינער.

## 3. אַהיימקער

### א. צוריק אין כאַרקאָוו

**1.**

עס ציען נעכט זיך ביז חלשות,
און ווי מאַליאַס, זיך ציען טעג.
עס האָבן שנייען פאַרפאַראָשעט
אַוואו אַ וועג און וואו אַ שטעג.
אין צוג צעבראָכן זיינען שויבן.
טיף אין דער „מאַמען" און אין „גלויבן"
מע זידלט דעם „סאָוויעטסקי סטראָי". 1)
און ווינטן וואָיען אין זאַוואָי.
מע הונגערט־אונטער אין וואַגאָנעס,
מע פרירט דורך קאַלטער, בלינדער נאַכט:
עס לויערט טיפוס, באַן־געקראַך
און הונדערטער אַנדערע סכנות.
מע וואַרט־אָפּ שעה׳ן אויף אַ באַן
אויף די וואָקזאַלן נאָכאַנאַנד.

**2.**

און יעדן טאָג — אַ „פערעסיאַדקע" 2)
און יעדע נאַכט — אַ נייער צוג:
מע שטייט אויף פּראָסטיקער „פּלאַשטשאַדקע", 3)
מע הענגט אויף שאַרפן בופער־הוק.
און וויקטאָר קוקט אַרויס פון פענצטער:
עס יאָגן נאָך זיי, ווי געשפענסטער —
אויף ווייס־פאַרשנייטער, סומנער וועלט:
דער טויט, דער הונגער און די קעלט.
ער טראַכט: — ׳וואָס איז פון דיר געוואָרן,
׳מיין בידנע מוטערל ראַסיי?
׳אַ פאַרפאַראָשעטע אין שניי.
׳וואוהין, זאָג, ציסטו צווישן קברים?
׳נישטאָ קיין אָנהויב און קיין סוף:
׳די טעג — אָן שפּייז, די נעכט — אָן שלאָף.׳ —

**3.**

עס האָט דער שניי מיט וויסן טרויער
שוין אַלץ פאַרוויט: אי שטעג, אי בוים,
ווען אויפן אַכטן טאָג האָט זאָיאַ׳ן
געבראַכט קיין כאַרקאָוו ער, אַהיים.
אין כאַרקאָוו הערשן באָלשעוויקעס.
דורך ווייס־פאַרשנייטע שמאָלע ליקעס

---

1) סאָוועטן־מאַכט. 2) איבערשטייגן. 3) פּלאַטפאָרמע.

דאָס פּאָרל שפּאַנט פון דעם וואָקזאַל.
אויף גאַסן האַווקעט קוילן־קנאַל.
עס איז נישט ווייט צו מאַמע׳ס מויער
פון דעם וואָקזאַל — אַ גאַסן פיר.
און וויקטאָר צו דער מאַמע׳ן פירט,
אַ האַלב־דערפרוירענע, זיין זאָיאַ׳ן.
ער האָפט: נאָך שנייאיקן צעברויז
וועט וואַרעם זיין אין מאַמע׳ס הויז.

4.

זיי קומען צו צו מאַמע׳ס דירה
אין בלויען, שנייאיקן באַגין.
עס בייסן הענט זיי פון דער קרירה,
עס וועגן פיס — ווי שווערער צין.
און וויקטאָר קוקט אין גאַף אין שטוינונג:
עס איז דאָס הויז שוין מער קיין וואוינונג.
עס בלאַנקט אַ שילדעלע: „קאָמזשעז" 1)
אויף טיר פון פאָדערשטן „פּאָדיעזד". 2)
די שטוקאַטורקע אָפּגעליפּעט —
דערקענט נישט וויקטאָר מער דאָס הויז:
עס שטייט אַ נאַקעטס — הויל און בלויז —
מיט ווענט — ווי שטאַרצנדיקע ריפּן.
די לאָדנס זיינען צוגעמאַכט:
אין גאַנצן הויז איז נאַכט נאָך, נאַכט...

5.

מיט הוילע צווייגן, ווייס־פאַרשנייטע —
מיט טויטע פינגער — ווינקט דער סאָד.
עס טוט דאָס האַרץ אַ קלעם פון ווייטיק:
— „וואו איז די מאַמע, גאָט, מיין גאָט?" —
און אין אַ זייטיק־שמאָלן פליגל
אַ טירל גיט אַ סקריפּ מיט ריגל
און מיט אַ לאָך — ווי אַ פּיאַטאַק —
און אַלע פענצטערלעך פאַרהאַקט.
עס עפנט זיך דאָס שמאָלע טירל.
אַ פרויען־שטים, ווי אַ געבעט:
— „כאָזיאַיקי נאַשעי דאָמאַ ניעט!" — 3)
זי גיט אַ פּישטשע אויף דער קרירה.
און וויקטאָר קוקט מיט גאַף און שטוין:
ער קאָן דעם ענין נישט פאַרשטיין.

1) קאָמיטעט פאַר אייזנבאַן־אָנגעשטעלטע. 2) אַריינפאַר. 3) — „אונדזער באַלע־באָסטע איז נישטאָ אין דער היים!" —

**6.**

און מיטאַמאָל — אין גרינעם לייבל,
אין אויסגעצערטע, דינע הענט,
אין אָפּבליאַקירטן, ברוינעם הייבל
ער האָט די מאַמע׳ן קוים דערקענט.
ער שטייט אַ ווייל אין וויסטן קלאַמער:
— „איך האָב מיין ווייב געבראַכט דיר, מאַמע,
אַהיים — פון דער געפאַנגענשאַפט.״ —
די אַלטע פרוי בלייבט שטיין פאַרגאַפט.
זי קוקט און קוקט אויף מאַן אין טיליפ,
אויף יונגער מיידל אין דעם שאַל —
און גיט אַ פאַל זיי אויפן האַלדז.
די ליפּן שעפּטשען, ווי אַ תפילה:
— „מיין זון? דו לעבסט? איז דאַנקן גאָט!
ער האָט געשאָנקן מיר זיין גנאָד!״ —

**7.**

קוקט וויערא אויף איר זון און זאַיאַ׳ן.
די אויגן גליען, ווי אַגאַט.
מיט טיי און צוקערלעך זיי פּאָיעט,
מיט ברויט זי קאָרמעט זיי אָן זאַט.
און זי דערלאַנגט זיי פּיסנע קנישעס:
עס קאָן די מאַמע זיך נישט „טישען״ 1)
מיט זון געפּונענעם און שנור.
זי גלעט און גלעט זיין שעוועליור.
שוין אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקן
און אויסגעשטרעקט זיך אויף דער באַנק:
אין הערצער וואַרעם איז און באַנג,
און פון די אויגן שפּריצן פונקן.
אָך, איצט געוווען וואָלט זייער וואויל:
אַ דרימל כאַפּן — זיס און פויל.

**8.**

און וויקטאָר צו דער „אָטאָמאַנע״ 2)
פאַר׳גנב׳עט כאַפּט אַ מידן בליק.
— „און איצט דערצייל, מיין זון, פונוואַנען
דו קערסט זיך, וויטיאַ, אום צוריק?
וואו האָסטו, זון, אַרומגעוואָגלט?
וואו האָסטו עס אַריינגעקראָגן

---

1) פרייען זיך. 2) סאָפע.

אַ װײבעלע — אַזאַ פּאַרשױן —
אי יונג, אי חנ׳עװדיק, אי שײן?" —
דערצײלן װ י ק ט אָ ר נעמט דער מאַמע׳ן,
כאָטש ר׳איז פון שװערער יאַזדע מיד:
װי אױף אוקראַאינע קעגן ייד
עס יושן, ברענען שנאה־פלאַמען.
און ער דערצײלט איר װעגן „פלען"
און װאָס מיט אים איז דאָרט געשען.

.9

מיט טרױער, פּײן און טיפן װײטיק
גיט מיטאַמאָל איר קול אַ קלונג:
— „און דאָ בײ אונדז — די „מאַכט די רױטע",
זי איז דען בעסער דאָ, מײן זון?
ס׳איז אָנגעקומען זי סוף־זומער
און אַלץ בײ מיר אַװעקגענומען:
מײן גאַנץ פאַרמעגן און דאָס הױז —
געבליבן בין איך הויל און בלויז.
און מיר געלאָזט דעם קלײנעם פליגל
װאו ס׳האָט די דינערשאַפט געװאוינט.
און לעצטנס זיץ איך דאָ אַלײן
בײם װאַקסן ליכט, װי אונטער ריגל.
נאָר דאַנקן גאָט, מײן זון, דערפאַר,
װאָס ביזט אַנטרונען פון געפאַר." —

.10

— „װען ביזט אַװעק און מיך פאַרלאָזן
אין אָט־דער קאַלטער, מיאוסער װעלט,
געדוכט זיך: ס׳שמעקן מער קײן גראָזן
און ס׳לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט." —
זי גיט אַ כליפּ מיט שטים פאַרשטיקטער:
— „נאָר װאָס עס קומט איר, קומט איר, װ י ק ט אָ ר —
אײן זאַך כ׳מוז זאָגן איר לשבח:
אונדז, יידן, שיצט די „נײע מאַכט".
נאָר אַלץ פאַרגײן װעט, לאָמיר האָפן:
די „גרינע שרעק", די „רױטע שרעק"...
איר זענט דאָך, קינדער, מיד פון װעג,
איז צײט פאַר אײך צו גײן שױן שלאָפן.
איך האָב דאָס בעט אײך אױסגעבעט:
אַ גוטע נאַכט! עס איז שױן שפּעט!" —

## ב. אַ נייע צייט — אַ נייע וואָר

**1.**

מ׳האָט אויסגערוט זיך דריי מעת-לעת׳ן
פון לאַנגן, וויסטן, שווערן וועג,
מיט מאַמע׳ס קעסט זיך אָנגעגעסן
און אויסגעטשוכעט זיך פון שרעק.
אויף פערטן טאָג דערקלערט אים זאָיאַ:
— „איך מוז זיך ערגעץ-וואו „פּריסטראָיען״.1)
איך וועל פאַרנאַכט-צו קומען צ׳ריק...״ —
און אָנגעטאָן זיך אַ באַשליק.
און וויקטאָר האָט זי נישט פאַרהאַלטן.
געזאָגט איר בלויז: — „אין דרויסן שנייט...
ס׳וועט פיינלעך זיין מיר דער צעשייד...״ —
און צוגעשפּיליעט איר דעם פאַלטן.
אין דרויסן בושעוועט שוין שבט.
ביי וויטיאַ׳ן גנב׳עט זיך אַ חשד.

**2.**

שוין נישט געווען אין הויז די מאַמע:
זי׳ז אויפגעשטאַנען פרי פון בעט —
און איצטער פרירט זי שוין מסתמא
אויף קאַלטער גאַס אין „אָטשערעד״.2)
די ברעמען הויבן זיך און קרימען.
ער דרייט זיך אום אַליין אין צימער —
אַ וויסטער אומרו — הין און צ׳ריק:
ער איז אַליין מיט זיך אין קריג.
אין ברוינע אויגן בליצט דער טרויער
און אַ געדאַנק אין מאַרך זיך צינדט:
— ׳אַוועק איז זי אַזוי געשווינד —
׳וואוהין געאיילט האָט זי זיך, זאָיאַ?
׳וואו וועט זי אַרבעט קריגן דאָ:
׳אין אַ פאַבריק, אין אַ ביוראָ?׳

**3.**

— ׳צי האָט זי דאָ אין שטאָט באַקאַנטע?
׳אויב יאָ, טאָ ווער־זשע זיינען זיי?׳ —
און עפּעם פילט ער, עפּעם אַנט ער,
אַז ס׳איז איר גאַנג — נישט גלאַט אַזוי...
ער וואַרט אַ שעה און וואַרט אַ צווייטע:
און ערשט אין אָוונט — אַ פאַרשנייטע,

---

1) זיך איינאָרדענען. 2) וואַרט־שורה.

האָט ער דערזען זי ביי דעם ראָג...
זיין האַרץ צעוויגט זיך, ווי אַ גלאָק.
און זאָיאַ איז אַריין אַ העלע.
די מאַנדל־אויגן — הייס, ווי זשאַר:
— „איך קום איצט, וויקטאָר, פון „סנאַב־אַרם“,[1]
איך האָב באַקומען דאָרט אַ שטעלע.
איך קען דעם חבר דוד מילך —
איך בין באַשטימט אַלס זיין געהילף.“ —

.4

ס׳איז ווערא שוין אין קיך געשטאַנען
און צוגעגרייט דעם אָוונט־ברויט,
זיך צוגעהערט — און נישט פאַרשטאַנען,
ווי ס׳רעדט די שנור אירע מיט פרייד:
— „איך וועל דאָרט אַרבעטן פרימאָרגנס.
מע וועט נישט דאַרפן מער שוין זאָרגן.
איך וועל דאָרט קריגן אַ „פּאַיאָק“...“ —[2]
צעקלינגט איר שטים זיך, ווי אַ גלאָק:
— „אַך, ווערא לוואָוונאַ, עס וועט סטאַיען
שוין דער „פּאַיאָק“ — פאַר אַלע דריי.
די מאַמע ז׳מיד פון שטיין אין „ריי“,
איז וועט זי, וויקטאָר, איצט „אָטכאַיען“...
אַ נייע צייט — אַ נייע וואָר,
איז נישט גע׳דאגה׳עט, נישט געזאָרגט!“ —

.5

קוקט וויקטאָר צו זיך צו זיין זאָיאַ׳ן,
הערט־אויס די חדווה׳דיקע רייד —
און ס׳טוט אַ ווײ אויף אים אַ טרויער
פון זאָיאַ׳ס אויפברויז, פון איר פרייד.
ס׳איז עפּעס אים דאָ נישט פאַרשטענדלעך...
איז שווייגט ער, ווי אַן אָרעם הענדל,
וואָס קאָן נישט קומען נאָך צום וואָרט,
ווייל עפּעס איז אים דאָ נישט קלאָר...
און ווערא שטעלט אַוועק דאָס עסן
אויף קליינעם וויים־באַדעקטן טיש:
אַן אָפּגעקאָכטן, שוואַרצן פיש
און הייסע בולבעס, ערשט פון קעסל.
און זאָיאַ עסט די פיש מיט באַב.
און ווערא שאָקלט מיטן קאָפּ.

---

1) צושטעל־קאָמיטעט פאַר דער אַרמיי. 2) שפּייז־ראַציע.

.6

אין שפעטער נאַכט, אין קליינעם צימער
האָט וויקטאָר מיט אַ שווער געפיל
און מיט אַ ציטערדיקער שטימע
זיך נאָכגעפרעגט ביי זאָיאַ'ן שטיל:
— „אָ, זאָג מיר, זאָיאַ, זאָג מיר, ליבע —
וואָס איז זי, די געהיימע סיבה,
וואָס ס'ווייזט די „מאַכט" אַרויס דיר גנאָד,
אויב דאָס איז נישט קיין גרויסער סוד?
האָסט אַ „פּאַיאָק" ביי די חברים
באַקומען — דאָס איז נישט קיין שפּאַס!
כ'געהער דאָך צו דעם „שונא'ס קלאַס" —
און דו צו מיר ביזט דאָך פאַרהייראַט...
צי ווייסן זיי עס, זאָיאַ, דאָרט?
דו קאָנסט נישט נאַרן זיי, פאַרוואָר!" —

.7

— „אַך, וויקטאָר, שוין גענוג זיך גריבלען..." —
ביי זאָיאַ'ן גיט אַ בלייז דער בליק:
— „צו היילן דאָ די אַלע איבלען,
קאָן איינער בלויז — דער באָלשעוויק!" —
זיין פּנים פלאַמט אין רויט און בליטשקע:
— „דו, זאָיאַ — גאָר אַ באָלשעוויטשקע!
איך האָב זיך נישט געריכט דערויף!" —
און ס'גיט אַ האַמער אים אין שלייף.
און זאָיאַ קוקט מיט שאַרפע בליקן,
די באַקן מיניען זיך אויף רויט:
— „די יידן ראַטעווען פון טויט
עס וועלן בלויז די באָלשעוויקעס.
צו וואָס אַליין זיך נאַרן דאָ:
קיין אַנדער רעטונג איז נישטאָ!

.8

— „אין אונדזער אייזערנעם יאָרהונדערט:
קרבנות — מיר און רעטער — זיי.
איז לויפן יידן, ס'איז קיין וואונדער:
צו קעמפן אין דער „רויט-אַרמיי".
איז דאַרף מען, וויקטאָר, נישט פאַרצווייפלען:
אויב ס'וויל אין אַט-דער ווילדער שריפה

זיך נישט פֿאַרסמאַליען זיינע האָר,
דאַרף שטאַרק זיין אונדזער גרויסער דור.
וועט ער אַרויסקומען דער זיגער,
דער שאַפֿער פֿון דער „נ י י ע ר  וו ע ל ט",
מיט ליכטיק־שטראַלנדיקער זעל
און מיט צעשפּרייטע אָדלער־פֿליגל.
אַזוי, זעט אויס, איז אונדז באַשערט:
צו זיין די י ו ר ש י ם פֿון דער ע ר ד." —

.9

— „און איצטער קאָן איך שטעלן און אָפֿן
דיר זאָגן קלאָר דאָ און גענוי,
אַז קאָמוניזם איז אונדזער האָפֿענונג —
און איך געהער צו'ר „קאָמפּאַרטיי"." —
עס בלענדן רויטע האָר צעשאָטן:
— „אָך, וו י ק ט אָ ר, אויב דו האָסט חרטה
אויף אונדזער שידוך, ביזטו פֿריי...
און קלאָגן איז דאָ נישט כדאַי..." —
און וו י ק ט אָ ר פֿינטלט מיט די אויגן.
עס איז דער שטערן וויים אים, וויים.
פֿון וואַנט צו וואַנט ער שפּרייזט און שפּרייזט,
אין שטורעם־ווינט — אַ מידער פֿויגל.
עס האָט איר אומגליק אים פֿאַרבלענדט —
איצט האָט ער ז אָ י אַ 'ן שוין דערקענט.

.10

און ז אָ י אַ 'ס ווערטער רוישן, רוישן —
אַ ווייטער פֿרילינג וואַסער־פֿאַל.
ער פֿילט, ווי פֿלוצעם וואָלט אין חושך
זיך אויסגעלאָשן לעצטער שטראַל:
— „ניין, נישט פֿאַר מיר צו זיין דיין שופֿט.
איך האָב מיט ווייטיק און פֿאַרצווייפֿל
זיך צוגעקוקט צו דעם ווילקיר.
דו ביזט קיין זאַך נישט שולדיק מיר...
איך האָב געזען די מאָרדן, גזילות
פֿון די אַרמייען „וויים" און „גרין",
ווי דער רוצח אין ט ו ל ט ש י ן
דיין גוטן טאַטן האָט געקוילעט.
נאָר ביי די „רויטע" ז'איך נישט גוט,
איך קאָן נישט זינגען זיי „סאַלוט!".

.11

— „זיי האָבן מאַמע׳ס האָב צעפּלינדערט
און צוגענומען ס׳גאַנצע הויז,
איז וואָס וועט זיין מיט איר אצינדער
אין רויט־צעוויכערטן צעברויז?
און וואָס איז שייך וועגן שידוך:
ווי העלן טרוים פון מיינע לידער,
דו ווייסט, איך האָב דיך, ז אָ י אַ, ליב!״ —
און זיינע אויגן קוקן טריב:
— „אין האַרצן מיינעם האָבןביידע
טיף איינגעקאַרבט זיך, ווי אַ שניט:
און נישט מיט דיר, נישט מיט מיין ליד
איך וועל נישט לאָזן זיך צעשיידן.
מיין לעבן איז אין דיינע הענט,
אָן דיר — מיין גורל איז פאַרלענד.״ —

.12

און ז אָ י אַ נעמט אַרום מיט ליבשאַפט
איר ווי ק ט אָ ר ׳ ס קאָפּ מיט שלאַנקע הענט.
עס קלינגט אין שטימע — אַ פאַרגיבשאַפט,
אין גרינעם בליק נצחון ברענט:
— „דו וואַרף פון אויג אַראָפּ דעם שלייער.
עס קעמפן בראַוו איצט די פאַרטייער,
פאַר לעצטן זיג פון „נייעם קלאַס״,
איז צייט צו ווערן אַ בר־דעת.
דו רעדסט פון צוגערויבטע נחלות
און פון דיין מאַמע׳ס האָב־און־גוטס...
ס׳איז צייט אויך דיר צו ברענגען נוץ,
ס׳איז צייט דיר טראַכטן וועגן תכלית:
פאַרוואָס נישט גיין אין „רויט־אַרמיי״,
וואו ס׳קעמפט דער ייד באַגלייך מיט גוי?

.13

— „דו האָסט גערעדט דאָ וועגן חלום,
פון חלום־ליבע, חלום־ליד:
ס׳איז נישט די צייט איצט פאַר אַ פּ אָ ל אָ ׳ ן
צו שפּרייטן לידער — קאַרשן־צוויט.
ס׳איז צייט זיך, ווי ק ט אָ ר, צו פאַרטראַכטן,
אַז פאַר דעם קלאַס, דעם אויפגעוואַכטן,

דיין ליד, ווי דו, דאַרף ברענגען נוץ,
איז טו זיך אוים פון לידער-פוץ.
און שיינען וועט דיין שטערן ליכטיק:
כ׳גלויב, וויקטאָר, כ׳גלויב אין דיין טאַלאַנט,
אַז ווערן אין באַפרייטן לאַנד
איז דיר באַשערט — דער גרעסטער דיכטער!״ —
און ס׳פאַלט זיין מידער, מידער קאָפּ
אויף אירע קני — אראָפּ, אראָפּ...

14.

עס לויפן טעג, פאַרשנייטע, בלאַסע,
אַוועק אַ וואָך, אַ חודש, צוויי.
און וויקטאָר דרייט זיך פּוסט-און-פּאַס אום,
און זאָיאַ דינט דער „רויט-אַרמיי״.
כאַפּט וויקטאָר אויף זיך אָפּט פאַרלוירן
און זעט: באַגין — אַ פריער אורח —
מיט פינגער בלויע קלאַפּט אין טיר.
און זאָיאַ וואַשט שוין דאָס געשיר.
זי רעדט מיט שטימע, מיט פאַרשטיקטער:
— „שוין צייט צו גיין מיר אין „סנאַב-אַרם״!״ —
זי גיט אַ קוש אויף באַק אים צאַרט:
— „כ׳וועל קומען מיטאָג-צייט, מיין וויקטאָר!״ —
ער טראַכט: — ׳איך זיץ אין וואַר׳מער נעסט —
׳אַ זיידן איידימל אויף קעסט!׳ —

15.

— ׳נאָר וואָס וועט ווייטער זיין דער תכלית?
׳איך בין שוין דריי-און-צוואַנציק אַלט...
׳איז דאָס אַ זין: נאָך מאַמע׳ס נחלות
׳דאָ אייביק בענקען? ניין, ס׳איז פאַלש!
׳עס פוילט די אַלטע וועלט, די טויטע...
׳געדערכט איז זאָיאַ דאָך: די „רויטע״
׳זיי שיצן יידן קעגן קאַט...
׳און איך? איך קוק אויף אַלץ מיט חשד.
׳איך זיץ אויף גרייטן, ווי אַ פרעמדער,
׳אויף רייכן פעסט פון „נייער וועלט״,
׳און אין אַ זייטיקן געצעלט
׳איך צייל דאָס גאָלד פון טעג, ווי זעמדער...
׳איז וואָס וועט זיין פון מיר דער סוף?
׳נאָך אַלץ אַ „דאָקטאָר-פילאָסאָף״?׳ —

## ג. וויקטאָר בײַם דעם פּראָנט

### 1.

ער קריכט אַרונטער פון געלעגער
און כאַפּט זיך שנעל אַריין אין קיך.
ער זעט: די מאַמע וואַשט די נעגל
און שעפּטשעט עפּעס גיך־גיך־גיך.
ער שטעלט אַוועק לעם איר זיך וואַשן:
— „גוט־מאָרגן, טײַערע מאַמאַשע,
וואָס מאַכן דײַנע קראַנקע פּיס?
עס פּיינט דיך אַלץ דער רומאַטיזם?
נו, דאַנקען גאָט, דאַרפסט שעה'ן לאַנגע,
אין זאַוויערוכע, קעלט און שניי,
נישט שטיין שוין מערער אין דער „ריי",
פון הונגער מיד, פון נויט און מאַנגל." —
דאָס יונגע פּנים שטראַלט און שיינט.
ער וואַשט זיך לאַנג און פּלייסיק איין:

### 2.

— „עס האָט באַזאָרגט מיט אַלץ אונדז ז אָ י אַ,
מיט אויסגעצייכנטן „פּאַיאָק".
ווייסט, מאַמע, זי איז אונדזער גואל
און אונדזער טײַערסטער פּאַרמאָג!" —
און וו י ע ר אַ 'ם בליקן — ווי טומאַנען:
— „ביזט אַזוי פרי שוין אויפגעשטאַנען,
געדאַרפט נאָך רוען, זון, אין בעט.
וואָס איז? דו אײַלסט זיך אין „סאָוויעט?" —
און וו י ק ט אָ ר קוקט אויף איר פאַרוואונדערט:
— „וואָס איז מיט מאַמאָטשקאַ געשען?
וואָס רעדסטו? ווער קאָן שלאָפן דען
אין אָט־דעם שטאָלענעם יאָרהונדערט,
וואָס לויפט פאָראויס, ווי אַן עקספּרעס,
וואָס יאָגט זיך צו אַ רייכן פעסט?

### 3.

— „און דו? וואָס ביזט אַזוי פאַראומערט
און גייסט אַרום — פאַרווירט און בלאַס?
דו ווייסט נאָך, מאַמע, זען: ס'וועט קומען
אַ יום־טוב אויך אויף אונדזער גאַס.
דו זעסט דאָך: ז אָ י אַ האָט קאָנטאַקטן.
וועט נאָך אַרויף אויף נייע טראַקטן

דאָס לעבן אונדזערס — איבער נאַכט.
זי'ז אויסגעבונדן מיט דער „מאַכט".
ווער ווייסט, זי וועט נאָך אפשר פועל'ן
ביי אירע „רויטע" וועגן מיר...
כ'בין מיד פון שרעק פאַר קלאַפּ אָן טיר.
ווי לאַנג קאָן איך אַזוי דאָ פוילן?
כ'האָב מורא ווייזן זיך אין גאַס:
כ'בין דאָך אַ „זון פון רייכן קלאַס". —

.4

און וויערא הערט־אויס מיט באַדויער
איר וויקטאָר'ס טרייסטנדיקע רייד:
— „אָט־דער „פּאַיאָק", וואָס ס'ברענגט אונדז זאָיאַ,
פאַרשאַפט מיר ווייניק, ווייניק פרייד.
צוערשט מ'האָט מיך, מיין זון, באַ'גזל'ט —
און איצטער איז מען מיך מבזה
מיט „אויסגעצייכנטן פּאַיאָק",
וואָס שטעקט אין האַלדז מיר, ווי אַ טשוואָק.
ניין, וויקטאָר, וויקטאָר, כ'בין נישט מסכים:
נישט מיט „קאָמזשעז", נישט מיט „פלענבעזש"...1)
ס'איז פּראָסט און פשוט — אַ גראַבעזש,
פאַרשלייערט אין אַ רויטער מאַסקע.
עס גייט אויף אונדז אַ נייער גזר
פון זאָיאַ'ס רויטן קאָמיסאַר.

.5

און וויערא גיט מיט הענט אַ פּליעסקע:
— „נאַ, זע מיין אומגליק, זע מיין שאַנד!
איך האָב באַקומען אַ „פּאָוויעסטקע" 2)
נאָך נעכטן פון „טאָרגאָווי באַנק".
שוין יאָרן־לאַנג, ווי מיין עשירות:
דאָס גאַנצע גאָלד און גאָר מיין צירונג
ליגט דאָרטן אין אַ „סעיף" פאַרשפּאַרט —
איז מאָנט עס איצט דער קאָמיסאַר.
ער הייסט מיר קומען מיטן שליסל
און עפענען פאַר זיי דעם „סעיף"..." —
זי גיט אַ כאַפּ זיך ביי דעם שלייף:
— „און טאָמער נישט — זיי קאָנען שיסן..." —
זי גיט אַ קרים די בלאַסע ליפּ,
און גיט אַ שלוכץ און גיט אַ כליפּ:

---

1) קאָמיטעט פאַר קריגס־געפאַנגענע און פּליטים. 2) מודעה.

.6

— „עס האָט דיין טאַטע שווער געאַרבעט
און דאָ געלאָזט אונדז אַ פּאַרמעג.
איצט קומט דער בייזער, רויטער שפּאַרבער
און נעמט דאָס אַלץ ביי אונדז אַוועק.
די גאַנצע צירונג, אַלע געלטער,
וואָס אָפּגעשפּאָרט כ'האָב אויף דער עלטער —
דאָס אַלץ דאַרף דיר געהערן, זון...
איז וואָס-זשע זאָל איך איצטער טון?" —
און וו י ק ט אָ ר נעמט זי אָן ביים אָרעם:
— „ווער דאַרף איצט צירונג, ווער דאַרף געלט,
ווען ס'שפּראָצט אַרויס אַ נ יי ע וו ע ל ט
פון אונטער פוילנדיקע קברים?" —
די מאַמע קוקט אויף אים פאַרגאַפט:
— 'איז ער, חלילה, דול, צי שלאָפט?' —

.7

אויף מאָרגן ז אָ י אַ האָט פּאַוואָליע
געמאַכט דעם ערשטן קלוגן צוג:
— „איך האָב געזען היינט חבר י אַ ל ע ס,
דעם סאַמע גלאַוונעם „פּאָליטרוק".
פאַר אים אַראָפּגעשיילט די מאַסקע,
אַז דו מיט אונדז ביזט נאָך נישט מסכים,
כ'האָב אַלץ דערציילט אים וועגן דיר:
אַז ביזט אַ זון פון גרויסן גביר,
אַז ביזט אַ לירישער, אַ דיכטער,
און ס'איז דיין ליד — ווי ווילדער בראַי...
נאָר גרייט ביזטו אונדז דינען טריי,
ווען אַלץ וועט זיין דיר קלאָר און ניכטער.
און מאָרגן — אין דער צווייטער שעה
ער נעמט דיך אויף אין זיין ביוראָ." —

.8

און וו י ק ט אָ ר קוקט אויף איר מיט ליבשאַפט,
ווי אַ סאָלדאַט — אויף קאָמאַנדיר.
און וו י ע ר אַ קוקט אויף זיי מיט טריבשאַפט
און גנב'עט שטיל זיך צו דער טיר.
זי איז אַוועק צו זיך אין קאַמער.
אויף מאָרגן איז מיט אים די מאַמע
אין דער „טאָרגאָווי באַנק" אַוועק —
און אָפּגעגעבן איר פאַרמעג.

**9.**

און פון דער באַנק אַוועק איז ווי קטאָר
זיך טרעפן מיטן „פּאָליטרוק":
וואָס ס'זאָל נישט זיין היינט דער ווערדיקט, ער
וועט זיכער האַנדלען ניכטער־קלוג.
ס'האָט ווי קטאָר זיך מיט ווייב געטראָפן:
געשטראַלט פון זאָיאַ'ן האָט מיט האָפנונג
און ס'האָט מיט מוט פון איר געשטראָמט —
פּונקט זייגער צוויי — אין „וואָיענקאָם". 1)
אין צימער אויסגעווייסטן, שטילן
זיצט פּאַוועל יאָלעם — „פּאָליטרוק".
עס בליצט זיין שטאָליק־שטרענגער קוק
דורך שווערע טאָפּלט־דיקע ברילן:
— „אַך, ווי קטאָר לוואָוויטש, אָטשען ראַד!" — 2)
און שטרעקט אים אויס אַ שווערע יד.

**10.**

— „טאַק! זאָיאַ לאַזאַרעוונאַ, מוזשאַ
ווי פּריוועזלי — וואָט עטאַ וו'פּראַק!
אי וואָיעוואָט גאָטאָוו אָן — נו־זשע,
טאַק פּאָזנאַקאָמסיאַ, בראַטאָק!" — 3)
ציט ווי קטאָר אויס זיך, ווי אַ סטרונע:
— „גאָטאָוו באָראָטסיאַ זאַ קאָמונו
פּאָוויער, טאָוואַרישטש קאָמיסאַר!" — 4)
און גיט אַ קלאַפּ זיך אין זיין האַרץ.
נאָר שטרענג איז חבר יאָלעם שטימע:
— „דאַ ניע לאָווי אָרלאַ וואָ רזשי!
נאַ דיעליע, בראַטיעץ, דאָקאַזשי
טי וויערנאָסט נאַשעמו רעזשימו.
ניע פּאָפּליעטיאַשסיאַ טי נאַזאַד,
כאָראָשי בודיעש טי סאָלדאַט!" — 5)

---

1) קריגס־קאָמיסאַריאַט. 2) „זייער צופרידן אייך צו קענען!"). 3) — „אַזוי, איר האָט אונדז געבראַכט אייער מאַן. דאָס איז גוט. ער וויל אויך קעמפן, איז לאָמיר זיך באַקענען, ברודערקע!" — 4) — „איך בין גרייט צו קעמפן פאַר דער קאָמונע. גלויב מיר, חבר קאָמיסאַר!" — 5) — „נו, כאַפּ נישט דעם אָדלער אין קאָרן! מיט מעשים באַווייז, ברודער, דיין געטריישאַפט צו אונזער רעזשים. וועסטו נישט צוריקלויפן פון פראָנט, וועסטו זיין אַ גוטער זעלנער!" —

## 4. נקמה

### א. אויפן פראָנט

.1

געקעמפט אַ חודש ביי צאַריצין
און דריי חדשים — אויפן דאָן.
איצט יאָגט זיך בוזיאַ נאָך די היצלם
אין וויקטאָר וויוגינ׳ס באַטאַליאָן.
און ס׳האָט פאַרבונדן וויסטער גורל
מיט שטאַרקע פעדים צוויי חברים:
דעם הייסן כאַרקאָווער פאָעט
מיט שטילן סקולפּטאָר און עסטעט.
מע קעמפט אויף שלאַכטפעלדער צוזאַמען,
צוזאַמען אין „בלינדאַזש״ מע רוט —
און ס׳האָט פאַרברידערט זיי דאָס בלוט,
פאַרשמעלצט זיי ווילדע שנאה־פלאַמען.
און אָפט — אויף „קאָיקע״ 1) פון „בלינדאַזש״
צו בוזיאַ׳ן וויקטאָר רעדט מיט ראַזש:

.2

— „ער האָט געמאַכט אַזויפיל שחיטות,
דער „באַטקאָ״ פאַלטאַראַק — דער ברוט:
איז דאַרף מען זיך מיט אים צעקווייטן,
מע דאַרף זיך באָדן אין זיין בלוט.
מיט רוצחיש־פינצטערער הנאה
ער האָט פאַרגוואַלטיקט אויך מיין זאַיאַ׳ן
דער גזלן און דעגענעראַט,
וועט ער באַצאָלן פאַר זיין טאַט.
איך יאָג נאָך אים זיך שוין חדשים:
נקמה נעמען פון דעם כאַם
פאַר אַלע טעכטער פון מיין שטאַם,
פאַר אַלע לעבנס — אויסגעלאָשן.
עס קומט דער טאָג פון רעכנשאַפט...״ —
און בוזיאַ קוקט אויף אים פאַרגאַפט.

.3

און בוזיאַ רעדט: — „ס׳פאָלגט נאָך די טראַגיק
דעם מענטשן — פון דער וויג צום גרוב,
איז דאַרף ער שטאַרק זיין, ווי קאַרטאַגע,
צו קאָנען האַקן גורל׳ס קנופּ.

---

1) בעטל.

דער מאַן קאָן באַרג און טאָל באַזיגן,
כאָטש שוואַך איז ער קעגן אינטריגע
פון שיינער, אויסגעפּוצטער פרוי,
וואָס איז, ווי חוה, שלאַנגיש־שלוי." —
ס׳דערציילט אים בוזיאַ וועגן מאַנאַ׳ן
און וועגן מיאוסן פאַרראַט,
ווי ס׳האָט פאַרגוואַלטיקט זי דער קאַט,
און זי — אין פינצטערער עקשנות —
האָט אין איר גרויסן בראָך און שאַנד
געהייראַט מיטן ספּעקולאַנט.

4.

— „איך האָב קיין טענות נישט צו שקורע׳ן —
ער איז אַ צורר און אַ קאַט,
ער לעבט פון מענטשלעכע יסורים,
איך קאָן פאַרדאַמען בלויז זיין טאַט.
מיין טענה, וויקטאָר, איז צו מאַנאַ׳ן:
באַדאַרפט געשענדטע האָט מאַדאָנע
צו מיר זיך ווענדן אין איר בראָך..." —
ער גיט מיט הייסער האַנט אַ פּאַך:
— „נאָר זי האָט זיך געקרוינט אַלס „שוויענטע",
זיך אָנגעטאָן אַ מאַרטער־קרוין —
און זיך פאַרשיבט צו דעם פאַרשווין...
כ׳וואָלט אפשר זי גאָר — די געשענדטע —
און נישט די ריינע — מער געליבט..." —
און הייסע אויגן קוקן טריב.

5.

באַטראַכט אים וויקטאָר מיט רחמנות,
נאָר ווערטער פליסן — בייז און שאַרף:
— „פאַר זאָיאַ׳ן — איך, און דו — פאַר מאַנאַ׳ן
די רוצחים אויסראָטן מע דאַרף.
מיר וועלן זיי דערטאַפּןביידן,
באַצאָלן זיי, די ווילדע שדים,
פאַר גאָר דעם בלוט, פאַר גאָר דעם בראָך,
פאַר יעדן פּחד אין אַ „ליאָך"..." —
און בוזיאַ ענטפערט אים מיט ווייטיק:
— „ניין, וויקטאָר, מיין פאַרלוירן גליק
איך וועל נישט אומקערן צוריק,
ווען שקורע ליגן וועט אַ טויטער...
איך האָב אַנאַנדער וועג, מיין פריינט,
אין זיך צו שטילן שנאה־פּיין..." —

.6

נאָך זיין געשפּרעך מיט חבר ווייוגין
פאַרלוירן בוזיאַ האָט זיין שלאָף.
ער טראַכט: — ׳צו קעמפן פאַר „קאָמיוגן״,
׳באמת איז אַ תּפילת־שוא. —
ס׳איז נישט פאַרהיילט די וואונד פון מאַנאַ׳ן,
נאָר ר׳פילט צו זיך נישט קיין רחמנות:
עס האָט דאָס יאָר אין דער אַרמיי
פאַרטעמפּט אַ ביסל אים דעם וויי.
אין מוח אַ מחשבה האַמערט:
— ׳די האַנט, וואָס שיסט אַרוים אַ קויל,
זי קאָן — אַנשטאָט דעם וויסטן גרויל —
אַ קונסט־ווערק אויסהאַקן פון מראַמאָר...׳ —
און ס׳דרייט ביי בוזיאַ׳ן זיך דער קאָפּ
פון זיצן וואָכן אין „אָקאָפּ״.(1)

.7

עס פּיינען פינצטערע רעיונות:
— ׳אַז זיגן וועט די „רויטע מאַכט״,
׳זי קאָן פאַרוואַנדלען זיך אין שונא
׳פון יעדן יידן איבער נאַכט.
׳איצט דאַרף זי האָבן יידן־לאַסקע,
׳איז טראָגט זי קונציק פריינטשאַפט־מאַסקע —
׳און מאָרגן קאָן דער קאָמוניסט
׳די יידן טרעטן מיט די פיס...
׳פאַרוואָר, עס קעמפט אַנטקעגן היצלס
׳די רויט־אַרמיי און די פּאַרטיי...
׳נאָר ס׳איז אַ שטיצע מיט אַ תּנאַי...
׳וואָס האָט די ווערט אַזאַמין שטיצע?
׳זאָל בייטן זיך די קאָניונקטור.
׳פון ייד נישט בלייבן וועט קיין שפּור...׳ —

.8

ס׳האָט נישט פאַרהיילט זיך אים דער ווייטיק.
ער קעמפט אין זון־שיין און זאַוויי —
און זוכט אַ וועג צו מאַכן פּליטה,
באַפרייען זיך פון רויט־אַרמיי.
ער טראַכט און פּיפּקעט דעם ציגייער:
— ׳ווי שווער עס איז זיך צו באַפרייען,

1) טראַנשיי.

'אַרויסצוקריכן פון ווילקיר,
'פאַרשרייבן זיך אַלס דעזערטיר...
'און וואָס וועט זיין, אַז מ'עט אים כאַפּן?
'ס'איז איין געזעץ בלויז דאָן פאַראַן:
'אויף שנעל אים שטעלן צו דער וואַנט...
און ס'גיט זיך בוזיאַ'ס האַרץ אַ צאַפּל:
— 'צו וואָס זיך „מאָיען" 1) אויפן פראָנט?
'איך האָב אַזויפיל דאָך צו טאָן.' —

.9

און בוזיאַ הילט זיך אין „פּאָדיאָווקאַ" 2)
דורך קאַלטע נעכט אין קאַלטן „כליוו". 3)
ביז ס'האָט אים אויף „קאָמאַנדיראָווקע" 4)
דער קאָמאַנדיר געשיקט קיין קיעוו:
— „טאָוואַרישטש יעלין, ס'שווייגט דער „צענטער",
עס פעלן אונדז מעדיקאַמענטן,
נישטאָ קיין יאָד און קיין באַנדאַזש
און ס'האַלט אויך שמאָל מיטן „פוראַזש". 5)
און דו, פאַרשטיי איך, ביזט אַ קיעווער,
דו ווייסט וואו ס'עפנט זיך אַ טיר,
כ'האָב צוטרוי, ברודערקע, צו דיר,
דו וועסט שוין אַלץ דאָרט, אַלץ דאַביוועןֹ...
וועט גוט צו דיר זיין דער שיקזאַל,
וועסטו באַקומען אַ מעדאַל." —

.10

און ס'האָט אַרויסגעלאָזט זיך בוזיאַ
דורך הינטערוועגעלעך קיין קיעוו:
געזעכטיקט אָפּט אין קוקורוזע,
געוואַשן פון דעם אָסיען־זליוו.
געטראָגן עפּעס אַ כלאַמידע, 6)
געווײַלט אין שטעטלעך צווישן יידן,
געשלעפּט מעת־לעת'ן זיך אָן סוף...
נאָר אַלץ ז'געווען אַ זיסע שטראָף:
— 'איך וועל זיך מיט אוקראַינער סטעפּעס,
'פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט,
'אויף גאָטס אויף ליכטיקן באַראָט,
'אַזוי קיין קיעוו זיך דערשלעפּן...
'און דאָרט — נאָך וואָכן פון געפאַר
'כ'וועל מער נישט זיין קיין „קאָמונאַר"...' —

---

1) זיך מאַטערן. 2) אַ וואַטאָווע רעקל. 3) שטאַל. 4) שליחות. 5) שפּייז פאַר פערד. 6) אַ מאַנטל.

## ב. וויקטאָר צעצאָלט זיך מיט פּאָלטאָראַק׳ן

**.1**

צעווישן באַלטע און אָלגאָפּאָל,
אויף קרייץ פון דאָרפיש־בּרייטן שליאַך,
אַ הויכער שטיים, אַ שלאַנקער טאָפּאָל —
אַ טרייער שומר אויף דער וואַך.
אַנטקעגן רוצחים, קעגן באַנדעס,
מיט „פּוליעמיאָטנאַיאַ קאָמאַנדאַ״, 1)
מיט רויטער ראָטע — הייסע קעפּ
דאָ לויערט וויקטאָר איבער סטעפּ.
בלויז קורצע שלאַכטן, קליינע „סכוואַטקעס״ — 2)
מע קעמפט אין דאָרף מיט היידאַמאַק.
נאָר נאָך האַווריליע פּאָלטאָראַק
לאַנג יאָגט זיך וויקטאָר — נאָכן „באַטקאָ״.
און ווען ער כאַפּן אים, דעם קאַט —
וועט ער אים שיסן „מיט פּאַראַד״.

**.2**

זינט דאַן, ווען ס׳האָט אַנטפּלעקט אים זאָיאַ
אין טיפן, אין טולטשינער ליאַך,
ווי ס׳האָט די ווילדע חיה־רעה
געשענדעט זי אין וויסטן בראָך, —
האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך שוין וויקטאָר,
אַז דורך אַ פּאַרטל, אַ געשיקטן
וועט ער אַריינגנאַרן אין זאַק
דעם ווילדן „באַטקאָ״ פּאָלטאָראַק.
ווי זיס וועט זיין אים די נקמה,
ווען ס׳וועט דער „באַטקאָ״ מיטן שראַם,
פאַר זאָיאַ׳ס שאַנד און פאַר זיין שטאַם,
מיט טויט באַצאָלן פאַר פּאָגראָמען.
און וויקטאָר חלומ׳ט דורך די נעכט
צו פּאַקן שנעלער אָט־דעם העכט.

**.3**

גאָר לעצטנס האָט ער אויסגעפונען,
אַז ס׳איז דער „באַטקאָ״ אין אַ צוג
פון באַגאָפּאָל קוים־קוים אַנטרונען
און זיך פאַרנומען מיטן בוג.
און וויקטאָר מיט די רויט־אַרמייער
אויף שמאָלער רודניצער „קאָלייע״

---

1) מאַשין־ביקס אָפּטיילונג. 2) צוזאַמענשטויסן.

געפונען האָט דעם היידאַמאַק,
ביינאַכט דעם מערדער־זון געפּאַקט.
אין קאַלטער, פויערישער שאָפּע, 1)
נישט ווייט פון שטעטעלע הייסין,
געכאַפּט האָט וויקטאָר אין באַגין
דעם „באַטקאָ" בלויז מיט פּופּצן כלאָפּעס.
ווען וויקטאָר פליט־צו אין גאַלאָפּ,
פון שאָפּע הערט ער סאָפּ און כראָפּ.

.4

און אָנגעפאַלן אויף דער באַנדע
איז וויקטאָר — אַ צערייצטער וואָלף:
— „העי, „פּוליעמיאָטנאַיאַ קאָמאַנדאַ!" —
אין לופט אַ שאַל־געטאָן זיין קול:
— „אַנטקעגן רוצחים, קעגן קוילער
דאָ נישט געזשאַלעוועט קיין קוילן!
זאָל לעבן דער „סאָוויעטסקי סטראָי",
וואָס קעמפט מיט פינצטערן „ראַזבאָי"!" 2)
טראַך־טאַך־טאַ־טאַך! עס הודיען שנורן
און וועלפיש האַוועקעט פּוליעמיאָט.
עס קאָשיעט זיי דער קוילן־שאָט,
ווען כלאָפּעס לויפן צו די פורן.
זיי צלמ'ען זיך אין באַגין,
די ווילדע, מערדערלעכע זין.

.5

און ביי די פורן ליגן פּערצן
שוין היידאַמאַקעס אין באַגין:
זיי שרייען, קאָרטשען זיך אין שמערצן
און הייען, בילן, ווי די הינט.
— 'וואו איז דער פּופּצנטער?' — טראַכט וויקטאָר.
און פּלוצעם זע: מיט טשוב צעפּליקטן,
אין טונקל־גרינלעכן קאָלפּאַק,
אויף שוועל שטייט „באַטקאָ" פּאָלטאָראַק.
דער געלער „באַטקאָ", ווי אַ שפּאַרבער,
פון טונקלער „שאָפּע" שטייגט אַרויס:
איין פוס איז אים פאַרשטעקט אין הויז,
איין האַנט איז אים פאַרשטעקט אין אַרבל.
ער הויבט פּאַמעלעך אויף די האַנט:
— „איך גיב זיך אונטער, רויטער פאַן!" —

1) שטאַל פאַר בהימות. 2) ווילדע רציחה.

.6

עס כאַפּן־אָן די רויט־אַרמייער
אים ביי די אָרעמס — יאַטן פיר.
מע פירט אים צו דעם גרינעם טויער,
צום גלאַוונעם חבר קאָמאַנדיר.
און וויקטאָר קוקט אויף „באַטקאָ׳ס" הילוך:
— „דיר נישט געגעבן, פּאַן האַווריליע,
קיין צייט זיך אָנצוטאָן צומאָל!" —
און ער צעלאַכט זיך אויפן קול.
דער „באַטקאָ" קוקט מיט אויגן גרינע —
און יעדער בליק — אַ הייסער שפּיז.
זיין שטימע איז מעליאַוווע־זיס,
כאָטש ס׳יוכעט, ס׳זידט אין אים די שנאה.
ער גיט אַ פאָכע מיט די הענט:
יאָ, ער האָט וויקטאָר׳ן דערקענט.

.7

— „אַך, סאַמאָראָד!" — דער „באַטקאָ„ סקולעט:
— „אויך דו? אויך דו — מיט „נייעם קלאַס"?
דעם לעצטן מאָל אין דאָרף וואַקולע
דיך אויפגענומען ווי אַ גאַסט...
אַ שאָד, כ׳בין דאַן אַוועק קיין אומאַן...
ווען שפּעטער כ׳בין צוריקגעקומען,
שוין נישט געוועזן פון דיר קיין שפּור:
אַוועק אויף נייער אַוואַנטיור...
כ׳האָב דיך אין הויז שוין נישט געפונען:
ביזט נישט געוועזן צו־לאַנג צו־גאַסט,
דיר נישט געפעלן מיינע קעסט,
ביזטו צו־שנעל, צו־שנעל אַנטרונען.
אַ שאָד: כ׳האָב דאַן געוואָלט מיט דיר
אַ שמועס־טאָן, רויטער קאָמאַנדיר!

.8

— „אָ, ביזט אַ מזיק, קום נאַאיזדני! 1)
און פראָסקאַ האַלט פון דיר אַ וועלט:
דו האָסט געלאָזט איר אַ „נאַדיזנע" —
אַ בייכעלע, אַ פולס, רעבעל...
און צו דער צייט האָט זי געבוירן
אַזאַ ווי דו, מיין ליבער אורח,

---

1) אָנגעפאָרענער פריינט.

אזא „זשידאָווסקי באַיסטרוק״, 1)
מיט הויכן האָרבל אויפן שנוק״. —
און וויקטאָר ענטפערט: — „זאָגסט אַ ליגן,
ווען האָסט פאַרלאָזן דיין „פּאַדוויר״,
איך האָב זי דעמאָלט נישט באַרירט —
און ס׳האָט דיך פּראָסקאַ נישט באַטריגן.
געווען דאָס קינד איז, סוקין סין, 2)
איך וויים נישט וועמעס — נישט מיין קינד.

.9

— „ס׳איז דו גאָר, וואָס האָט, בייזער טייוול
פיל לעבנס יידישע פאַרלענדט,
מיט ווילד־רציחה׳דיקער תאווה
פיל מיידלעך יידישע געשענדט.״ —
אין שטאַרקע הענט פון רויט־אַרמייער
דער „באַטקאָ״ נעמט זיך רייסן, דרייען,
די אויגן — פול מיט פינצטערניש,
די שטימע — ווי אַ שלאַנגן־ציש:
— „דו האָסט מיך אָפּגענאַרט, זשידיוגאַ!
דו ביזט אַ מאָסקווער קאָמיסאַר!
און ס׳האָט מיך אויכעט אָפּגענאַרט
די סטיערווע פּראָסקאַ — אָט־די קלוגע.
כ׳האָב זי דערשאָסן, ווי אַ הונט,
מיט דיין בייסטרוק, דיין יידן־זון!״ —

.10

און וויקטאָר נעמט אַרויס דעם „שפּייער״: 3)
— „דו — אויסוואורף, איזווערג, 4) סוקין־סין!
די ערשטע קויל — פאַר מיידל חיה,
וואָס האָסט פאַרגוואַלטיקט אין טולטשין.
די צווייטע קויל דיר, דעם באַגרעבער,
וואָס האָט געלעבט אַ הינטיש לעבן,
פאַר פּראָסקאַ׳ן איז און פאַר איר זון...
איז פּגר, „באַטקאָ״, ווי אַ הונט!״ —
און אין באַגינען, אין דעם קילן,
די קוילן הודיען: טראַך־טאַ־טאַך!
האָט זיך צעקושט מיט שטויב פון שליאַך
דער געלער טשוב פון קאָט האַווריליע.
געבליבן ליגן איז דער ברוט
אין רויטער קאַליוזשע פון בלוט.

1) ממזר. 2) הינטישער זון. 3) רעוואָלווער. 4) רוצח.

## ג. נאַכט און קאַנאָנאַדע

**1.**

עס רוישן אויף אוקראַינע שלאַכטן:
די טעג — אָן רו, די נעכט — אָן שלאָף.
וואָס מערער שונאים אומגעבראַכטע,
אַלץ ווייטער, דוכט זיך, איז דער סוף.
און וויקטאָר כאַפּט זיך אָפּט ביים רעיון:
— ׳ווי קאָן מען לייזן מיט כלי־זין
׳כאָטש איין־און־איינציקן „פּאַרוואָס״?
׳און וויפיל איז דער שיער און מאָס?
׳אָ, וויפיל האָט ער היידאַמאַקעס
׳שוין אומגעבראַכט אין שנאה־פּיין?
׳איז כולו־חיב — יעדער פּיינט,
׳און יעדער „רויטער״ — כולו־זכאי?
׳דו גיב דעם מענטש אַ ביקס אין האַנט —
׳און ערגער ווערט ער פון אַ שלאַנג.׳ —

**2.**

און אָפּטמאָל זעט ער פאַר די אויגן
דעם אַלטן לאָזער פון טולטשין:
— ׳ווער דאַרף דאָ האָבן איצטער זייגערס,
׳ווען ס׳יאָגט די צייט זיך אָן אַ זין?
׳ווען די ספּרוזשינע איז מכולה:
׳איז ריידן „רויטע״ פון גאולה,
׳און „גרינע״ קוילען אַלט און יונג,
׳ווייל ס׳פּעלט דער וועלט אַ שרייפּל, זון...
׳דער טויט איז גייציק, גייציק, גייציק...׳ —
דער אַלטער שאָקלט מיטן קאָפּ:
— ׳און ס׳שטעלט זיך זייגער פּלוצעם אָפּ,
׳ווען אַלע ווייזערס ווייזן דרייצן...׳ —
ס׳דערמאָנט זיך וויקטאָר לאָזער׳ס רייד —
און לייענט פון זיי אַרוים באַשייד.

**3.**

און ווידער — נאַכט און קאַנאָנאַדע.
און ערגעץ האַווקעט פּוליעמיאָט.
די „ווייסע״ זיצן אין „זאַסאַדע״,[1]
איז וואָרט פון זיי נישט קיין גענאָד.
די גאַנצע נאַכט אין די „אָקאָפּעס״
די קוילן קלינגען, ווי די פּראָפּנס:

---

1) באַהעלטעניש.

דאָס שיסט דער שונא מיט „קאַרטיעטש", 1)
ווי הייסע, פלאַמעדיקע פעטש.
אין דעם „בלינדאַזש" 2) — מיט גלאָז ציקאָריע
זיצט וויקטאָר שפעט, פאַרשטאַרט און דול:
נאָך לאַנגער נאַכט אין קאַראַאול
עס זיינען גוף און זעל פאַרמאָרעט.
ס'איז גוט דאָ אויסציען די פיס —
און דרימלען, דרימלען — האָניק-זיס.

.4

ס'איז ווידער נאַכט און קאַנאָנאַדע.
אָ, נישט פאַרראַט אונדז, מאַמע-נאַכט!
אַ שפּראָץ אויף טאָג מיט זיין בריגאַדע
אַרויס איז וויקטאָר אין אַ שלאַכט.
אין לאַנגן ראָק פון שוואַרצן לעדער
מיט אים גייט חבר מישאַ צעדער,
זיין ראָטע פירט אויף רעכטן פלאַנג,
אין האַנט — אַ נייאינקער נאַגאַן.
אַ גאַנצן טאָג האָט שלאַכט געדויערט:
די רויטאַרמייער קעמפן דרייסט.
נאָר ס'רייסן שונאים זיך פאָראויס
און קראַקן, ווי די שוואַרצע קראָען.
פאַרנאַכט געקומען איז פון וואַלד
דער רויטער פירער פעדקאַ שקוואַל.

.5

מע האָט דעם שונא צ'ריקגעשטויסן.
און וויקטאָר ציילט נישט דעם פאַרלוסט:
ס'האָט אים אין שלאַכט אַ קויל אַ הייסע
אַ קוש-געטאָן אין רעכטן פוס.
אויף אַקסלען טראָגט אים חבר מישאַ.
געדאַנקען מישן זיך און מישן
פון בלוט-פאַרלוסט ביי אים אין קאָפּ...
ביז מ'האָט פאַרשלעפּט אים אין אָקאָפּ.
דערנאָך — אַ צווייג, אַן אָפּגעקאָשיעט,
אין דעם בריגאַדע-לאַזאַרעט,
אַ צוגעקאָוועטער צום בעט,
איז ער געלעגן דריי חדשים,
ביז מ'האָט אין קאַלטער ווינטער-נאַכט
אַהיים, קיין כאַרקאָוו אים געבראַכט.

1) אַרטילעריע-שיסעריי. 2) אַ כאַטקע אין טראַנשיי.

## 5. אַנטרינונג

### א. יידן לויפן

.1

ווען בוזיאַ איז דורך קיעווער בריקן
אַריינגעפאָרן מיט אַ פור, —
האָט דאָרט געשאַלטעוועט דעניקין —
פון „רויטע״ נישט געווען קיין שפור.
אין אַ באַגינען, אין אַ בלויען,
איז בוזיאַ צו צום טאַטנ׳ס טויער
און אָנגעקלאַפּט אין פענצטער שטיל.
דער טאַטע האָט געטאָן אַ בריל,
די מאַמע האָט אַוועקגעחלש׳ט.
ר׳האָט די כלאַמידע אויסגעטאָן:
— „אַריבער שוין דעם רוביקאָן!״ —
און ס׳האָט געקלונגען טעאַטראַליש
אין רייכער סאַליע בוזיאַ׳ס זאָג
אין קאַלטן, האַרבסטיקן פאַרטאָג.

.2

געוואָרן בוזיאַ איז אַ „סטאַטיק״ —
ר׳האָט באַלד פאַרגעסן שוין דעם „פראָנט״.
ער ווייזט זיך מער נישט אויף „קרעשטשאַטיק״
אוים מורא, טאָמער אַ שפּיאָן
דערטראַגן וועט דער „מאַכט דער ווייסער״,
אַז בוזיאַ יעלין, אויף צופלייסן,
געדינט האָט אין דער רויט־אַרמיי,
וועט דעמאָלט זיין אים אָך און ווי...
איז ליגט ער גאַנצע טעג אין קעלער
און האַקט אין מירמלשטיין מיט דלאָט.
און קלאַנגען קריכן איבער שטאָט,
אַז ס׳קלייבן באַנדעס „גרינע״, „געלע״
און אפשר „רויטע״ זיך אַהער —
און ס׳לעבן הענגט אויף שפּיץ פון שווערד.

.3

דער מאַמע׳ס האַרץ — אין הוילן פלאַטער.
זי שלאָפט נישט דורך די גאַנצע נעכט:
ווי נאָר עס גיט אַ שאָרך „קרעשטשאַטיק״,
זי ברעכט די הענט: — „אַרקאַדי, שלעכט!״ —
אַרקאַדי אָסיפּאָוויטש יעלין
אין שלאָף־ראָק שפּאַנט אַרום אין העלן

און מיטן ווייב ער לערנט פשט:
— „עס קאָן דאָך זיי נישט אָפּגיין גלאַט!
דער חשבון איז דאָך דאָ אַ פּראָסטער:
ס'איז אונדזער שותּף — די „אַנטאַנט",1)
וועט זי באַפרייען אונדזער לאַנד
פון אַלע פאַרביקע „פּראָכוואָסטן".2)
וועסט זען נאָך, צירעלע, מיין קרוין:
מע וועט פאַרניכטן דעם המון!" —

.4

נאָר ציר ל לאָזט זיך גאָרנישט טרייסטן:
— „וואָס טויג, אַרקאַדי, דיין „אַנטאַנט",
ווען איבער הארץ מיר האַקן פויסטן?
ס'איז צייט פאַרנעמען זיך פון דאַן..."
אַרקאַדי שווייגט — און מעשה עקשן
ער טוט אַ צי מיטברייטן אַקסל
און גיט אַ שטעל זיך פאַרן ווייב:
— „ווילסט פאָרן — פאָר, און איך — פאַרבלייב!
די „רויטע" וועלן לאַנג נישט שאַלטן,
אַ חודש צוויי, צי אפשר דריי —
ס'וועט זיין אַ סוף צו רויבעריי,
און בלייבן, צירל, וועט ביים אַלטן!" —
צעפלאַמט זיך צירל, ווי אַ סנה,
און ציט דאָס שנירל פון פענסנע:

.5

— „אַרקאַדי אָסיפּאָוויטש יעלין,
עס לויפן יידן קיין כאָטין,
איז צייט פאַר אונדז אויך פּיס צו שטעלן
און אויך פאַרנעמען זיך אַהין.
אין בעסאַראַביע, ביים רומענער,
דאָס לעבן איז כאָטש ווערט אַ צענער,
און דאָ, ביים רויטן באָלשעוויק,
דאָס לעבן איז נישט ווערט קיין „זביק".3)
און איצט, אַז בוזיאַ, דאַנקן-לויבן,
איז צ'ריקגעקומען פון דעם פראָנט,
זאָל זיגן טראָצקי'ס רויטע פאָן:
כ'וועל לאָזן אַלץ דאָ פאַר די רויבער," —
אויף צווייטער וואָך איז שוין ס'געזינד
געשלאָפן רואיק אין כאָטין.

1) אַליאירטע מלוכות. 2) אויסוואורפן. 3) אַ פאַרשטונקן איי.

## ב. ליובאַ דאַיען

.1

פּאַראַן אין שטאָט אַן אַלטע פעסטונג,
זי שטאַמט נאָך פון ימי ה׳טערק.
עס גלאָצן פון קאַנאָנען־נעסטן
די לעכער־אויגן אויף די בערג.
די פעסטונג איז שוין לאַנג אַנטוואָפנט.
אין שאָטנס פון די שטיינער שלאָפן
די העלדן פון אַ טויזנט יאָר.
און אין פאַרנעפּלטן קאַיאָר
מע זעט דאָ, זאָגט מען, שדים טאַנצן.
אין טיפע סקלעפּעס — טאָג ווי נאַכט —
איצט גרויזאַם לויערט אויף דער וואַך
רומעניע׳ס קאַט — די „סיגוראַנצאַ״. 1)
אויב ס׳פאַלט אויף עמיצן אַ חשד,
ר׳וועט זיך נישט אויסדרייען פון קאַט.

.2

פּאַראַן אין שטאָט בלויז צוויי אַפּטייקערס,
איז זײַנען זיי אויף מעסער־שטעך:
מע קאָנקורירט, מע לײַדט הזיקות,
מע איז אין שטענדיקן געפּעכט.
ס׳איז דיק דער דײַטש, הער פרידריך גרעסעל,
און רונד איז ער — פון ביר אַ פעסל,
און ייִדן האַסט ער, ווי דעם טויט,
כאָטש פון די ייִדן עסט ער ברויט.
דער ייִד — אַ דינער, ווי אַ שלאַיען,
און דראַטיק־פלאַמיק, ווי דער סנה,
מיט שוואַרצן שנירל פון פענסנע:
איסידאָר יאַקאָוולעוויטש דאַיען.
דאָס ווײַב געשטאָרבן איז שוין לאַנג,
איז לעבט ער איינזאַם, ווי אַ שטאַנג.

.3

אַ טעכטערל האָט איסר דאַיען,
אַ מיידל — פלאַמיקער פון ספּירט:
צוויי גרויע אויגן — היים, ווי בלייען,
אַ האַרץ — ווי פּראַסטיקער סיביר.
און רופן רופט מען ס׳מיידל ליובאַ.
זי גלויבט אין חתונה אָן כתובה:

---

1) רומענישע געהיים־פּאָליציי.

אין ליבע וויכטיק איז די לוסט,
בלויז גופים-ציטער און געגוס.
זי שפּילט פאַר'חלומ'ט מאַנדאָלינע —
מיט אַפּלען אין פאַרגלייזטן טשאַד.
אין לעבנ'ם פאַרבן-מאַסקאַראַד
די פרוי איז שטענדיק ק אָ ל אָ מ ב י נ ע,
דער מאַן איז שטענדיק א ר ל ע ק י ן,
געמיש פון קדושה און פון זינד.

.4

די פעסטונג שטייט ביים סאַמע דניעסטער,
משופּע'דיק, אויף סקאָס אַראָפּ,
ווי ס'וואָלטן שטיינער פון דער פעסטונג
געלאָזט צום טייך זיך אין גאַלאָפּ.
און ב ו ז י אַ איבער פעלדזן בלאָנקעט.
אויף רעכטס — אַ וואַלדיק-גרינע לאָנקע.
באַזוימט מיט שטיינער — אויף דער וואַך.
אויף לינקס — אַ מעליק-ווייסער שליאַך.
און ב ו ז י אַ זעט: ביים טייך אַ מיידל
זיצט איבער הילצערנעם מאָלבערט,
מיט אויגן — נעפּלדיק-פאַרקלערט,
פאַרטיפט אין ליכטיקער עבודה.
ער גנב'עט שטיל זיך פאַזע וועג
צום מיידל ביי דעם דניעסטער-ברעג.

.5

ער קומט-צו נאָענט: אַ מיידל-פּנים,
די האָר, פאַרקעמטע מיט אַ שרונט,
פון בילד אַראָפּ קוקט, ווי אַ נאָנע,
דאָס מיידל גיט פון אָרט אַ שפּרונג,
באַטראַכט מיט נייגער אים און ביטול.
און ב ו ז י אַ ציט אַראָפּ דאָס היטל:
— „אַנטשולדיקט מיר, מאַדמואַזעל,
דאָס מאָלן אייערס מיר געפעלט!
דערלויבט: מיין נאָמען ז'ב ו ז י אַ י ע ל י ן,
איך בין אַ פּליט דאָ אין שטאָט,
אָן דאָרט, אין גרויסן פלוימען-סאַד,
מיר וואוינען אין דעם הויז דעם געלן.
און איר, מאַעסטראָ פון קאָליר,
דעקט אייער נאָמען אויף פאַר מיר!" —

.6

אין אויגן — גרוי־צעגליטער פייער,
ווי פעך — די גלאַנציק־שוואַרצע האָר:
— „זייער אָנגענעם! כ'הייס ליובאַ דאַיעז.
און איר? איר דאַרפט זיין אַן אַקטיאָר." —
פאַרשעמט זיך בוזיאַ פון די ווערטער:
— „ניין, פריילין ליבע און געערטע,
איך חלום גאָר אַ סקולפּטאָר זיין,
כאָטש כ'האָב געזוברעוועט לאַטיין
און אויף די קורסן מעדיצינער
האָב איך געלערנט אַ צוויי זמן.
נאָר ס'האָט מיך ווילדער „רויטער וואַן"
פאַריאָגט אויף קרעסן אויף כאַטינער.
דאָ דריי איך אום זיך פּוסט־און־פּאַס,
אַ בעל־עבירה'ניק — אין צפת." —

.7

צעלאַכט זיך ליובאַ. ס'ברוינע פּינזל
גיט אין איר רונדער האַנט אַ שוועב.
עס שמעקט פון איר מיט פרישער ברינדזע,1)
מיט גרוך פון בעסאַראַבער סטעפּ.
און בוזיאַ זעט: דעם מיידל'ס פּנים
איז נאַניש־שטרענג און שאַרף־דעמאָניש
געצייכנט סודות'דיק־סובטיל,
ווי ליערמאָנטאָוו'ס טאַמאַראַ־בילד.
— „אויב איר וועט, ליובאַ, מיר דערלויבן:
דאָס בילד געפעלט מיר — וואָר און עכט,
נאָר דוכט זיך מיר, צופיל געשלעכט
און ווייניק גייסט, וואָס זאָל דערהויבן..." —
אין ליובאַ'ס אויגן בליצט אַ פונק:
— 'ער איז אַ מוטיקער, דער יונג!' —

.8

אין גרויע אויגן צאָרן פאַרעסטלט,
נאָר ס'בליט אַ שמייכל אויף געזיכט:
— „דער קינסטלער גיט פון זיך דאָס בעסטע,
ס'כאַראַקטעריסטישסטע אין זיך!

---

1) שאָפענע קעז.

אזוי האָט מיך מיין „מעטר" 1) געלערנט
אין פעטראָגראַד — דער גרויסער סיעראָוו.
איר זענט נישט ווייט פון אמת, זעט:
דאָס איז דאָך מיין אויטאָ-פאָרטרעט. " —
עס ווילט זיך אים פון חרפה שרייען:
ער האָט אומזיסט איר ווײ-געטאָן.
ער גיט אַ שפּאַן צו איר גאָר נאָנט:
— „אַנטשולדיקט, ליבע פריילין דאַיען!
מיין איינדרוק ז'איבעראיילט, געוויס,
אַ נישט-באַרעכנטער קאַפּריז." —

9.

זי קוקט אויף בוזיאַ'ן מיט נצחון,
ווי זי געזיגט וואָלט אין דועל:
— „איר זייט אַ קלוגער, וואוילער בחור —
און אייער תמימות מיר געפעלט.
איך האָב אייך גאָרנישט צו פאַרצייען.
ס'איז מיר צום הארצן אייער רעיון,
אַז ס'בילד פאַרמאָגט צופיל געשלעכט.
פּאָ מאָיעמו, 2) זענט איר גערעכט!
דער מאַן, וואָס זוכט אין פרוי רעטאָריש
אַ חלום בלויז, אַ טאַליסמאַן,
דער איז אַ למך, נישט קיין מאַן...
און איר, איך האָף, זענט נישט קיין פּרוש.
איר זענט אַ קינסטלער — און מיר שיינט,
מיר וועלן, בוזיאַ, ווערן פריינט."

10.

זינט יענעם טאָג ביים ברעג פון דניעסטער
טרעפט בוזיאַ אָפטמאָל זיך מיט איר.
אין שאָטן פון דער אַלטער פעסטונג
זיי זיצן ביידע, ווי פאַרווירט.
זי מאָלט זיין בילד מיט פאַרבן בלויע.
און ער, פאַרטיפט אין אַ חזיון,
ער קוקט אַריבער ליובאַ'ס קאָפּ
און זעט זיין מאַנאַ'ס שווארצן צאָפּ.
זי שפּירט: זיין הארץ — אין טיפן טרויער,
אַז ער באַהאַלט פון איר אַ סוד,
אַז אָט-דער יונגער דאָן-קיכאָט
אין פלען איז פון זיין דולציניייע.
און מיט געניטער פרויען-האַנט
אין יינגל וועקט זי אויף דעם מאַן.

1) לערער. 2) לויט מיין מיינונג.

## ג. פרונזע ווערדע[1]

**1.**

ס׳איז שיין דער סטעפּ, דער בעסאַראַבער:
לבנה־שיין אויף טייך און ברעג.
צעשטראַלט — אַ מעין־המתגבר,
פאַרשיכורט טריפן נעכט און טעג.
מיט הערצער — פרילינגדיק און ברויזיק,
אין שטוב צו זיצן איז אַ חוזק,
עס רופט לבנה־נאַכט אין וואַלד
מיט חופּה־דעק פון עמעראַלד.
אין וואַלד איז שטיל. דאָס פּאָרל בלאָנקעט
פאַרשיכורט אום, ווי אין אַ טראַנס.
מיט לייבער — גליאיק. ווי אין בראַנד,
מע ציט זיך אוים אויף ווייכער לאָנקע.
און ס׳דעקט דער וואַלדיק־גרינער סכך
די לייבער צו, ווי מיט אַ דאַך.

**2.**

עס שטייען טעג שוין האַרבסטיק־ברוינע.
ער זיצט מיט ליובאַ׳ן דורך די נעכט.
ער בענקט נאָך ריר פון מירמלשטיינער —
און זינקט אין אָרעמס פון געשלעכט.
עס שמעקט מיט טרויבן און אַרבוזן.
דער לאַנגווייל שטיקט דאָס האַרץ ביי בוזיאַ׳ן.
ער וואָלט געאַרבעט, ווי אַ בין, —
ז׳נישטאָ קיין מירמל אין כּאָטין.
עס נאָגט אַ פאָרגעפיל און דליבעט:
די נעכט מיט ליובאַ׳ן טיף אין וואַלד —
זיי זיינען טרעפ אין קאַפּהאָקאַל,
און טייוול־שפּיל, נאָר נישט קיין ליבע.
אַ ליבע, וואָס איר תּוך איז לוסט,
מיט גרוילן ענדיקט זיך און זנות.

**3.**

עס שטייט אַ נישט־פאַרענדיקט לייוונט
ביים טיש אין ווינקל, אָן אַ ראַם.
אין ליובאַ׳ס אויגן גליט די תּאווה
מיט אָן אומהיימלעך־גרויען פלאַם.
שוין פינף חדשים, ווי פאַרבונדן
צעווישן זיי, אין ווײ־און־וואונדער,

---

1) גרינע בלעטער.

דער בונד פון הוילער, גרוילער לוסט,
וואָס האָט צעעפּנט יעדן שליוז.
ווי ס'וואָלט דער כוח פון געשפּענסטער
דאָס מיידל מיטאמאָל דערשפּירט:
— 'דו טרייב די ליבע דורך דער טיר,
'זי קריכט אַריין צ'ריק דורכן פענצטער.' —
זי פילט: די תאווה איז באַנקראָט.
איר האַרץ באַרירט האָט ליבע־גאָט.

.4

און ווידער איז געקומען פרילינג
אין אַלטער, בלאַטיקער כאַטין,
די צייט פון ליבע און דערפּילונג,
מיט יונגן, בעזישן באַגין.
עס שפּרייט זיך איבער סטעפּ דער לאַנד־טוך —
אַ פאַרביק־אויסגענייטער האַנטוך.
פון דושנע שטיבער רופט דער וואַלד
מיט גרינע בלעטער — עמעראַלד.
— 'אָ, פרונזע ווערדע! פרונזע ווערדע!' —
אויף פייפל טרויערט דער „טשאַבאַן", (1
און איבער רעלסן פון דער באַן
ער טרייבט אהיים זיין שעפּסן־טשערעדע.
נאָר ליובאַ'ן ציט נישט מער אין וואַלד:
עס איז איר לעבן ביטער־גאַל.

.5

זי קוקט מיט אויגן פון מעדוזע
און שעפּטשעט מיט דער בלייכער ליפּ:
— „אָ, זאָג דעם אמת מיר, מיין בוזיאַ,
האָסטו מיך ליב, באמת ליב?" —
ער קוקט אויף איר אין גאַף און שטוינונג,
אַזאַ, ווי איצט, האָט ער נאָך קיינמאָל
דאָס שטאָלצע מיידל נישט געזען.
און ס'ציטערן ביי אים די הענט:
— „איך האָב געליבט אַ מיידל מאַנאַ,
האָט זי פאַררעטעריש, געמיין
פאַרשוועכט מיין ליכטיקן חזון.
זינט דאַן — אין ליבע־זאַבאַבאָנעס
איך גלויב נישט, ליובאַ, ס'איז די וואָר.
איצט, מיין איך, איז דיר אַלץ שוין קלאָר." —

1) אַ פּאַסטעך.

## ד. אין דערוואַרטונג

.1

זי גיט אַ רים זיך, ווי אַ חיה,
געטראָפן פון פאַר׳סמ׳טער קויל.
אין גרויע אַפּלען — הייסע בלייען,
פאַרצווייפל, ביטערניש און גרויל.
די ווערטער — ברענענדיקע קוילן:
— „כ׳האָב אויך פאַר דיר אַ סוד פאַרהוילן,
איז מוז איך, בוזיאַ, אים אַצינד
אַנטפּלעקן דיר: איך טראָג דיין קינד!״ —
אַ ווייל נעמט ס׳לשון אָפּ ביי בוזיאַ׳ן.
ער שטעלט אַוועק זיך שטאָלץ פאַר איר:
— „כ׳וועל תיכף הייראַטן מיט דיר...״ —
מיט שלאַנגען־אויגן פון מעדוזע
זי ענטפערט שניידיק אים און קלאָר:
— „צו וואָס? כ׳וועל מאַכן אַן אַבאָרט!״ —

.2

אַ וואָך אַוועק — ער זעט נישט ליובאַ׳ן.
ער ווייסט נישט וואָס עס איז געשען.
ער דרייט אַרום זיך איבער שטובן
און קנאַקט די פינגער פון די הענט.
און מיטאַמאָל — האָט ווי אַ פייער,
פאַרשפּרייט אַ קלאַנג זיך: ליובאַ דאַיען
ביינאַכט מיט שיפל איז אַוועק,
געלאַנדעט אויפן „רויטן ברעג״.
מ׳האָט נאָכגעשאָסן איר פון פעסטונג
מיט פּוליעמיאָטן נאָכאַנאַנד,
געפלויגן קוילן ביי דעם ראַנד
נאָר זי אַריבער איז דעם דניעסטער.
אויף „רויטן ברעג״ אויף איר געוואַרט
האָט גאָר אַ הויכער קאָמיסאַר.

.3

צוויי וועגן זיינען דאַן געלעגן
פאַר יעדן פּליט אויף דער פריי:
איין דרך — צו ניו־יאָרקער ברעגן,
אין לאַנד פון גאָלד און שניידעריי.

דער צווייטער וועג — אַוועק פון גויים,
דער גראַדער וועג קיין ארץ־ישראל,
וואָס איז געווען שוין פריי פון טערק:
— 'קום, תבואה זיי אויף שטיין פון בערג!' —
אַרקאַדי יעלין ז'נישט קיין טרוימער,
חלילה, נישט קיין אידעאַליסט.
ער איז אַ סוחר — רעאַליסט!
ווי קומט צו אים גאָר פלאַנצן ביימער?
די יעלינס זיינען אין דער שטיל
אַוועקגעפאָרן קיין בראַזיל.

.4

און בוזיאַ איז אַ יאָר געשוואומען
אויף שיפן — שפּילצייג פון קאַפּריז,
ביז סוף־כל־סוף ז'ער אָנגעקומען
אין וועלט־שטאָט ליכטיקער — פּאַריז.
צוויי יאָר געאַרבעט אויף מאַנסאַרדע,
צעווישן מאָלערס, זונות, באַרדן,
צעווישן פּרינצן פון דער נויט,
דערנערט זיך קוים מיט וויין און ברויט.
אויף דריטן יאָר האָט אויסגעשטעלט ער:
„אַ שטומען דערוויש פון באַגדאַד",
„אַ לאָמען סירישן נאָמאַד",
„אַ פרוי פון נישט־באַשטימטן עלטער",
„אַ פּויקער מיט אַ בלינדן אויג",
„אַ מויד מיט פּנים פון אַ צויג".

.5

און יעדער ביוסט פון מאַרמאָר ראָזן,
פון בראָנדז, צי ווייסן קיזלשטיין,
איז פול מיט ליכטיקייט פון דאַ־זיין,
מיט לעבן אָטעמט און מיט חן.
און ס'האָט אַ האָגל לויב־געזאַנגען
אַ שאָט־געטאָן זיך — און געפאַנגען
דעם יונגען קינסטלער־ווירטואָז,
וואָס רופט זיך שוין בערנאַר לאַראָז.
נישטאָ, פאַרשוואונדן בוזיאַ יעלין,
בערנאַר לאַראָז פאַרנעמט זיין אָרט:
פון חלום העלער ווערט די וואָר.
דער חלום פון דער וואָר ווערט העלער.
נאָר איבער קינסטלער'ס יונגען קאָפּ
דער טרויער שוועבט — אַ שוואַרצער ראָב.

# פערטער טייל: דער לאַנגער „טערמידאָר"

## 1. אין כאַרקאָווער שטאָט־שפּיטאָל

### א. דער טויט פון וויקטאָר'ס מאַמע

**1.**

„פּאַלאַטע"1) פול איז מיט אַגאָניע.
ס'ליגט וויקטאָר דאָ שוין צוויי מעת־לעת.
די וואָלקנס גריזשען די לבנה —
אַ גרויסן, געלן שווייצער־קעז.
ער האָט פון פראָנט אַ בריוו געשריבן
צו זאָיאַ'ן, פול מיט צאַרטער ליבע,
אַז ר'קומט אַהיים אין יאַנואַר.
איצט וואַרט וואַרט אויף איר ער, וואַרט און וואַרט...
— 'אָ, גאָט, וואָס קאָן עס דען באַטייטן,
'וואָס זאָיאַ קומט מיך דאָ נישט זען?
'וואָס האָט אַזוינס געקאָנט געשען?' —
און ס'ברענט דאָס האַרץ זיינס, ווי אַ שייטער:
— 'זאָל זיין, זי האָט מיך מער נישט ליב?' —
און פון פאַרדרוס ער בייסט די ליפּ.

**2.**

אויף דריטן טאָג האָט חבר יאָלעס
באַוויזן זיך אויף וויקטאָר'ס שוועל.
דער קראַנקער קוקט אויף לאַנגע פּאָלעס
פון זיין צעעפנטן שינעל.
ער וויטעט העפלעך זיך מיט וויטיאַ'ן:
ס'האָט פאַרן יאָר זיך שטאַרק געביטן
דער שטרענגער חבר „פּאָליטרוק".
דאָס פּנים — שטרענגער, אויך דער קוק.
עס זיצן ביינערדיקע ברילן
אויף פּאַוועל'ס פּראָמינענטער נאָז.
אויף ברייטן פּנים, רויט פון פראָסט,
די גרויע אויגן — שטאָליק־קילע.
ער גיט צום שמאָלן בעט אַ שפּאַן —
און שטרעקט דעם קראַנקן אויס די האַנט:

**3.**

— „נו, זיי געגריסט אונדז, חבר וויקטאָר!
זיך אויסגעצייכנט אויפן פראָנט!"
זיין שטימע קלינגט, ווי אַ פאַרשטיקטע,
ער ווישט אין פּאָלע פייכטע דלאָן:

1) שפּיטאָל־צימער.

— „פּאָכוואַלנאַ, בראַט! 1) אַנטקעגן תליון
האָסט בראַוו געקעמפּט — און צוויי מעדאַלן
באַקומען פאַר דיין העלדישקייט,
דעם פיינט באַזיגט אין יעדן שטרייט.
יאָ, ווי אַ העלד, האָסטו באַוויזן
די טריישאַפט דיינע צום רעזשים.
ס׳האָט דיך אין זיין רעפּאָרט געריימט
דער הויפּט פון פערצנטער דיוויזיע.
מיר זענען, וויקטאָר, שטאָלץ מיט דיר:
פאַר צוויי מעדאַלן אויף מונדיר.״ —

4.

און וויקטאָר הערט זיך צו מיט טרויער
צו יאָלעס׳ שנעלן ווערטער־פלוס.
עס ווילט זיך פרעגן: — ׳וואו איז זאָיאַ?׳ —
נאָר ר׳בייסט די צונג זיך פון פאַרדרוס.
און יאָלעס פּיפּקעט דעם ציגייער:
— „איך האָב ניט, בראַט, קיין גוטע נייעס,
עס טוט מיר דאָ באמת לייד:
ס׳איז די מאַמאַשע דיינע טויט.
געשטאָרבן צ׳ריק מיט דריי חדשים.
געוואָרט זאָלסט קומען שוין אַהיים...
נאָר ס׳האָט איר לעצטער, הייסער טרוים
זיך פּלוצעם גרויליק אויסגעלאָשן...
געשטאָרבן איז זי פאַר דער צייט...
און דו געוועזן פון איר ביזט ווייט.״ —

5.

און וויקטאָר שפּירט: ווי ס׳דרייט זיך פּאַוועל —
און עפּעס זאָגט ער, נישט דערזאָגט:
— „ס׳איז איצט אַ צייט אַזאַ, מיין חבר,
ווען ס׳פאַלן מענטשן יעדן טאָג.
ווער ס׳פאַלט אין שלאַכט פון שונא׳ס קוילן
און ווער — אין אייגן הויז — פון גרוילן,
וואָס קומען פּלוצעם, אומגעריכט
און ברענגען פינצטערן פאַרניכט.״ —
ער גיט אַ צי אויף נאָז די ברילן:
— „ס׳האָט טויזנט שונאים אונדזער מאַכט,
איז מוז מען, בראַט, זיין אויף דער וואַך:
דעם פיינט דערלאַנגען מיט אַ קיליק.
אַנישט, וועט זיין אונדז אַך־און־וויי!
נאָר וואַכזאַם ז׳שטענדיק די פּאַרטיי!״ —

1) פאַרדינסט אַ לויב, ברודער!

**6.**

און וויקטאָר שפּירט דעם בראָך, דעם גרויסן,
נאָר עפּעס נישט פאַרשטיין ער קאָן:
— „איר רעדט פון שונאים... זייט מיר פּותר,
ווי קומט מיין מאַמע דאָ אין קאָן?״ —
דער ענטפער קומט, ווי פון אַ ברונעם:
— „די מאַכט האָט, וויקטאָר, אויסגעפונען,
אַז ס׳האָט דיין מאַמע ביי איר שטוב
באַגראָבן רענדלעך אין אַ גרוב.
און דאָס איז — ווי אין האַרץ אַ מעסער
אַנטקעגן אונדזער רויטער מאַכט...
האָט מען אַן „אָביסקע״1) געמאַכט —
און אַרעסטירט די מיוחסת,
איז זי געזעסן אין „טשעקאַ״2)
אַ חודש־צוויי... אַזוי — פּאָקאַ!3)

**7.**

די אויגן וויקטאָר׳ס פלאַמען, פלאַמען:
— „וואו איז, טאָוואַרישטש, דער רעזאָן —
דערשטיקט אין דער „טשעקאַ״ — די מאַמע?
און איך — אַ קעמפער אויפן פראָנט?
ס׳איז שווער, צו־שווער מיר צו באַנעמען,
אַז דאָס געשען איז אויף אַן אמת.
ז׳דאָס אייער יושר, „פּאָליטרוק״?״ —
ער גיט מיט ליפּ אַ קרים און צוק:
— „זי האָט איר גאַנצע רייכע שפּע
געבראַכט צו אייך אַליין, אַן צוואַנג.
איך בין מיט איר געוועזן אין באַנק,
ווען ז׳האָט פאַר אייך דעם „סעיף״ געעפנט.
איר זון געשיקט אייך אויפן פראָנט...
וואו איז, טאָוואַרישטש, דער רעזאָן?״ —

**8.**

אַ ווײַלע שווייגט דער חבר יאָלעס.
דאָס פּנים מיניעט זיך אויף רויט.
ער נעמט צענויף די לאַנגע פּאָלעס:
— „עס טוט מיר, חבר, זייער לייד...״—
ס׳ווערט בלאַס און בלאַסער וויקטאָר׳ס פּנים:

---

1) הויז־זוכונג. 2) סאָוועטישע געהיים־פּאָליציי. 3) דערווייל, ביז דער אויס־פאָרשונג.

— „כ׳דערוואַרט פון אײַך נישט קײן רחמנות,
איך זוך דאָ בלויז דעם זין דערגײן,
באַנעמען אַלצדינג און פאַרשטײן...
איך װײס נישט, װער ס׳איז אײַער טאַטע:
אַן עושר, צי אַן אָרעמאַן?
װי װאָלט געפילט איר, װען די האַנט
פון אײַער מאַכט װאָלט אים גע׳פּטר׳ט?
פאַרװאָס? פאַר װעמעס שװערע זינד?
אַזױ — אָן סיבה און אָן זין?...״ —

9.

און װיקטאָר זעט: די באַקן בלײַכן
בײַ זײַן „װאַיעני פּאַליטרוק״:
— „געװען מײַן טאַטע רײַכסטער סוחר
אַמאָל איז אין דער שטאָט פּרילוק.״ —
און יאַלעס גיט אַ בײַס די ליפּן:
— „האָט די „טשעקאַ״ אים אין יום-כּיפּור
פאַרנומען גלײַך קײן האַראַדיר —
און שפּעטער דאָרט אים ליקװידירט...
און איך, זײַן זון, בין דאָ מרוצה,
כ׳האָב גוטגעהײסן זײַער טאַט,
װײַל כ׳בין אַ פּשוט׳ער סאָלדאַט
אין דער אַרמײ פון רעװאָלוציע.
אַזױ, אַז דו ביזט נישט אַלײן,
װאָס װיל באַנעמען און פאַרשטײן...״ —

10.

— „דער פאָטער אײַערע דערמאָרדעט?״ —
שרײַט װיקטאָר אױס אין שטױן און גאַף:
— „און איר קאָנט װײַטער אָט-דער האָרדע
דאָ דינען?... נײן, דאָס איז נישט בראַװו...
דאָס איז... דאָס איז... דאָך דאָס פאַרקערטע...״ —
— „זײ פאַרזיכטיק מיט שאַרפע װערטער,
איך װאָרן דיך דאָ, װי אַ פרײַנט...״ —
שטעלט-אָפּ אים יאַלעס, פול מיט פּײַן.
פרעגט װיקטאָר פלוצעם: „װאו איז זאָיאַ?
זי װײַזט זיך שױן נישט דרײַ מעת-לעת...״ —
און יאַלעס ענטפערט: — „אין אָדעס
איז זאָיאַ איצטער. אָנפאַרטרויעט
האָט אַ שליחות איר דער „װציק״1) —
זי קומט אינגיכן שױן צוריק.״ —

1) דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פּאַרטײ.

## ב. דער אמת וועגן זאַיאַ׳ן

.1

און ווידער יאָלעס איז געקומען
צו וויקטאָר׳ן מיט אַ באַזוך,
געבראַכט אים פרישע פרילינג-בלומען
און אַ שקאַרמיץ מיט רייפע פרוכט:
— „ווי פילן היינט די גרויסע העלדן?
איך קום דיר גוטע נייעס מעלדן —
כ׳האָב אויסגעפונען היינט אין „וציק״:
עס קומט אינגיכן זאַיאַ צ׳ריק,
נישט מער, ווי אפשר אַ צוויי וואָכן.
דאָס האָט פאַרטרויט מיר חבר גאַר,
דער סאַמע גלאַוונער סעקרעטאַר...
איז גורט זיך אָן דאָ מיט בטחון:
אַ וואָך, צי צוויי — און ס׳וועט ביים העלד
דאָס ווייב זיך ווייזן אויפן שוועל.״ —

.2

באַדאַנקט אים וויקטאָר פאַר דער בשורה:
— „ס׳איז פיין, טאָוואַרישטש „פּאָליטרוק״,
פון אייך צו לינדערן יסורים
פון פראָסט-און-פּשוטן היידוק.
מיט וואָס פאַרדינט אַזאַ מין כבוד
אַ מאַן, וואָס ליגט צום בעט געקאָוועט,
און קאָן נישט רירן זיך פון אָרט,
איז מיר אינגאַנצן דאָ נישט קלאָר.
נאָר אייך אַ דאַנק קומט זיכער... זיכער...״ —
ער גיט אַ פּאָכע מיט דער דלאָן:
— „איך וואַרט אויף זאַיאַן איצט, פאַרדאָן!
ווי ס׳וואַרטן יידן אויף משיח׳ן...“ —
און יאָלעס קוקט אַרויס אין הויף:
— „כ׳בין שולדיק דיר אַ גרויסן חוב!״ —

.3

און ווען ס׳האָט זאַיאַ זיך באַוויזן,
האָט פּלוצעם אויסגעפּעלט אים לופט.
דער לויזער מאַנטל, ווי אַ ריזע,
ז׳געהאָנגען אויף איר שלאַנקן גוף.
זי האָט זיך שטיל צו אים דערנענטערט,
אַ ווייל געבליבן שטיין געפּענטעט,

געגעבן גלאַט אַזוי אַ הוסט:
— „ווי גייט עס, וויקטאָר, מיטן פוס?" —
זי'ז נישט געפאַלן אויפן האַלדז אים
און נישט צעקושט זיך מיטן מאַן.
זי'ט בלויז געקוקט אויף אים אין וואַן
מיט אויגן — ווי צעגליטע פאַלצן.
ער האָט געפליסטערט אין דעליר:
— „נו, זעץ זיך, זאָיאַ, לעבן מיר." —

.4

זי איז געבליבן שטיין: מיט דינעם,
מיט שלאַנקן, אויסגעצערטן גוף,
מיט אויסזען פון אַ מאַגדאַלינע—
אַ זינדיקער, פאַרשוועכטער כרוב.
פון פלעף און שטוינונג קומט צו זיך ער:
— „ווי איז געגאַן דיר די שליחות?
ס'האָט יאַלעס אַלץ מיר דאָ דערציילט..." —
אין גרינע אויגן מיניעט גרויל:
— „כ'בין נישט געווען פאַררייזט פון דאַנען,
כ'בין דאָ געווען די גאַנצע צייט..." —
ס'געזיכט, ס'צעאַקערטע פון לייד,
נעמט פּלוצעם וויאַנען, וויאַנען, וויאַנען...
זי שטרעקט די הענט, ווי אין געבעט —
און גיט אַ פאַל־צו צו זיין בעט.

.5

ער גלעט מיט האַנט ווי אין שגעון,
די רויטע כוואַליעדיקע האָר:
— „דערצייל, דערצייל מיר, ליבע זאָיאַ,
וואָס איז געשען — גענוי און קלאָר.
זי נעמט פאַרריכטן שטיל זיין ציכל:
— „כ'בין נישט געווען אויף קיין שליחות
נישט אין אָדעס, אינערגעץ נישט..."—
זי גיט דעם שטערן זיך אַ וויש:
— „די נאַכט, ווען ביזט פון פראָנט געקומען,
האָב איך געבוירן דאָ אַ קינד...
איך ווייס, דו רעכנסט, ס'איז אַ זינד."—
זי קוקט אויף אים מיט פיין און אומעט:
— „דער פאָטער איז נישט דו, מיין מאַן.
איצט ווייסטו, וויטיאַ, פון מיין שאַנד!" —

.6

הערט וויקטאָר אויס זיין ווייב פּאַרטאַיעט,
קיין מוסקול רירט זיך אויף געזיכט.
נאָר זאָיאַ׳ן דוכט זיך: ווי אַ חיה,
ר׳איז גרייט אַ שפּרונג-טאָן — צום פאַרניכט.
ער ליגט — אַ ווירע אויסגעצויגן.
עס מיניען זיך די ברוינע אויגן
מיט פּיין, מיט ווייטיק און מיט גרויל:
— „אַ דאַנק פאַר אַלץ, וואָס האָסט דערציילט...
איך וויל נישט וויסן, ווער דער פאָטער
איז פון דעם קינד...״ — ער רעדט מיט פאַרכט:
— „ביזט גאַרנישט שולדיק מיר, פאַרוואָר,
אַפילו אויב דו האָסט חרטה...
כ׳באַטראַכט עס, זאָיאַ, פאַר קיין זינד...
כ׳זע בלויז אין אַלץ דאַ נישט קיין זין...״ —

.7

ער הויבט זיך אונטער אויפן בעטל,
אויף עלנבויגנס שפּאַרט זיך אָן:
— „כ׳האָלט קיינעם נישט פאַר קיין פאַררעטער,
נאָר פאַלש איז, פאַלש דער קאָמערטאָן...
איך וויל, דו זאָלסט עס גוט באַטראַכטן:
איך קעמף אַ יאָר אין הייסע שלאַכטן —
און דאָ מיין ווייב אַ קינד געבערט
פון פרעמדן מאַן — ווער ווייסט אים, ווער?
און אויב ס׳איז ווייניק — אָט-די דראַמע,
מע פירט מיין מאַמען אין „טשעקאַ״ —
און אַלץ איז כשר — שטיל און שאַ...
דערצייל מיר, זאָיאַ, פון מיין מאַמע׳ן:
וואָס אויף אַן אמת האָט פּאַסירט?
פאַרוואָס מע האָט זי ליקווידירט?״ —

.8

די שטילקייט ליגט פאַרשטיקט אין ווינקל
און אָטעמט טיף און אָטעמט שווער.
זי גיט מיט גרינעם אויג אַ פינקל —
און ווישט פון וויע אָפּ אַ טרער:
— „ס׳האָט אַלץ דערציילט דיר חבר יאָלעם —
ס׳האָט אַרעסטירט זי די ממשלה

פאַר דעם, וואָס ז'האָט באַהאַלטן גאָלד, —
האָט טײַער זי דערפאַר באַצאָלט.
כ'האָב אַלץ געטאָן, אַ גלויב מיר, וויקטאָר,
צו ראַטעווען זי פון „טשעקאַ“,
נאָר ס'איז נישטאָ אַ קראַפט אַזאַ,
וואָס פון „טשעקאַ“ זאָל זײַן געשיקטער.
ס'איז נישט געווען קיין האַרץ־שלאַג, ניין:
מע האָט זי ליקווידירט — און שוין!“ —

.9

די אויגן מיט אַ רויך פאַרנעבלט,
זי קוקט אויף אים אַ ווײַלע שטאַר:
— „נאָר וואָס ס'איז טויט, קאָן מער נישט לעבן.
דערשאָסן — איז אַראָפּ פון מאַרק.
און מיר? וואָס וועט מיט אונדז זײַן ווײַטער?
גענוג געגעסן ביטער־קרײַטער.
צום טײַוול מיט פאַרגאַנגענהייט.
פון מאָרגן טראַכטן איז שוין צײַט.
מיר לעבן איצט אין אַ יאָרהונדערט,
ווען ס'איז אַלטמאָדיש די מאָראַל.
מיר לייגן איצטער שפּאָל נאָך שפּאָל
פאַר נייער וועלט פון רום און וואונדער.
פאַרגעם דעם עבר... כ'ווייס ס'איז שווער:
דער הימל ז'נאָך נישט ביי דער ערד...“ —

.10

אין וויקטאָר'ס אויגן פלעמלט, פלעמלט
רחמנות צו דער שיינער פרוי:
— „כ'קאָן אַלץ נאָך, זאָיאַ, נישט באַנעמען?
וואָס ס'איז געשען — און ווי אַזוי?
איין זאַך איז דאָך מיר קלאָר געוואָרן:
פון אונדזער ליבע די אַמפאָרע[1])
צעבראָכן האָט די האַנט פון בייז —
און אַלץ איז צווישן אונדז איצט אויס.
מיר לעבן איצט אין צײַט אין שענצטער,
ווען אַלץ איז מעגלעך, אַלץ פּאַסירט:
דו טרייב דעם אומגליק דורך דער טיר,
וועט ער צוריקקומען דורך פענצטער.
ניין, איצט פאַרשטיין איז מיר נישט שווער:
דער הימל איז שוין אונטער דר'ערד.“ —

---

1) וואַזע.

## 2. אויף קוראַציע אין קרים

### א. טראַשקאַ זאַפּאָרין

**1.**

ס׳איז צווישן שלעסער און כאַלופּקעס
שוין איינגעבראָכן לאַנג דער צאַם:
ליגט אָפּן איצט קור־אָרט אַלופּקע
די פּערל־שטאָט אויף שוואַרצן ים.
אויף שפּיץ פון קרימער האַלבן־אינדזל,
ווי אויסגעמאָלן מיט אַ פּינדזל,
אין ווייס־לבנה׳דיקן קלייד,
אַ כלה צו דער חופּה גרייט.
און דאָרט, וואו צאַרן, פירשטן, זונות
געהוליעט האָבן טאָג און נאַכט,
דאָרט איינגעשטעלט האָט „רויטע מאַכט"
קור־אָרטן פאַר די לייט געמיינע.
דאָ האָט דער נייער „אַרבעט־קלאַס"
צעלייגט זיך ביי דער זון צו־גאַסט.

**2.**

די גראַמע פירשטלעכע פּאַלאַצן
פאַרוואַנדלט מ׳האָט אין „אָפּרו־אָרט",
אַוועקגעלייגט אויף דיל מאַטראַצן
אין צימערן און קאָרידאָר.
ס׳איז דאָ נישט שייך קיין מפונק:
מען האָט געקעמפט פאַר דער „קאָמונע",
איז רוט מען אויס זיך „קאָמונאַל":
פאַר אַלעם גלייך דער זונען־שטראַל.
ס׳איז אָנהייב מאַי. די שטראַלן באַקן
די קראַנקע הענט, די לאָמע פיס
מיט אַ מחיה׳דיקן זיס,
וואָס היילט איעדע וואונד און מכה.
אויף אָפּרו האָט די רויטע מאַכט
אויך וויקטאָר׳ן אהער געבראַכט.

**3.**

מעת־לעת׳ן גאַנצע די האַרמאָשקע
אין פלינקע הענט פאַרגייט זיך לאַנג.
דער גרעסטער מאַדים איז דאָ טראַשקאַ,
דער באַגאַפּאַליער פאַרטיזאַן.
געווען איז ער אין וויקטאָר׳ס ראָטע:
געהאַט האָט ווייניק ער אַכאָטע

צו קעמפן אין דער „רויט-אַרמיי“,
זיך מער געלאַקעמט אויף „טראַפּיי“.
וואָס גייען אָן אים מאַרקס און העגעל?
ווי אַ געבוירענער בריגאַנד,
האָט טראַשקאַ אויסגעשטרעקט די האַנט
צו אַלץ, וואָס איז נאָר שלעכט געלעגן.
אין לעצטער שלאַכט ביי פּערעקאָפּ
האָט קויל פאַרוואונדעט אים אין קאָפּ.

**4.**

געהייסן ר'האָט טראָפים זאַפּאָרין,
געשטאַמט פון דאָרף ביי באַגאָפּאָל:
די אויגן — בלימעלעך אין קאָרן,
אַ קוטשמע האָר — ווי רויטע וואָל.
ר'האָט הינטער זיך אַ פיינעם יחוס:
געווען גע'משפט פאַר רציחה,
פאַרשיקט אויף צען יאָר קיין סיביר —
און אומגעקומען דאָרטן שיער.
געקומען איז די רעוואָלוציע,
אין ניינצן-זיבעצן — פּעווראַל, —
האָט אים אַ הויב-געטאָן דער שקוואַל —
און טראַשקאַ שרייבט שוין רעזאָלוציעס.
און ווען געקומען איז „אָקטיאַבּ“,
איז ער אַוועק אין „רויטן שטאַב“.

**5.**

און וויקטאָר שפּאַנט אַרום אויף קוליעס
איבער דעם גרויסן, רייכן שלאָס.
אויף ווייכן טעפּיך טאַנצט און הוליעט
אַ הויכער, בייניקער מאַטראָס.
און טראַשקאַ ריפּעט אויף „טאַליאַנקע“.1)
אין לאַנגער טראַכט, מיט גלידער שלאַנקע
די קראַנקן-שוועסטער פאַדען-אום,
צום שום און טומל — טויב און שטום.
און צווישן זיי — אַ סטראָיִנע ליפּע
דרייט-אום זיך איבער קאָרידאָר
אַ „שוועסטער“ — חלום אויף דער וואָר,
אַ בלאָנדער מלאך — אין אַ טשיפּיק.
און וויקטאָר האָט פאַר זיך באַמערקט: —
„אַ העלדין פון אַ דיכטער'ס ווערק“.

---

1) האַרמאָשקע.

.6

געוואָרפֿן ט ר אַ ש ק אַ האָט אַן אייגל
אויף בלאָנדער „שוועסטער" שווין פֿון לאַנג:
אַ הויכער, רויבערישער פֿויגל,
ער היט איר יעדן מינדסטן שפּאַן.
געוויינלעך רעדט ער ווערטער גראָבע.
נאָר פֿאַר דער „שוועסטער" — די כאָראָבע
אים נעמט, ווען זי טיילט־אויס די „פּאָטשט":
— „מאָגו־ל, סעסטריצאַ, וואס פּאָמאָטש?"—1)
די „שוועסטער" דאַנקט אים, נאָר זי'ז זיכער:
זי שרעקט זיך פֿאַר זיין גוטסקייט מער,
ווי פֿאַר די גראָבע רייד... זי קלערט:
— 'מסתמא רעדט פֿון אים דער שיכור!' —
זי גיט אַ שטילן, טיפֿן זיפֿץ —
און טיילט צו קראַנקע אויס די בריוו.

.7

די נאַכט אין „רו־הויז" ז'פֿול מיט חשדים,
דער פּחד קריכט פֿון שטיג ביז שטיג.
עס שטייען צוגעמאַכט די לאָדנס.
די „שוועסטער" דרימלט ביים „נאָטשניק".2)
עס שלאָפֿן אויף מאַטראַצן קראַנקע.
אין קאָרידאָרן פֿוילבלעך צאַנקען
די קנויטן פֿון פֿאַרדרייטע לעמפּ,
די לופֿט איז — פֿאַרן שטורעם — דעמפּ.
נאָר וו י ק ט אָ ר שלאָפֿט נישט. אויף געלעגער
ער ליגט, די אויגן אויפֿגעפּראַלט.
און מיטאַמאָל — אין טירן־שפּאַלט
ער הערט אַ האַסטיקע באַוועגונג.
ער נעמט די קוליעס — אָן אַ וואָרט —
און שפּאַנט אַרויס אין קאָרידאָר.

.8

ביים ליכט פֿון לעמפּל איינגעדרייטן
ער זעט צוויי שאָטנס ביי דער וואַנט.
אַ מאַן — אין העמד מיט רויטע קווייטן
אַ „שוועסטער" האַלט אין שטאַרקע הענט.
און וויקטאָר הערט, ווי ס'צישעט ט ר אַ ש ק אַ:
— „זיי שטיל, דו — סטיערוואַ, מאַנדאַוואָשקאַ...3)

---

1) — „קאָן איך אײַך, שוועסטער, מיט עפּעס העלפֿן?"—
2) נאַכט־לעמפּל. 3) לויז.

— „מיט דאָקטאָר — יאָ, נאָר נישט מיט מיר...
כ'וועל דיך צעקוועטשען, ווי אַ שטשיר...״—1)
די „שוועסטער״ ווערט זיך מיט באַצווינגער,
מיט נעגל דראַפּעט זיין געזיכט...
דרייט וויקטאָר פּלוצעם אויף דאָס ליכט
אויף טיש מיט פיבערדיקע פינגער.
די בלאָנדע „שוועסטער״ — וויים, ווי קרייד,
צעטומלט פינטלט, מיד פון שטרייט.

.9

און טראָשקאַ — מיט געזיכט צעדראַפּעט
צעזידט זיך היים, ווי „קיפּיאַטאָק״: 2)
— „טשעוואָ, סטיכון, סויאָש טי לאַפּי
ניע וו'סוואָי נאַוואַריענני גאָרשאָק? 3)
מסתם איז זי אויך דיר געפעלן,
די בלאָנדע קורווע, אָט-די העלע,
איז ווילסטו קריגן זי פאַר זיך —
און שפּעטער ווידמען איר אַ „סטיך״.4)
ער גיט אויף גלאַטן דיל אַ כראַקע:
— „ניין, טראָשקאַ'ן נאַרט מען דאָ נישט אָפּ!״—
ער רייסט דעם „טשיפּיק״ איר אַראָפּ:
— „ניין, וועסט נישט קריגן זי — אַ מכה!“ —
און וויקטאָר הויבט אַ קוליע אויף —
און וואַרפט אויף טראָשקאַ'ן זיך אַרויף.

.10

עס איז געוואָרן שנעל אַ טומל
פון אויסגעבראָכענעם געשלעג.
פון אַלע צימערן געקומען:
אין אויגן — שלאָף, אויף פּנים — שרעק.
מען האָט די „העלדן״ צוויי צעריסן
און אויסגעשייגעצט זיי אַ ביסל:
מ'עט מאָרגן זען, ווער ס'איז גערעכט
און ווער ס'איז שולדיק אין פאַרברעך.
די בלאָנדע „שוועסטער״ איז פאַרשוואונדן,
ווי ס'וואָלט פאַרשלונגען זי אַ תהום,
שוין נישט געדרימלט ביי דעם לאָמפּ
און נישט געבונדן מער קיין וואונדן.
עס איז אַ גאַנצע וואָך אַוועק:
מ'האָט שוין פאַרגעסן אָן געשלעג.

---

1) מכה. 2) זודיק וואַסער. 3) — „וואָס שטופּסטו, דיכטערוק, די לאַפּעס ניט אין דיין אָנגעברענטן טאָפּ?״ — 4) ליד.

## ב. די בלאָנדע קראַנקנשוועסטער

**.1**

דער פּאַלאַץ, וואו די רויטאַרמייער
פאַרברענגען זייער לעצטן קור,
געווען איז צווישן די פּאַלייען
אַ וואונדער פון אַרכיטעקטור.
פאַראַן אַ צימער, אַ באַזונדערס,
וואו מ׳האָט די קונסט-ווערק, ווי אַ וואונדער,
פון גאָלד, פון זילבער און פון גלאָז,
פאַרשפּאַרט, פאַרריגלט אונטער שלאָס.
נאָך דעם געשלעג — אויף נאַכט אויף דריטער,
אַ רעש, האָט פּלוצעם זיך דערהערט,
ווי ס׳וואָלט אַ סקלאַד זיך מיט געווער
צעקנאַלט — און אַלץ צעקנאַקט, צעשפּליטערט.
מע איז צו יענעם פּלאַץ אַוועק —
און שטיין געבליבן מ׳איז פון שרעק.

**.2**

אין צימער טראָשקאַ איז געשטאַנען:
אין האַנט — אַ קאָלבע פון אַ ביקס.
געמיניעט האָבן טויזנט וואַנען
אין היים-צעווילדעוועטן בליק.
ער האָט די קונסט-ווערק מיט דער קאָלבע
געהאַקט, געשמעטערט — און געבאָלבעט:
— „איסקוסטוואָ — קורוואַ, סטיערוואַ — טי!
טיערפּיעט ניע מאָזשעם קראַסאָטי!״ — [1]
מע האָט דעם זעלנער באַלד געבונדן,
פון צימער אים אַרויסגעפירט.
ר׳האָט וויקטאָר׳ן שוין ביי דער טיר
דערזען — און ר׳האָט זיך אָנגעצונדן:
— „אַ טי, זאַדריפּאַנני פּיאיט, [2]
מיט דיר איז טראָשקאַ נאָך נישט קוויט!״ —

**.3**

אויף גרויער, שטיינערנער טעראַסע
זיצט וויקטאָר און באַטראַכט דעם סאָד:
די בלעטער, נאָך פון רעגן נאַסע,
קוים-קוים זיך וויגן, ווי אין סוד.

---

1) — „קונסט, דו ביסט אַ זונה. מיר קאָנען נישט פאַרליידן קיין שיינקייט!״—

2) „און דו, פאַרדריפּעטער פּאָעט!״ —

אין טיפן בין השמשות שווייגן
מע הערט קיין שאָרך נישט פון די צווייגן,
די פרישע פרילינגדיקע לופט
פאַר'שיכור'ט מיט איר זיסן דופט.
די שקיעה קריכט פון פלויט אַרונטער —
אַ רויטע, פעטע, זאַטע קאַץ,
און פאַרבט די שפּיצן פון פּאַלאַץ
מיט גאָלד, צינאָבער און מיט צונטער.
און וויקטאָר מיטאַמאָל דערזעט:
אין שקיעה בלענדט דאָס בלומען־בעט.

.4

אין שטילן, בלויען בין־השמשות
די בלומען, דובענען צו גאָט.
די שקיעה איז נאָך נישט פאַרלאָשן
אויף שפּיצן פון דער בלויער שטאָט.
די ליליע דופטעט, ווי אַן אתרוג.
טולפּאַנען שטייען שמונה־עשרה
און שאָקלען מיט די רויטע קעפּ,
איריסן פלעכטן געלע צעפּ.
פיל־אויגיקע „פאַרגעס־מיך־ניט'לעך"
אין קאָרן בליען — רויכיק־בלוי,
אַזאַליעס, אָנגעזאַפּט מיט טוי,
ווי גלעקלעך קלינגען — קיל, געמיטלעך.
און רויטע בלימלעך פון טאַבאַק
די בלעטלעך שפּרייטן, ווי אַ פלאַג.

.5

און וויקטאָר קוקט אויף גאָט'ס יצירה,
אין פלאַמעדיק־צעבלענדטן סאָד —
און ס'וויל דאָס האַרץ זיינס זינגען שירה,
אַ יובלדיק געזאַנג צו גאָט.
ער קוקט אויף פאַרביקער „פּיעסטאַ" —
און ס'גיט אַ פּיק אין מאַרך: — 'די „שוועסטער",
'די בלאָנדע „שוועסטער" איז אַוועק
'פון „רו־אָרט" שוין אַ צען־צוועלף טעג.
'וואוהין איז פּלוצעם זי אַנטרונען
'נאָך יענער נאַכט אין קאָרידאָר,
'ווען טראַשקאַ האָט די בלאָנדע האָר
'געריסן איר אַזוי משונה? ' —
עס קריכט מעת־לעת דאָ נאָך מעת־לעת.
ער וואַרט: פּאַסירן זאָל אַ נס.

**6.**

און ס׳האָט דער נס אין אַ פרימאָרגן,
ווי אין ראָמאַן, טאַקע פּאַסירט:
ס׳האָט אים אַ קרעל געטאָן אין גאָרגל,
ווען ר׳האָט דערזען זי ביי דער טיר.
אין ציכטיק־ווייסער אוניפאָרמע,
אין הענט — אַ פלעשל יאָדאָפאָרמע,
און ס׳בלענדט פון בלאָנדע האָר אַ סנאָפּ
פון הינטער טשיפּיק אויפן קאָפּ.
זי קוקט אויף אים מיט אויגן קלוגע,
דאָס פרישע פּנים — פול מיט חן.
זי גיט אַ שמשירע מיט די ציין:
— „ס׳איז גוט צו זען אייך, חבר וויוגין.
וואָס מאַכט דער פוס? שוין אויסגעהיילט?
ס׳איז אַ פאַררעטעריין די קויל.״ —

**7.**

ער קוקט אויף איר מיט אויגן שטאַרע:
— „וואו זענט איר, „שוועסטערל״, געווען?
אין „פלען״ ביי „רויטע קאָמיסאַרן״?
געמיינט, איך וועל אייך מער נישט זען...״ —
זי גיט אַ וויג מיט גוף מיט שלאַנקן:
— „איך האָב פאַרגעסן אייך צו דאַנקן
פאַר יענער נאַכט אין קאָרידאָר...
איר זייט באַגאַנגען שיער אַ מאָרד...
כ׳קום ערשט צוריק פון שטאָט פון ווייטער...
כ׳האַרף באַנדאַזשירן אייער פוס...
דאָס איז אַן „אָנגענעמער מוז״...״ —
איר פּנים פלאַקערט, ווי אַ שייטער:
— „עס איז מיין נאָמען נינאַ פען.
מיר וועלן זייגער צוויי זיך זען.״ —

**8.**

די שעה׳ן ברענען היים, ווי קינען,
ווי פריסעק, יעדע רגע בריט.
פונקט צוויי צו וויקטאָר׳ס בעטל נינאַ
איז צו מיט טאַנצנדיקע טריט.
(און ס׳דוכט זיך אים: ס׳איז אַ מיראַזש זי!)
געבראַכט אַ בינטל מיט באַנדאַזשן,

אַראָפּגעשיילט דעם וויקלשנור
און אָנגעשמירט מיט דער מיקסטור:
— „אויף אורלויב כ'בין געווען צוויי וואָכן,
אין כאַרקאָוו...״ — קלינגט דאָס קול איר'ס שאַרף,
נאָר אויגן זענען פול מיט צער:
— „כ'האָב אָפּגעהאַלטן אַ נצחון,
כ'האָב אָפּגעזעגנט זיך מיט מיין מאַן...״ —
זי רעדט פאַרווירט, ווי אין אַ טראַנס.

.9

— „איך בין די פרוי פון פּאַוועל יאַלעס,
פון דעם „וואַיעני פאָליטרוק״,
אַ „שישקע״ ר'איז ביי דער ממשלה,
איך שטאַם, ווי ער, פון שטאָט פּרילוק.
איך האָב דערוואוסט זיך: מיט אַ פרוי ער
אין כאַרקאָוו לעבט, מען רופט זי זאָיאַ...
זי האָט פון אים געהאַט אַ קינד...
ביי מיר איז דאָס נאָך אַלץ אַ זינד...
נאָר וואָס האָב איך דאָ אויסגעקליבן
פונקט אייך דערציילן וועגן אַלץ:
פון מיין פאַראומערטן שיקזאַל,
פון מיין נישט-אויסגעליבטער ליבע?
איר ווייסט: די פרוי... — זי גיט אַ שלונג:
— „וואָס אויף דער לונג, איז אויף דער צונג!״ —

.10

זי מערקט נישט, ווי עס צוקט דאָס פּנים
ביי וויקטאָר'ן פון אירע רייד,
ווי ס'וואָלטן גליענדיקע שפּאָנען
זיין האַרץ געצונדן — צונטער-רויט.
די שנאה אויף די ליפּן פינעט:
— „אַ דאַנק, אַ דאַנק אייך, ליבע נינאַ,
פאַר אייער האַרציקן פאַרטרוי.
געווען די זאָיאַ איז מיין פרוי.
זי האָט נישט לאַנג אַ קינד געבוירן,
ווען איך געווען בין אויפן פראָנט.
איך האָב, עס קלינגט מסתם שאַבלאָן,
געמאַכט שוין שלום מיט מיין גורל.
איצט זענען מיר אין זעלבן שאול:
געטראָפן פון דערזעלבער קויל.״ —

## ג. דערקענטעניש

**1.**

ער איז די נאַכט נישט איינגעשלאָפן,
געדרייט זיך אויפן בעט אין גרויל:
— ׳פאַר וועלכע זינד אַזעלכע שטראָפן
׳האָט גוטער גאָט אים צוגעטיילט?׳ —
פאַרטאָג האָט אויסגעפּלאַצט אַ רעגן.
ער איז ביז נאָכמיטאָג געלעגן
אין בעט, צום פרישטיק נישט אַראָפּ:
עס האָט געשווינדלט אים אין קאָפּ.
ביינטאָג איז אָנגעקומען ווידער
די „שוועסטער" נינאַ — פריש און יונג —
געגעבן שטיפעריש אַ זונג:
— „אַ מענטש נישט לעבן קאָן פון לידער.
האָב איך געבראַכט אַ טעלער באָרשט:
דעם הונגער שטילן און דעם דאָרשט." —

**2.**

ער עסט דעם באָרשט מיט גרויס הנאָה,
וואָס ער האָט לאַנג שוין נישט געפילט.
ער שפּירט: איר האַרץ קלאַפּט אַזוי נאָענט,
איר בליק מיט רויכל איז פאַרהילט.
זי היט, אַז וויקטאָר זאָל געניסן
איעדן שלונג, איעדן ביסן.
זי שוויגט און שמייכלט, ווי די זון.
און פּלוצעם גיט איר קול אַ קלונג:
— „כ׳האָב אייערע אַ קרענצל לידער
געלייענט אַנומלט אין זשורנאַל:
ווי ס׳וואָלט אַ פרישער פרילינג-קוואַל
אַ פלייץ געטאָן אויף האַרץ אויף מידן.
ווי אַנדערש, וויוגין, ז׳אייער ליד
פון אַלץ, וואָס ווערט איצט „אויסגעשמידט"..." —

**3.**

אויף מאָרגן איז געקומען נינאַ
שוין אינדערפרי, נאָך פרישטיק באַלד.
אַ קרענצל בעז האָט זיך געמיניעט
אַריבער קעלנערל, ביים האַלדז:
„גוט-מאָרגן, ווי פילט היינט דער חולה?
איך האָף, די פינצטער-ווילדע גרוילן

פאַרלוירן האָט איר דורך דער נאַכט.
איר זענט געשלאָפן — נישט געוואַכט..." —
און וויקטאָר פילט, ווי פרילינג-שטראָמען
צעפליסן זיך פון אירע רייד.
עס שמעקט פון ציכטיק-ווייסן קלייד
מיט פרייד מיט מיידלשער, ווי בשמים.
ער פליסטערט שטיל: — „ברוך הבאָ!
אַ דאַנק דיר, נינאַ, וואָס ביזט דאָ!" —

.4

ס'האָט אינדערפרי אַ פרילינג-רעגן
אַ פלייץ-געטאָן אויף טאָל און באַרג.
מ'האָט זיך אין קאָרידאָר באַגעגנט,
נאָר נישט געקאָנט אַרויס אין פּאַרק.
מ'האָט אויף געשלאָסענער טעראַסע
געטרונקען טיי פון קליינע טאַסן,
אין אויגן זיך געקוקט פאַרליבט.
און נינאַ גיט אַ קרים די ליפּ:
— „עס וועט דער דאָקטאָר אַ ווערדיקט דיר
מסתם אַרויסטראָגן די טעג...
וואוהין וועסטו פון דאַן אַוועק,
ווען וועסט אַרויס פון „רו-פּלאַץ", וויקטאָר?
וואָס קלייבסטו דעמאָלט זיך צו טאָן?
צוריק אַוועק אין עשאַלאָן?" —

.5

דעם גאַנצן טאָג איז מען געזעסן
אויף דער טעראַסע ביז פאַרנאַכט.
זי האָט צוויי מאָל געבראַכט אים עסן,
אַ ווייכן קישן אים געבראַכט,
אַז ס'זאָל דעם קראַנקן פוס, פאַרשטאַרטן
באַקוועם זיין אויף דער באַנק דער האַרטער —
און צווישן זיך — פאַרליבט, פאַרווירט,
אַ שטיל-אינטימען שמועס געפירט.
זי האָט געוואַרט אויף וויקטאָר'ס ענטפער,
וואָס וועט מיט אים דאָ ווייטער זיין?
צי ר'וועט אין רויט-אַרמיי אַריין —
פאַר נייער רוסלאַנד ווייטער קעמפן?
נאָר ער האָט נישט גערעדט דערפון,
ווי ס'וואָלט פאַרשפּאַרט אים ווער די צונג...

## ד. אויף דער פריי

.1

אויף צווייטער וואָך האָט די קאָמיסיע
אַרויסגעטראָגן איר ווערדיקט:
עס קאָן שוין גיין אויף ביידע פיס ער,
נאָר ר׳פּאַסט נאָך נישט צוריק אין קריג.
מ׳האָט אים פון קור־אָרט אויסגעשריבן.
איז וויקטאָר אין דער שטאָט פאַרבליבן,
געדונגען זיך אין שטילן ליק
אַ צימערל — גאָר אַן אַנטיק.
עס איז נישט מער, ווי אַ כאַלופּקע:
אַ טיש, אַ סאָפּקע און אַ בעט,
נאָר פון באַלקאָנדל זעט מען, זעט
אַ ברייטן אויסקוק אויף אַלופּקע.
און גליקלעך ר׳איז מיט זיין „פּאַליי״:
— ׳ס׳איז זיכער בעסער פון אַרמיי...׳—

.2

נאָר ס׳האַקט דער טרויער אים, ווי פויסטן,
און אַ געדאַנק אין מוח שניידט.
— ׳נישטאָ, נישטאָ פאַר מיר קיין אויסוועג...
׳איך קאָן נישט שפּאַנען מיט דער צייט,
׳וואָס האַלט דעם מענטשן אויף צוהונדער...
׳פאַרוואָס אין ניינצנטן יאָרהונדערט
׳כ׳בין נישט געקומען אויף דער וועלט —
׳און נישט אין טעג פון טיל־און־תל?
׳פאַראַן אַ חילוק צווישן מאַנטיק
׳און שבת־יום־טוב׳, וויקטאָר שפּירט:
׳ווייל יעדער טאָג האָט זיין קאָליר
׳און זיין קאָליר האָט יעדער יום־טוב.
׳און אונדזער ערע — ווייי און בראָך:
׳איז לויטער גרוי און לויטער וואָך!...׳—

.3

ער זיצט אין אָוונט אויף באַלקאָנדל,
פאַרזונקען אין אַ זיסן טרוים:
די שטערן, ווי צעגליטע „ראָנדאָס״,
צעשאָטן, מיניען זיך אין רוים.
פון נאָנטע בערגלעך ציט אַ ווינטל.
אין הייפל — אונטן בילט אַ הינטל

אויף זילבערדיקן מולד־סערפּ.
און ווייסע וואָלקנדלעך — אין קערב
די בלויקייט זאַמלען פון די הימלען.
די נאַכט איז שטיל, ווי די נאַטור
וואָלט בייגעווען ביי דעם געבורט
פון נייע וועלטן, וואָס נאָך דרימלען
אין רייפער טראַכט פון אוניווערז —
און ס׳פליסט די זאַפט פון פרישן פערז.

.4

פון פרישן פערז — ווי רויזן־פלאָדן
ער פילט אויף גומען זיסן טעם...
און פלוצעם וויקטאָר זעט אַ שאָטן
וואַקסט־אויס צעווישן אים אין ים.
צוערשט האָט וויקטאָר קוים דערקענט זי:
אַריבער שטערן — בלויע ליענטע,
אין האָר — אַ ווייסע אַנעמאָן:
סימפאָניע פון בלוי און בלאָנד.
איר בליק איז פול מיט ווייך פון ליבע:
— „דער דיכטער חלומ׳ט פון באַשער,
כ׳וואָלט בעסער אים דאָ נישט געשטערט...
נאָר כ׳בעט דיך, לייען דאָס ליד מיר איבער..." —
ער גיט אַ הויב זיך פון דער באַנק:
— „אָ, נינאַ, לויכסט, ווי אַ געזאַנג!" —

.5

אַלופקע ליגט — אַ בלוילעך־ווייסע,
פאַר׳חלומ׳ט אין לבנה־שיין.
עס שמעקט די נאַכט מיט צויבער־מעשה,
מיט צוויט פון בעז, קישמיש און ווייַן.
זיי זיצןביידע אויף באַלקאָנדל:
זי וויקלט אירע האָר די בלאָנדע
אַרום זיין דין־דין־דינעם האַלדז.
און וויקטאָר׳ס פּנים לויכט און שטראַלט:
היינט אָוונט האָט געשענקט אים נינאַ
איר ליבע און איר לייב־און־לעב.
אין זילבער־זויבערדיק געוועב
די הערצער ברומען, ווי אַ כנור.
ער טראַכט: — ׳אין פלאַמען פון ערד
׳פאַראַן אַ ניצוץ איז פון גאָט.׳ —

## 3. אין „טשעקאַ"

### א. דער אויספאָרשער זוויאַגין

**1.**

די טעג און נעכט, ווי כוואַליעס, פּליעסקן
אין פריען, האַרבסטיקן הו־האַ.
באַקומען וויקטאָר אַ „פּאָוויעסטקע"[1]
האָט פון דער כאַרקאָווער „טשעקאַ":
אויף וויקטאָר'ס פּנים אויסגעדאַרטן
שפּילט נינאַ מיט די פינגער צאַרטע —
און סקלינגען ווערטער: — „וויטיאַ, גלויב,
עס וועט דער שד פון מאָרד און רויב
נישט שטענדיק שאַלטן דאָ און וואַלטן,
עס מוז דאָ זיגן יושר, זין..." —
ער קוקט אויף נינאַ'ן — שטאַר און בלינד:
— „אַ מאַכט, וואָס הויבט־אָן מיט געוואַלטן,
וועט שניידן נאָך, ווי וואָר איך לעב:
חברים אייגענע די קעפּ." —

**2.**

ס'האָט וויקטאָר זיך פון באַן געיאָוועט
גלייך אין „טשעקאַ" דעמזעלבן טאָג.
ס'האָט אים אָרויפגעפירט אַ חבר
צו זוויאַגינ'ען — אויף דריטן שטאָק.
באַגעגנט אים דער „סליעדאָוואַטעל"[2]
האָט ווי אַ קאָטער, ווי אַ זאַטער,
וואָס האָט צעכראָמשקעט ערשט אַ מויז
מיט זיסער מינע פון אַ לויז:
— „אָך, חבר וויגין, העלד און דיכטער,
ביזטו געשלאָפן גוט אין באַן?" —
ער שטרעקט אים אויס אַ פייכטע האַנט —
און וויקטאָר מערקט — ער איז נישט ניכטער:
— „געקומען ווילִיק ביזט אַהער
צו אונדז אויף קליינינקן פאַרהער." —

**3.**

ס'געפעלט נישט וויקטאָר'ן זיין מינע:
די נאָז — אַ רויטער פּאָמידאָר,
די פעטע אייגעלעך — מאַסלינעס,
די גלאַט־פאַרקעמטע ברוינע האָר.

---

1) מעלדונג פון געריכט. 2) אויספאָרש־ריכטער.

דאָס בייזע פּנים פון אַ צורר,
די קורצע וואָנצעלעך געשוירן,
ווי אַ „פריקאַזשטשיק״ 1) אין אַ קראָם,
לאַקירטע שטיוועלעך פון כראָם,
דער נייער „פרענטש״ 2) פון ברוינעם לייוונט,
די ברייטע הויזן „גאַליפע״
און די רעוואָלווער־„פּאַרטופּע״ 3)
אַלץ שפּאַרט מיט דראָאונג און מיט גאווה.

.4

הויך איבער טיש — אַ בילד פון לענין
אין הילצערנער, אין פּראָסטער ראַם:
— „דאַ, וויוגין, לאָמיר זיך באַקענען —
וואָס איז דיין נאָמען און דיין שטאַם?״ —
און וויקטאָר ענטפערט מאַשינאַווע:
— „מיין נאָמען? יאָ, כ׳הייס וויקטאָר לוואָוויטש,
אַ ייד פון כאַרקאָוו — סאַמאַראָד.
געוואוינט מיין פאָטער לאַנג אין שטאָט,
געווען אַ שטילער און אַ פרומער.
כ׳געדענק אים קוים — ר׳איז טויט שוין לאַנג.״ —
ער ווישט דעם שוויים אָפּ מיט דער האַנט:
— „די מאַמע איז דאָ אומגעקומען,
ווען כ׳האָב געפּאַכטן אויפן פראָנט...״ —
און ס׳קלאַפּט אַ צאָן אים אין אַ צאָן.

.5

— „אַך, ליקווידירט?״ — קלאַפּט זוויאַגין האַסטיק
מיט הוילע פינגער אויפן טיש:
— „און אַז דיין מאַמע האָט אין קאַסטן
באַהאַלטן רענדלעך, ווייסטו נישט?
נו, יאָ, אַוודאי... ביזט אַ דיכטער,
ביזט אייביק שיכור, קיינמאָל ניכטער,
ניין, נישט פון בראָנפן, נישט פון וויין:
פון גאָט און פון לבנה־שיין...״ —
— „אַנטשולדיקט, ס׳האָט דאָ ווער אַ קלאַגע
אַנטקעגן מיר אַריינגעבראַכט —
וואָס איז מיין חטא קעגן דער „מאַכט״?״ —
עס גיט אין וואָנץ אַ שמייכל זוויאַגין:
„— איצט ביזטו זיכער מיד פון וועג...
פּראָל, פיר אין קאַמער אים אַוועק!״ —

---

1) אָנגעשטעלטער אין אַ קראָם. 2) מיליטערישע רעקל. 3) גאַרטל.

## ב. די מסירה

.1

ס׳האָט אים אַריינגעפירט אין קאַמער
דער לאַמער רויט־אַרמייער פ ר אַ ל.
און וו י ק ט אָ ר טראַכט: — ס׳קאָן זיין, מיין מאַמע
׳געוועז אין זעלבער צעל, צומאָל...׳—
מיט ווילגאַטש שמעקט די וואַנט די געלע
אין איינצל־קאַמער — טיף אין קעלער.
אויף בעטל וו י ק ט אָ ר פאַלט אַוועק,
אַן אויסגעמאַטערטער פון וועג.
נאָר ס׳קומט דער שלאָף נישט... אַ תרדימה
אויף מידע אויגן אים באַפאַלט —
אַ גזלן פינצטערער אין וואַלד —
און ס׳פלאַטערט ס׳הארץ אין ווילדער אימה:
— ׳נישטאָ, נישטאָ ביי „זיי" קיין גנאָד —
׳וואָס וועט דאָ זיין מיט מיר, מיין גאָט?׳—

.2

אויף צווייטער וואָך געקומען ז׳ י אַ ל ע ם
צו ז ו ו י אַ ג י נ׳ ע ן אויף אַ באַזוך.
דער פאָרשער קוקט מיט אויגן שמאָלע —
אויף ליפּן שלענגלט זיך אַ שמוך.
די ווערטער פליסן מאַשינאָוועַ:
— „עס איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד
צו זען אייך, חבר „פּאָליטרוק"!"—
זיין פּנים מיניעט זיך און צוקט:
— „בפירוש, ס׳איז אַ פאַרגעניגן, —
ער ווישט דעם שטערן מיט דער דלאָן:
— „וואָס קאָן איך, חבר, פאַר אייך טאָן
אין שטרענגע אומשטענדן, די היגע?"—
זאָגט י אַ ל ע ם: — „ו ו י ו ג י ן, דער פאָעט,
איז דאָ ביי אייך... וואָס איז זיין חטא?—

.3

אַרויס נעמט י אַ ל ע ם אַ פּאַפּירל
און לייגט אַוועק עס אויפן טיש:
— „אַזוי! אַזוי! פון חבר ש י ר ע ר!"—
אין ז ו ו י אַ ג י נ׳ ס אויגן — פינצטערניש.
עס בייט דעם טאָן דער חבר ז ו ו י אַ ג י ן:
— „פאַראַן דאָ קעגן אים אַ קלאַגע,

אז ר׳האָט מיט אייגענעם געוואַג
דערשאָסן „באַטקאָ" פּאָלטאָראַק.
די קלאַגע איז צו אונדז געקומען
פון חבר וויוגינ׳ס באַטאַליאָן,
פון עמיצן — דירעקט פון פראָנט.
וואָס איז געווען דערביי דעם זומער.
איך האָף, איר זענט צופרידן איצט..." —
זיין בליק מיט רשעות גיט אַ בליץ.

.4

— „אַ דאַנק אייך, חבר „סליעדאָוואַטעל",
פאַר אייער הילף אין וויוגינ׳ס „זאַך".
דער ענין איז אַ דעליקאַטער —
און אייך פאַר פאַרזיכט קומט אַ שבח.
איך וויל, איר זאָלט אינזינען האָבן,
עס שטרעבט דער זיגרייכער „אָקטאָבער"
געבוירן נייעם מענטש און וועלט —
און וויוגין איז אַ גרויסער העלד:
ער האָט געקעמפט אויף פראָנט אוראַלער
און אויך אויף דעם אוקראַינער פראָנט —
און ס׳ווייסט דער גאַנצער באַטאַליאָן:
ער האָט געוואונען צוויי מעדאַלן." —
ער גיט אַ פּאַכע מיט די הענט:
— „איך וויל אים, זוויאַגין, היינט נאָך זען!" —

.5

ס׳איז זוויאַגינ׳ס בליק צעשוימט פון רשעות.
ער גיט אַ פּאַך מיט קורצע הענט
און הייזעריק ער גיט אַ צישע:
— „ס׳איז קעגן אונדזער רעגלאַמענט
צו זען זיך מיט אַן אָנגעקלאָגטן
נאָך איידער מ׳האָט דאָ „אויסגעצוואָגט" 1) אים.
צי ווילט איר, חבר „פּאָליטרוק",
דאָ מאַכן אַ פּאַטאַלן צוג?" —
— „יאָ, כ׳ווייס די היגע רעגלאַמענטן —
ס׳קומט אייך פאַר זיי אַ קאָמפּלימענט!
און דאָך באַשטיי איך: כ׳וויל אים זען.
איר וועט נישט שטעלן מיך צום ווענטל..." —
אַ לאַך גיט זוויאַגין, ווי אַ קריי:
— „ס׳איז וויוגין אין דער קאַמער צוויי." —

---

1) אויסגעפאָרשט.

.6

אין „קאַמער צוויי״ איז פייכט און טונקל,
עלעקטריש לעמפּל — ביים סופים.
און ווי קט אָר זיצט, אין זיך פאַרזונקן,
פון טראַכטן מיד, פון וואַרטן מיד.
און פּאַוועל קוקט אויף דעם מאַרטירער,
בעת דער וועכטער עפנט ס׳טירל:
ווי פינצטער דאָ איז, קאַלט און דעמפּ —
און ס׳גיט ביים האַרץ אים אַ פאַרקלעם.
נאָר ס׳קלינגט זיין שטימע מיט בראַוואַדע:
— „נו, בראַטיעץ, פון דעם מיליטער
איך קום באַזוכן דיר אַהער,
ווייסט פריי אינגיכן זיין אַוודאַי.
דיין קלאַגע נישטיק איז, פאַרוואָר —
איז נישט גע׳דאגה׳ט, נישט געזאָרגט!״ —

.7

און ווי קטאָר פינטלט מיט די אויגן
און קוקט אויף אים, ווי אין דעליר:
— ׳דאָס האָט דאָך ער, דער „בייזער בוגד״,
׳מיין ווייב, מיין זאָיאַ׳ן, דאָן פאַרפירט...
„נאָר מאָדנע: כ׳פיל צו אים קיין שנאָה,
׳באַזונדערס, זינט עס האָט מיר נינאַ
׳געבראַכט אַזויפיל פרייד און גליק...׳ —
ער רעדט מיט פריינשאַפט אין זיין בליק:
— „אַ דאַנק אייך פאַרן קומען, יאָלעס.
איך זיץ אַ צייט שוין אין געפלעט —
און כ׳ווייס נאָך אַלץ נישט, וואָס מיין חטא
איז קעגן איצטיקער ממשלה.
כ׳האָב אויפן פראָנט געטריי געדינט —
און, דוכט זיך, נישט באַגאַן קיין זינד.״ —

.8

און פּאַוועל׳ס קול פאַלט ליכטיק, זוניק
אויף מידן אויער פון פאָעט:
— „איך האָב דאָ, ווי קטאָר, אויסגעפונען —
וואָס איז דיין אויסטערלישער חטא.
ווי איך פאַרשטיי פון חבר זוויאַגין,
האָט קעגן דיר אַ מיאוסע קלאַגע

— „ארײַנגעטראָגן אַ מאַניאַק,
אַז האָסט דעם „באַטקאָ״ פּאָלטאָראַק
צעקוועטשט אין אָנפּאַל, ווי אַ „וואַשקע״.1)
געבענטשט זײַ, וויקטאָר, פֿאַר דער טאַט,
וואָס האָסט געטייט דעם ווילדן קאַט!״ —
פֿאַר וויקטאָר׳ס אויגן בליצט אויף: טראַשקאַ:
— ׳ער האָט מיט מיר דאָך דעם גזר־דין
׳אין יענעם דורכגעפֿירט באַגין.׳ —

.9
און ס׳גיט אַ צוק דאָס פּנים פּאַוועל׳ס
און ס׳גיט אַ קרים זיך בײַז זײַן מויל:
— „איך ווייס דעם אומגליק, ליבער חבר,
עס האָט מיר זאַיאַ אַלץ דערציילט.
ווען איך דערטאַפּ ערגעץ דעם צורר,
וואָלט איך אַליין, אָן מינדסטער מורא,
דעם קאַט דערשאָסן, ווי אַ הונט...״ —
און וויקטאָר גיט אַ שווערן שלונג:
— „אַ דאַנק אײַך, ליבער חבר יאָלעס,
פֿאַר אײַער גוט־הייסונג, אַ דאַנק.
פֿאַרוואָר, עס טוט מיר גאָרנישט באַנג,
כ׳בין גאָרנישט שולדיק דער ממשלה,
וואָס כ׳האָב פֿאַרטיליקט יענעם געץ
נישט לויטן מיליטער־געזעץ.״ —

.10
ס׳דערציילט אים וויקטאָר וועגן נינאַ׳ן,
די סצענע אין דעם קאָרידאָר,
ווען טראַשקאַ איז אין בלוי־באַגינען
באַפֿאַלן נינאַ׳ן אין קוראָרט.
— „כוויים אַלץ. ס׳האָט נינאַ מיר געשריבן:
אי וועגן דיר און אײַער ליבע —
כ׳בין מסכּים און איך ווינטש אײַך גליק.
און זאָרגט נישט... כ׳וועל דערגיין צום „וציק״.
דערציילן כ׳וועל וועגן דײַן קלאַגע
דער סאַמע העכסטער פֿירערשאַפֿט.
און דו? דו האַלט זיך מוטיק, בראַוו —
און שרעק זיך נישט פֿאַר אָט־דעם זוויאַגין.
ס׳וועט נישט דערלאָזן צו אַזאַ
„ראַספּראַווע״2) פֿירער פֿון „טשעקאַ״!״ —

---

1) אַ לייזל. 2) גזלנות.

## ב. די באַפרייאונג

**.1**

ווען יאַלעס איז אַרויס פון קאַמער,
האָט וויקטאָר שיער זיך נישט צעוויינט.
עס האָט אין שלייפן אים געהאַמערט
חרטה — ווי אַ שווערער שטיין:
— ׳ס׳נאָך נישט פאַר׳משפט אַ ממשלה,
׳ווען ס׳דינט ביי איר אַזאַ, ווי יאַלעס...
׳דער הימל ז׳נאָך נישט ביי דער ערד...׳—
ר׳האָט אָפּגעווישט פון באַק אַ טרער.
ס׳האָט האָפנונג זיך געשפּייזט אויף האָפנונג,
כאָטש שרעק גע׳כפל׳ט זיך אויף שרעק:
— ׳ס׳וועט ענדלעך קומען דאָך אַן עק
׳צו אַלע בייזע קאַטאַסטראָפעס...׳—
פון אַלע צווייפלען, גאָר דעם גרויל
האָט פּאַוועל׳ס וואָרט אים אויסגעהיילט.

**.2**

אויף צווייטער וואָך ט׳אים חבר זוויאַגין
גערופן ווידער אויף פאַרהער:
— „און איצט איז קעגן דיר די קלאַגע
שוין גרייט פון פינצטערן פאַרשווער.
כ׳וויל הערן דאָ אַ קלאָרן ענטפער:
דו ביזט געווען אויף פראָנט אַ קעמפער,
איז זאָג: ווער האָט דיר אַ באַפעל
געגעבן דאַן צו יאָגן שנעל
נאָך אָט-דעם „באַטקאָ״ פּאָלטאָראַקן —
און אים דערשיסן אין באַגין?
פאַר וועלכע, זאָג מיר, וויוגין, זינד
געהרגעט האָסטו היידאַמאַקעס?
האָסטו״, — ער גיט אַן אָטעם טיף:
— „געהאַט אַן אייגענעם מאָטיוו?״ —

**.3**

באַטראַכט אים וויקטאָר, פול מיט חידוש:
— „צי איז אייך, זוויאַגין, נישט באַקאַנט,
ער איז געווען נישט נאָר פון יידן,
נאָר אויך אַ פיינט פון אונדזער לאַנד!
ער האָט מיט רשעות בייזער, קאַלטער
פיל מיידלעך יידישע פאַרגוואַלטיקט

און אויך פּאַרטיליקט יונג און אַלט
אויף באַן, אין שטעטלעך און אין וואַלד." —
— „אַזוי!" — עס גיט אַ הויב דאָס קול ער:
— „ווער האָט געגעבן דיר דאָס רעכט
באַשטראָפן ווּעמען פאַר פאַרברעך,
וואָס ר'איז באַגאַן קעגן ממשלה?
מיט וואָס געזינדיקט קעגן דיר
האָט הײדאַמאַקן־קאָמאַנדיר?" —

.4

און וויקטאָר ענטפערט אים מיט טרויער:
— „יאָ, ס'האָט דער טײוול פון ראַזבאָי
געשענדט אַ יידיש מיידל זאָיאַ,
וואָס איז דערנאָך געווען מיין פרוי." —
— „אַזוי! אַזוי!" — כיכיקעט זוויאַגין:
— „כ'האָב נאָך צו דיר אַ קליינע פראַגע —
דיין ווייבל זאָיאַ וואו איז איצט?" —
די ציין אַזש פון הנאָה קריצט:
— „דו דאַרפסט מיר, וויוגין, נישט דערציילן,
איך ווייס שוין אַלץ פון איר באַטרוג:
זי האָט פון אים — דיין „פאָליטרוק"
אַ קינד געבוירן, ווען פיסטוילן
האָסט אָנגעשטעלט אויף הייהאַמאַק —
און אים דערשאָסן, דעם ליידאַק.

.5

— „שוין איינמאָל, בראַט, אַ מעלאָדראַמע,
ווי פון פראַנצויזישן ראָמאַן:
„טשעקאַ" האָט ליקווידירט דיין מאַמע'ן,
ווען מ'האָט געכאַפּט זי ביי דער האַנט.
געווען אַ וואַזשנע זי „אָסאָבע": 1)
די רענדלעך גאָלדענע באַגראָבן,
באַהאַלטן זיי פון אונדזער מאַכט...
און דו? האָסט מענטשן אומגעבראַכט
אַזוי זיך גלאַט — צוליב נקמה
פאַר שענדן גלאַט אַ רויטע מויד...
ניין, וויניק, בראַטיעץ, איז איין טויט
פאַר אייערן „פראַקליאַטן" 2) זאָמען...
צו מיר דער גאַנצער עפּיזאָד
קלינגט — ווי אַ יידישער קאָמפּלאָט..." —

1) פאַרשוין. 2) פאַרשאָלטענער.

.6

און וויקטאָר קוקט אויף „סליעדאָוואַטעל״ —
און ס׳גיט זיין קול אַ בייזן בריל:
— „סקאַזשיטיע, קטאָ עטאָט פּריעדאַטעל,
קטאָ אָבאָ מניע וואַס סאָאָבשטשיל?״ —1)
און זוויאַגין שרייט: — „טשעוואָ פּרידומאַל?״ —2)
ער איז געווען דעם לעצטן זומער
מיט דיר אין זעלבן באַטאַליאָן,
ווי דו — אַ ריטער אויפן פראָנט,
אויך ער פאַרוואונדעט איז געוואָרן...״ —
— „ווי הייסט דער פינצטערער יונגאַטש?״ —
— „אָ, וויקטאָר וויוגין, טי כאָכמאַטש!״ —3)
— „איך ווייס, ער הייסט טראָפים זאַפאָרין.
דאָס האָט אייך טראָשקאַ אַלץ דערציילט...
און איר? איר גלויבט דעם גאַנצן גרויל...״ —

.7

— „איך האָב דאָן אַ באַפעל געקראָגן
פון „באַטאַליאָנני קאָמאַנדיר״
זיך נאָך דעם „באַטקאָ״ נאָכצויאָגן...
געווען איז ער אַ דעזערטיר
פון אונדזער פערצנטער דיוויזיע...
דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן,
אַז דער „פּעטליורישער לאַקיי״
געטויט האָט רויטאַרמייער צוויי.
און איר האָט דאָ זיך צעבאַלאַקעט
אַנטקעגן „קאָנטרע״ — דער מרשעת...
זאַפאָרין ליידט פון משוגעת,
ער טראָגט שוין לאַנג אַ וואַנזין־יאַקע —
און איר האָט אים געגלויבט אין אַלץ —
און מיר דאָס לעבן דאָ פאַרגאַלט.״ —

.8

עס וויל זיך שפייען אים אין צורה.
ער טראַכט: — ׳פאַר אָט־דעם כאַם און גנוס,
פאַר אָט־דער רשעות׳דיקער „שקורע״
האָט ער פאַרלוירן שיער אַ פּוס:
— „איצט וועל איך שטעלן אייך אַ פראַגע:
וואו זענט געווען איר, חבר זוויאַגין,

1) — זאָגט, ווער איז דער מסור, וואָס האָט אייך וועגן מיר דערציילט?״ —
2) — „דאָס אַלץ, וואָס דו ווילסט וויסן?״ — 3) — „דו ביסט אַ קלוגיטשקער!״ —

ווען איך געקעמפט האָב אויפן פראָנט:
אויף דער אוקראַינע, אויפן דאָן,
אַנטקעגן „גרינע”, קעגן „ווייסע”?
מסתּם געלעגן וואו אין „טיל”,1)
אין זיסע „פּריאַטקעס”2) זיך געשפּילט,
געדינט די „קאָמסאָמאָלקעס” פּלייסיק?
די לענינשע פּאַרטיי דערויף
האָט אין מאַרקסיזם אייך געטויפט?” —

9.

די ווערטער פּלאַצן, ווי ראַקעטן
און לעשן זיך מיט בייזן ציש:
— „אַך, דו — פּאַסקודע און פאַררעטער!” —
דער פאַרשער גיט אַ קלאַפּ אין טיש:
— „איך וועל דיך דאָ צעקאַראַדאַשן,3)
איך וועל דיר ווייזן, ווי צו סטראַשן
אַ פאַרשטייער פון „רויטער מאַכט”...” —
און זוויאַגין גיט זיך אַ האַזמאַך...
און דאָ האָט זיך צעקלונגען פּלוצעם
אויף זוויאַגינ'ס טיש דער טעלעפאָן.
ער גיט אַ כאַפּ אים מיט דער דלאָן:
— „כ'בין גרייט צו'ר דינסט פון רעוואָלוציע!” —
אין אויגן לעשט זיך אים די שיין:
— „אַוודאי, שיקט זיי גלייך אַריין!” —

10.

און זוויאַגין מיט די ציינער שטשירעט:
זיך נישט געריכט אויף סוף אַזאַ.
עס קומט אַריין דער חבר שירער,
דער „זאַמיעסטיטיעל”4) פון „טשעקאַ”.
און הינטער אים — דער חבר יאַלעס:
— „מיר האָבן דאָ פון דער ממשלה
אַן „אָרדער” צו באַפרייען באַלד
דעם העלד און טרעגער פון מעדאַל...” —
אין דרייען בויגט און נויגט זיך זוויאַגין:
— „אַזעלכע געסט! אַזעלכע געסט!” —
רעדט שירער: — „ביזט אונטער אַרעסט
פאַר אויפנעמען אַ פאַלשע קלאַגע...
וועסט ענטפערן צו דער פּאַרטיי...
טאָוואַרישטש וויוגין, איר זענט פריי!” —

---

1) הינטערלאַנד. 2) באַהעלטערלעך. 3) צע'ממית'ן. 4) שטעל־פאַרטרעטער.

## 4. אין סיבירער „לאַגער"

### א. אַוועק צען יאָר

**1.**

אַוועק צען יאָר. ס׳האָט שטאַרק געביטן
זיך ס׳גרויסע, אויפגעבּרויזטע לאַנד:
עס האָט פאַרכאַפּט אין בייזער שליטה
שוין אַלץ „גרוזינישער בריגאַנד".1)
דער „נעפּ"2) האָט לאַנג זיך שוין געענדיקט.
דער „בירגער־קריג" — ווי אַ לעגענדע,
הענגט איבער הונגעריקער וואָר —
עס קומט דער „לאַנגער טערמידאָר".
עס ליגט אין מאַוזאָליי שוין לענין,
דער וועלט דער גאַנצער „נאַ פּאָקאַז".3)
אין פּאַראָקסיזם פון משוגעת
האָט אויפגעהאָנגען זיך יעסענין:
אויף טישל — אַ קאַרבונקול — גליט
מיט בלוט געשריבן ס׳לעצטע ליד.

**2.**

די בירגער שיקן טויטע קללות
דער „מאַכט פון רויב און מערדעריי".
לעוו טראָצקי פּראַוועט לאַנג שוין גלות
אויף שטילן אינדזל אין טערקיי.
מע חלומ׳ט מער שוין נישט פון פרייהייט.
„— נישטאָ קיין „אמת" אין די „נייעס",
אין „אמת" איז קיין „נייס" נישטאָ!" —
די בירגער זידלען זיך לשמה...
מע יאָגט זיך אום מיט שווערע טעקעס,
מע רעדט מיט סודות׳דיקן קול:
— „דער מענטש דאַרף שטאַרק זיין איצט, ווי שטאָל,
נישט מענטשן מער — נאָר ממש טשוועקעס!" —
און ס׳אַרבעט פאַר דער אייביקייט
די „געפּעאו" שוין „איבערצייט"...

**3.**

דאָס יאָר פּאַטאַלע „צוויי־און־דרייסיק"
איז אָנגעקומען מיט אַ שאָס:
אין פרילינג איינגעפירט האָט פלייסיק
די מאַכט די גזירה פון „קאָלכאָז".5)

---

1) סטאַלין. 2) נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק. 3) אויף אויסשטעלונג.

4) די סאָוועטישע־צייטונגען „פּראַוודאַ" און „איזוועסטיאַ", וואָס מיינען „אמת" און „נייעס". 5) קאָלעקטיוועווירטשאַפט.

מיט לאָם און ריסקל, ציין און נעגל
אין דאָרף דער פויער האָט באַגעגנט
די בייזע שליחים פון פּאַרטיי,
וואָס האָבן צוגערויבט ביי זיי
די פערד, די בהמות און די אַקערס.
עס האָט אַזאַ מין ווידערשטאַנד
נאָך קיינמאָל נישט געזען דאָס לאַנד.
געווען איז טראַגיש דער סך־הכול.
און סטאַלין ליאַרעמט: — „מיט אַ האַק
דעם קאַרק צעברעכן פון „קולאַק״! — 1)

4.

און אויסגעבראָכן האָט אַ הונגער —
אַזוינס האָט נישט געזען די וועלט:
מיליאָנען שקלאַפן — אַלטע, יונגע
געטריבן מ'האָט אין היץ און קעלט
אין ווילדע טונדרעס 2), אין סיבירער.
און ס'האָבן ציין, ווי וועלף, געשטשירעט
אין פּראָסטיקע פּאָלאַרע נעכט.
און ס'האָבן זיך אין פּיין די קנעכט
געבונטעוועט אין ווילדע וואַנען —
און מ'האָט דערשאָסן זיי אין וועג,
און אויפגעשטעלט אין סטעפּ, ביים ברעג
נאָך זיי — פאַרשאָטענע קורגאַנען.
ס'האָט אויסגעזען אין בראָך און ווײ:
— „פאַרלוירן מוטערל ראַסיי!״ —

5.

אויף רוסלאַנד'ס הימלען — שוואַרצע כמאַרעס.
דאָס לאַנד — אין בלוטיקן ווילקיר:
זינאָוויעוו, קאַמעניעוו, בוכאַרין
דורך שוואַרצן בונד ליקווידירט.
ראַקאָווסקי, קאַראַכאַן און ראַדעק
די גאַנצע „לענינשע בריגאַדע״, —
יאַקיר, גאַמאַרניק, פּיאַטאַקאָוו —
געקוילעט ליגן, ווי די שאָף.
די שקיעה זינקט מיט שטראַלן שאַרסטקע
אויף בלוט באַדעקטע סטעפּ און שליאַך,
אויף רויטן סאַמעט פון דער נאַכט
אין סטאַלינ'ס הונגעריקער מאָסקווע.
מע וואַרט שוין מער נישט אויף קיין נס,
ווי ס'שטייט: אין בית שאין בו מת...

1) רייכער פויער, בעל־גוף. 2) זומפּן

**6.**

געפאַלן איז די האַק פון תליון
אויף שרייבער: ייִד, גרוזין און רוס —
די קעפּ גאונישע האַקט סטאַלין
באַגלייך ביי אַלעם — מיט גענוס.
ס׳האָט מאַיאַקאָווסקי זיך דערשאָסן,
פאַרפאַלגט פון „מאַניאַקאַלן יאָסיף״, 1)
און ס׳האָט די אַסטמאַ און קריטיק
באַגריצקין צערטלדיק דערשטיקט.
עס האָט דער „גלאַררייכער אַקטיאַבער״
אַריינגעשפּאַנט אין „טערמידאָר״.
געפאַלן זענען יענעם יאָר
פּילניאַק און אַווערבוך און באַבעל.
אויך וויוגינ׳ען מ׳האָט אין ווילקיר
פאַרשיקט אין „לאַגער״ קיין סיביר.

**7.**

זינט וויקטאָר איז באַפרייט געוואָרן
פון זוויאַגינ׳ס אויסגעשפּרייטער נעץ,
איז ער פון כאַרקאָוו אָפּגעפאָרן
און שטיל אין מאָסקווע זיך באַזעצט.
מיט אים אַוועק אַהין איז נינאַ,
אַ ביסל פרייד און רו געפינען
אין צימערל אויף פינפטן שטאָק.
מע האָט געלעבט אויף איר „פּאַיאָק״,
וואָס זי האָט אין שפּיטאָל געקראָגן.
און ער? אַ מידער אינדיווידּ,
געשריבן האָט זיין ליריש ליד
דורך נעכט — ביז פּראָסטיקע פאַרטאָגן:
און „מיט עפּאָכע אין איר שפּאַן״
איז וויקטאָר אַלץ נישט מיטגעגאַן.

**8.**

אַמאָל קריגט אַרבעט וויקטאָר וויוגין
אין דעם פאַרלאַג „דער רויטער סערפּ״,
וואָס זוכט באַקענען די „קאָמיוגנט״
מיט וועלט־אוצרות פון גרויסע ווערק.
האָט וויוגין איבערזעצט „אָטעלאָ״,
דערנאָך דאָס ליד פון רוסטאַוועלי: 2)

1) יאָסיף סטאַלין. 2) באַרימטער גרוזינישער דיכטער.

„דער ריטער אין דער טיגער־פעל" —
און ס'האָט זיין שטערן אויפגעהעלט:
ס'האָט סטאַלין אים צו זיך גערופן
אין „קרעמלין" — און געלויבט דאָס ליד.
און וויקטאָר'ס מזל צום זעניט
דערגרייכט האָט איבער אָט־דעם צופאַל.
און אָנגעוואונקען: 'ווער אַ לייט,
'דיין ליד דאַרף שפּאַנען מיט דער צייט!' —

### 9.

נאָר ס'וויל קיין „לייט" נישט ווערן וויוגין.
מע דרוקט אים נישט אין קיין זשורנאַל.
נאָר ס'לייענט אים אויסוויינִיק די יוגנט:
מע שרייבט זיי איבער פון „שפּאַרגאַל".1)

1) אָפּשרייבן איינער ביים צווייטן.

און מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן
אַ ליד, ווי אויסגעהאַקט פון קיזל,
און אָפּגעדרוקט אויף העקטאָגראַף,
געשריבן מיט אַ דריבנעם כתב:
— „דער מאַן מיט וואָנצעס האָט פאַרטיליקט
דעם הערלעכסטן גאולה־דור —
און אים מיט שקר און מיט מאָרד
באַדעקט, פאַרשפּיגן און פאַרביליקט." —
און ס'האָט די „געפּעאו" דערקענט:
אי וויוגינ'ס סטיל, אי וויוגינ'ס ברען.

### 10.

דער ווינטער־מולד שווימט אין הימל —
אַ זילבער־שיפל אונטער גלאָז.
אַן אָנגעפּעלצטער אין זיין צימער
זיצט וויקטאָר איבער לידער־חצות.
און נינאַ שלאָפט אין צווייטן חדר.
און מיטאַמאָל — אין פיין און שוידער
האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין טיר...
דאָס האַרץ — אין פראָסטיקן געפריר...
געקלאַנג פון שפּאָרן איבער שטיגן...
און צוויי פאַרקנעפּלטע פאַרשווין...
און נינאַ'ס בליק פון שרעק און שטוין,
אַן אָפּגעשפּיגלטער אין שפּיגל...
און הענט, פאַרבראָכענע אין פיין,
אין פראָסטיקער פרימאָרגן־שיין...

## ב. הונגעריק וואָר

**1.**

די „לאַגער"-נאַכט איז פול מיט שטערן,
וואָס וואָיען, שטשירנדיק, ווי וועלף.
די וועכטער שטייען, ווי די בערן,
אין שווערע פוטערס אָנגעפּעלצט.
ביז סאַמע „לאַגער" הילכט די טאַיגע
מיט פראָסטיק-בראָכעדיקע צווייגן,
ווי זילבער-זויבערדיקער גלאָז.
דער פראָסט ביים וועכטער צופּט די נאָז.
דער וועכטער שטופּט די הענט אין אַרבל
און טוליעט צו דער ברוסט די ביקס:
מיט אויפגעהויבענעם באַשליק
ער זעט דאָ אויס, ווי אַ פּאָלאַר-בער.
אין לופטן גיט אַ פריר זיין כראַק:
— „ווי גוט ס'מוז זיין איצט אין באַראַק!" —

**2.**

די שטערן לויכטן דורך די שפּאַרעס
מיט „מזל-האַק" און „מזל-ראַק".
ס'האָט אַ באַראַק דאָ זעכציק נאַרעס
און זעכציק אירע — אַ באַראַק.
עס שטייען זיבעצן באַראַקן,
פאַרזונקען אין פאַרשנייטער מראַקע,
מיט טיפן טאַיגע-וואַלד באַזוימט,
מיט שטעכל-דראָט אַרומגעצוימט.
ס'איז טויזנט וויאָרסט צום נאָנטסטן ישוב —
און טויזנט שקלאַפן — איין-אַליין.
דער שניי פון ווייטיק קריצט די ציין.
פּאָלאַרער קרייז מיט ווייסקייט כישופ'ט.
און ס'היטן זיי אין פיין און בראָך —
אַ הונדערט וועכטער פון דער „וואָכר".1)

**3.**

ס'זיצט וויוגין דרייסיק דאָ חדשים,
שוין באַלד-באַלד קנאַפּע טויזנט טעג:
די לעצטע האָפענונג פאַרלאָשן,
נישטאָ צוריק אַהיים קיין וועג.
צו אַלץ האָט צוגעוואוינט זיך וויקטאָר:
צום גורל'ס פינצטערע ווערדיקטן,

---

1) מיליטערישע וואַך.

צו׳ר קעלט, וואָס מאַטערט אויס דאָס לייב,
צו׳ר בענקשאַפט נאָך זיין צווייטער ווייב.
די „לאַגער״-נאַכט איז פול מיט טרערן,
דער „לאַגער״-טאָג איז פול מיט פיין.
אין זיין נשמה לויכט אַ שיין,
וואָס קאָן פאַרמעסטן זיך מיט שטערן.
ער האָט שוין אויפגעגעבן לאַנג
איעדן פרואוו צו ווידערשטאַנד.

**4.**

דאָס ברוינע בערדל — ווי שטשעטינע,1)
באַזוימט דאָס מאָגערע געזיכט.
אין אַפלען טליעט היים און מיניעט
ניט-דאָאיק אַ נר-תמיד ליכט.
פאַרטאָג. מע וועקט זיי פינף אַזייגער.
דער עולם קרעכצט אויף די געלעגערס,
ווי חרוב-קראַנקע אין שפיטאָל.
נאָר ס׳גיט אַ הילך „דיעזשורנע׳ס״ קול:
— „דאָ, היידאַ, מראַז, וו׳קאָמאַנדיראָווקו! 2)
אויף אָנטאָן כ׳גיב אייך דריי מינוט!״ —
אין פינגער, דוכט זיך, פרירט דאָס בלוט.
מע שפיליעט שנעל צו די „וואַטאָווקעס״. 3)
די לופט קלינגט דורכזיכטיק, ווי גלאָז.
אויף פינגער שפילט דער סמיק פון פראָסט.

**5.**

אויף גרויען גאַנעק צאַנקט אַ „פלאָשקע״, 4)
די שקלאָפן טאָפטשען אויפן פראָסט.
דער עלצטער וועכטער איז דאָ ט ר אָ ש ק אַ —
דער „אוגאָלאָוניק״ 5) און „פראָכוואָסט״. 6)
ז אַ פ אָ ר י ן ז׳דאָ שוין דריי חדשים.
דערזען דאָ ו י ק ט אָ ר ׳ ן, ר׳האָט פשוט
אין פלייצע אים אַ קלאַפּ געטון:
— „פרישלאָס נאָס סווידיעטסיאַ, סטיכון!״ — 7)
אַ ווייל איז ו י ק ט אָ ר שטיין געבליבן.
אין אויגן — ווייטיקדיקער צער:
— ׳קיין מיטלייד, ברודער, נישט דערוואַרט!׳ —
האָט ער אַ טראַכט געטאָן מיט איבל.

---

1) חזיר האָר. 2) „עי, אָפּפאַל, צו דער אַרבעט!״ — 3) וואַטאָווע לייבלעך.
4) אַ קאַניעץ. 5) קרימינעלער פאַרברעכער. 6) אויסוואורף.
7) „באַשערט זיך ענדלעך צו באַגעגענען, דיכטערוק!״ —

.6

אין קיך איז פאַרנע ביז חלשות.
אין ריי ביים פענצטערל מע שטייט:
— „העי, האָדיע דאָרט מיט פוילע דרשות,
דערלאַנג אַהער דאָס שטיקל ברויט!״ —
אין פיסנעם ברויט זיך גראָבן ציינער.
דאָס ברויט איז טרוקן־האַרט, ווי שטיינער,
דאָס ביסל זופּ איז שיטער־קאַלט.
די וועכטער טרייבן שוין אין וואַלד.
אין אויגן — שלאָף, מיט האָר צעפּלוישטע
מע שטעלט זיך ווידער שוין אין ריי.
די וועכטער טאָפּטשען זיך אין שניי
מיט פּיס — אין פילצענע, אין פוישטן:
— „ריעביאַטאַ, מאַרש!״—1) קלינגט דער באַפעל —
און ס׳גיט אַ ריר זיך דער אַרטעל.

.7

דער עולם שפּאַנט. די בערד מאָכנאַטע
פון אָטעם פרירן אויפן ווינט.
די מערסטע פּיס פאַרהילט אין שמאַטעס.
אויף רימענס וועכטער פירן הינט.
עס וואַרטן טיף אין וואַלד די ווערקצייג:
דאָ שטאַרבן מענטשן אונטער פערציק
פון טיפוס, שווינדזוכט און פאָנאָס,
און איבער פערציק בריט דער פראָסט.
אין הענט פון שוטרים — הייסע כלבים
זיך רייסן, גרייטע צום פאַרניכט.
און ס׳בלענדן, ווי צעשטראַלטע ליכט,
די יאָדלעס, ווי אין אייז פאַרקאָוועט.
די טאַיגע, ווי אַ כלה, שווייגט,
אין שניי, פאַרהילט מיט קוסט און צווייג.

.8

אויף נידריקן „ראַזוואַלנעס״ שליטן,
פאַרהילט אין פוטערל פון „שליאָם״,
וואַכט טראָשקאַ, ווי עס פּראַצן כיתות
מיט זעג, מיט העקל און מיט לאָם.
מאָכנאַטע שקלאַפן האַקן שטיינער.
עס פרירן פּיס — און צווישן ציינער

1) „חברה, געגאַנגען!״ —

פאַרלאָשן פרירט דער פּאַפּיראָס.
אין פינגער — זאַשפּערעס פון פראָסט.
אין ווייסן רוים — אַ זון אַ שאָרסטקע —
אַ בער אין רויטן טיליפּ — שפּרייזט,
מיט פינגער שטראַליקע — ווי אייז,
זי לאַשטשעט צערטלעך אַ ביעריאָזקע.
אַזוי פאַרגייט אַ פּראַצע־טאָג:
אין רוים אַריינגעהאַקט אַ טשוואָק.

.9

ס'האָט טראָשקאַ טיף זיין האַס פאַרטאַיעט
און וויקטאָר'ן עס נישט אַנטפּלעקט.
געטשאַטעוועט — אַ ווילדע חיה —
חדשים, וואָכן, נעכט און טעג.
געוועזן צו וויקטאָר'ן ר'איז העפלעך,
אים צוגעשאַרט אַ פּאָר קאַרטעפלעך
אין שיטערן, אין פּיסנעם זופּ,
געלאָזט אים אָנצאַפּן ביים „קוב"1)
אַ ביסל „אָקרעפּ"2) אין אַ טשאַיניק,
געקוקט אויף אים, ווי ס'קוקט אַ קאַץ,
אויף מויז, וואָס ליגט פאַר איר אויף טאַץ —
און טראָשקאַ האָט געפרייכט פון תענוג:
היינט־מאָרגן וועט ער דעם „סטיכון"
פאַרניכטן, ווי אַ מיאוסן הונט...

.10

און וויקטאָר האָט געפילט: זאַפּאָרין
וועט אים דערטאַפּן סוף־כל־סוף.
און אָפּט אין פּראָסטיקע קאַיאָרן
געוואַרט, אַז קומען זאָל די שטראָף.
ס'האָט וויקטאָר קיינעם נישט דערציילן
געקאָנט פון זיינע וויסטע גרוילן,
געשראָקן זיך: דער הויפּט פון „וואָכר"
וועט שיקן אים אין „שיזאָ־לאָך".3)
און דאָרט וועט טראָשקאָ'ן זיין פיל גרינגער
דערשטעכן אים מיט זיין קינזשאַל,
צי גאָר אַ כאַפּ־טאָן ביי דעם האַלדז,
דערשטיקן אים מיט ציעפּקע פינגער...
געוואַרט האָט וויקטאָר, פול מיט צער.
אויך טראָשקאַ, זעט אויס, האָט געוואַרט.

---

1) קעסל. 2) זודיק וואַסער. 3) שטראָף־איזאָלאַטאָר, קאַרצער.

## ג. אַ נאַכט אין באַראַק

**1.**

אין „לאַגער" זיצט ג ע אָ ר ג  מ אַ ל י נ י ן,
געוועזענער „קאַוואַליערגאַרד" 1)
עס האָבן אים די „יאַקאָבינער"
פאַרשיקט אַהער פון פעטראָגראַד.
אין „לאַגער" — ווי אַ גניאַדע פערדל —
דרייט אום זיך מיט אַ קאָזע בערדל
אַ דאַרער, יאַדישלעווער פּאָפּ,
וואָס זעט אויס, ווי אַ פרומער צאָפּ.
מ אַ ל י נ י ן  האסט די באָלשעוויקעס,
נאָך מער פון אַלץ ער האסט דעם ייד
און אויך גלח׳ישן סינקליט
מיט פעטע, רונדיקע געניקן.
ער רייצט זיך שטענדיק מיטן פּאָפּ:
— „ס׳איז אייער גאָט אַן אָסטאָלאָפּ!" — 2)

**2.**

מ אַ ל י נ י ן  דורך פאַרהויכטע ברילן
וואַרפט שלויע בליקן צום סופיט:
— „סקאַזשיטיע, באַטיושקאַ, נאַ מילאָסט,
זאַטשיעם נאַם וואַש מאַנאַשי סקיט?
גאָספּאָד־לי נאַש איסוס יעגאָוויטש?
זאַטשיעם־זשע ס׳טשאַדאָם אָן כריסטאָווים
וו נאַש כראַם סויאָט קאַשערני נאָם,
זשידאָווסקי כיליענקי  כ ר י ס ט אָ ס?
איסוס יעגאָוויטש? ניעט, ניע נאַש באָג,
סיעי וויפּליעיעמסקי באַיסטרוק,
אָט ראַן איזדאָכשי אי אָט מוק —
נאַש באָג  פּ י ע ר ו ן  אי  ל י ע ל  אי  ד אַ ז ש ב אָ ג!
נאַ צאַדיקאַ כריסטאָס פּאָכאָזש:
זאַטשיעם נאַם ראָי זשידאָווסקיך ראָזש? — 3)

---

1) אַן אָפיצער אין דער צאַרישער פּאַראַדנער אַרמיי. 2) אַ שוטה

3) — „זאָגט מיר, פּאָטערל, איך בעט אייך, צי וואָס טויג אונדז דער גאַנצער מאָנאַכישער דרויב? איז אונדזער גאָט דען ישו דער זון פון יהוה? צוואָס־זשע שטופּט אַריין זיין כשר׳ע נאָז אין אונדזער טעמפּל דער שוואַכינקער יידישער קריסטוס צוזאַמען מיט זיין כנופיה? ישו דער זון פון יהוה? ניין, ער איז נישט אונדזער גאָט, אָט־דער ממזר פון בית־לחם, וואָס איז געפּגרט פון די וואונדן און פון די מאַטערנישן. אונדזער גאָט איז פּיערון (דער גאָט פון דונער און בליץ ביי די אַלטע סלאַוון), און ליעל (דער גאָט פון פרילינג) און דאַזשבאָג (דער גאָט פון פרוטבאַרקייט). אייער קריסטוס איז ענלעך אויף אַ צאַדיק: צוואָס דאַרפן מיר דאָס גאַנצע יידישע געזינדל?" —

.3

דער גלח וואָלט שוין לאַנג אַנטרונען,
נאָר ס׳האָלט מאַלינין אים ביים קני:
— „וויערני נאַם דאַזשבאָגאַ, פּיערונאַ,
זשידאָם ספּאַסיעטיעליאַ וויערני״ — 1)
אין גלח׳ס אויגן גליט רציחה:
— „ניע סאָם-לי זשיד טי, אַלי וויכרעסט?
סגין, טשור, אַנאַפּעמאַ, מאַמאָן!״ — 2)
ער צלמ׳ט זיך מיט גאַנצער דלאָן.
און טראַשקאַ הערט די רייד מאַלינינ׳ס
די האָר צעשפּיצט, ווי ביי אַ יאַזש:
— „טי, בראַט, רעליגיאַי ניע טראָזש,
אַ טאָ יאַ סוקינאַ טיע סינאַ
סקאַרעי אָטפּראַווליו וו מיאַכקי גראָב...״ — 3)
און ר׳שפּאַנט אַוועק מיט האָרן פּאָפּ.

.4

געווען איז וויקטאָר׳ס נאָרע אונטן,
באַקומען זי דעם ערשטן טאָג.
און איבער אים — ליגט פרידריך זונטער,
אַ דייטש — אַ דאַרער, ווי אַ טשוואָק.
געווען איז זונטער אַ „טשינאָווניק״,
אַ וואַזשנער, דוכט זיך, אַ פּאָלקאָווניק
אין צאַרישן „וואָיענני שטאַב״.4)
האָט ער אין אָנהויב פון „אָקטיאַב״
זיך אָנגעשלאָסן אָן די „רויטע״
און טריי געדינט אין בירגער-קריג —
און אַז געקומען איז דער זיג,
גענומען קלעטערן אויף לייטער,
ביז מ׳האָט דעם „רויטן קאָמאַנדיר״
פאַרשיקט אין „לאַגער״ קיין סיביר.

---

1) — „דו קער אונדז צוריק אונדזער דאַזשבאָג׳ן און פּערונען און צו די זשידעס קער צוריק דעם „דערלייזער״. —
2) — „ציּ ביזטו אַליין נישט אַ זשיד, אָדער אַ געשמדטער? פאַרשווינד, פאַרשאָלטענער מאַמאָן!״ —
3) — „דו, ברודערל, טשעפּע מיר נישט קיין רעליגיע, אַניט וועל איך דיך, דעם הינטישן זון, אַוועקשיקן וואָס שנעלער אין אַ ווייכן קבר!״ —
4) מיליטערישער שטאַב.

.5

ביינאַכט. אין הימלשאַפּט אין לערער
דער סערפּ פון מולד האַלט די וואָך.
ווי זילבער־גלעקלעך, קלינגען שטערן
אויף הירשן־שליטן פון דער נאַכט.
אין רוימען טיפע, פיאָלעטע,
פון צייט צו צייט אַ פלי־ראַקעטע
אין חלל פראַסטיקן זיך צינדט —
און ווידער איז די נאַכט — ווי טינט.
דאָס צינדן זיי די טרייע וועכטער
אין פינצטערן באַראַקן־הויף,
כדי דעם חשק צום אַנטלויף
דאָ אָפּצושלאָגן ביי פאַרקנעכטע.
ס׳איז שאַ און שטיל אין דעם באַראַק.
דער חושך פּאַכעט, ווי אַ האַק.

.6

אין טרוים פאַרזונקען פון סוכאַרעס,1)
דער „לאַגער" שלאָפט, פון פּראַצע מיד.
אויף אויבערשטער, אויף „פּרעמדער" נאַרע,
בלויז איינער וואַכט דאָ איבער ליד.
מיט האַנט פאַרפרוירענער און שטייפער
פירט וויקטאָר שטיל דעם קוצן בלייפער
אין חושך איבער ברוין פּאַפּיר —
און קוקט פאַרדעכטיקט אויף דער טיר.
קוים וועט אים עמיצער פאַרראַטן,
און ס׳וועט „דיעזשורני" אומגעריכט
אים כאַפּן שרייבן אַ געדיכט,
מע שיקט אים גלייך אין „איזאָלאַטאָר".2)
אַ „פלאַשקע"3) ווייט אין ווינקל צאַנקט.
און וויקטאָר שרייבט, ווי אין אַ טראַנס.

.7

אין אוונט האָט געזאָגט אים זונטער
דורך קלומבעס פאַפּיראָסן־רויך:
— „כ׳וואָלט היינט געוואָלט דאָ שלאָפן אונטן,
ס׳טוט שטאַרק אַזוי מיר וויי דער בויך.
איז, וויקטאָר, זיי אַ גוטער ברודער,
און קריך אַרויף אָן שום גערודער

1) געטריקנטע שטיקער ברויט. 2) קאַרצער. 3) אַ קאַניעץ.

אויף נאַרע אויבערשטער. אַ דאַנק!״ —
האָט וויקטאָר איינגעשטימט: — „פאַראַן!״ —
איצט ליגט אויף פרעמדער נאַרע וויקטאָר.
דער בלייפער אין די פינגער פרירט,
נאָר ער באַוועגט אים אויף פאַפיר
מיט האַנט געניטער און געשיקטער.
די „לאַגער״-נאַכט איז שוואַרץ, ווי טינט.
די ביימער וואָיען, ווי די הינט.

.8

און פּלוצעם זעט ער: ס׳וואַקסט אַ שאָטן
ביי סאַמע נאַרע זיינער אויס.
און וויקטאָר האַלט דאָ איין דעם אָטעם —
און ס׳שלאָגט אים אויס אויף לייב אַ שווייס.
אַ ווייל — ביי אונטערשטער ביי נאַרע
פאַרגליווערט שטייט דער שאָטן שטאַרער
און הערט זיך צו און קוקט זיך איין...
און מיטאַמאָל — אַ בליץ, אַ שיין...
דער שאָטן שטעקט אַריין אַ מעסער
אין זונטער׳ס גאָרגל... ווילדער שלוק...
קוים-קוים אַן אויסגעשריי... אַ צוק...
און ווידער שטיל... אויף טויזנט שלעסער
די ווינטער-נאַכט שווייגט, ווי אַ פיש,
געהילט אין מאָרד און פינצטערניש.

.9

ביי וויקטאָר׳ן אין האַלדז אַ קיילעך
האָט זיך אַוועקגעשטעלט פון שרעק.
דער שאָטן רוקט זיך הינטערווײלעכס
פון קרבן בלוטיקן אַוועק.
און פּלוצעם שפּירט ער: אויגן שטאַרן
אויף אים פון אויבערשטער, פון נאַרע,
און וואַכער בליק אים בראָט און ברענט —
און טראָשקאַ ווייסט: מ׳האָט אים דערקענט...
אויף מאָרגן אין דער הויפּט פון „איטל״
געקומען מאַכן אַ „דאָפּראָס״.
נאָר וויקטאָר׳ס מויל איז אויף אַ שלאָס:
— ׳איך בין געשלאָפן בעת דער שחיטה.׳ —
און טראָשקאַ קוקט — פאַרווירט און פרום,
און וויקטאָר שווייגט און וויקטאָר שטומט...

## ד. מאַרשאַל יאָלעס אין „לאַגער"

.1

און מיטאַמאָל איז אָנגעקומען
אַ נייע „פּאַרטיע" אין באַראַק.
געווען איז דאָן שוין אָנהויב זומער,
געבליט אין וואַלד דער „מאָלאָדניאַק".1)
און צווישן זיי — דער מאַרשאַל יאָלעס.
ס׳האָט אים סאָוועטישע ממשלה
צעווישן טויזנטער פאַרשוין
דעם איינציקן — פון טויט געשוינט.
וואָס ס׳איז דעם מאַרשאַל בייגעשטאַנען
אין גרוילן־יאָרן פון באַטרוג,
איז נישט באַקאַנט, נאָר פון פאַרצוק
געשוינט האָט גרויזאַמער טיראַן אים,
געשוינט דעם „אַלטן באָלשעוויק" —
און אין „„קאָנצלאַגער" אים פאַרשיקט.

.2

ס׳האָט יענעם נאָכמיטאָג גערעגנט,
ווען מ׳האָט די „פּאַרטיע" געבראַכט.
ס׳האָט וויקטאָר יאָלעס׳ן באַגעגנט,
ווען ר׳איז געקומען צ׳ריק פאַרנאַכט.
געלעגן איז אויף זונטער׳ס נאַרע
דער מאַרשאַל — און מיט אויגן שטאַרע
געקוקט צום ברודיקן סופיט,
פון לאַנגער רייזע טויטלעך־מיד.
ווען ס׳האָט דערזען אויף נאַרע וויקטאָר
זיין אַלטן, גוטן „פּאָליטרוק",
האָט ס׳פּנים זיינס געטאָן אַ צוק,
קוים אויסגערעדט מיט שטים פאַרשטיקטער:
— „ווי גרויזאַם, פּאַוועל, ז׳דער שיקזאַל!" —
און ז׳אים געפאַלן אויפן האַלדז.

.3

געבראַכט האָט וויקטאָר אים דאָס עסן
דעם ערשטן אָוונט — פון דער קיך,
טראַקטירט אים מיט אַ פּאַפּירעסל,
געקוקט אים צערטלעך אין געזיכט.

---

1) יונגעביימער.

געשושקעט זיך ביז שפעט אויף נאַרע,
געדריקט די הענט אים, קאַלטע, דאַרע,
דערמאָנט דעם ליכטיקן „אַמאָל״.
ביז פּאַוועל מיט פאַרשטיקטן קול
האָט אויסגערופן: — „די געשיכטע
האָט אונדז אַזוינס דאָ אָפּגעטאָן,
וואָס אויסטראַכטן וואָלט נישט געקאָנט
דער סאַמע געניאַלסטער דיכטער.
און איצט, מיין לירישער פּאָעט,
איז צייט צו שלאָפן. ס׳איז שוין שפּעט.״ —

4.

אין קילע זומער־אויפדערנאַכטן
ער פירט מיט יאָלעס׳ן אַ שמועס.
ער זיצט אַ טרויעריק־פאַרטראַכטער
און צערטלט אייפּערדיק דעם פּוס.
באַקומען אַ שראַפּנעל־וואונד יאָלעס
אויף וויטן מזרח — אין בהלה,
ווען ס׳האָט די ליסטיקע יאַפּאַן
געוואָלט פאַרכאַפּן שטיקער לאַנד.
דער מאַרשאַל רוקט אַרויף די ברילן
און גיט זיך כלאַ־ידע אַ זאָג:
— „כ׳וואָלט דאָ געדאַוונט יעדן טאָג,
נאָר כ׳האָב קיין טלית און קיין תפילין.
ווען ס׳זעצט דיר אָן דער נייער גאָט,
ביים אַלטן זוכסט אַ ביסל גנאָד...״ —

5.

ס׳רעדט פּאַוועל זעלטן וועגן זאָיאַ׳ן
און זעלטן — פון די קינדער צוויי.
דערציילט בלויז איינמאָל מיט הכנעה:
— „געטריי זיי דינען דער פּאַרטיי!״ —
און וועגן נינאַ׳ן: — „נינאַ, נינאַ
פון ווייטיק איז אַראָפּ פון זינען
אַ יאָר נאָכדעם, ווען קיין סיביר
מ׳האָט, וויקטאָר, דיך אַוועקגעפירט.
ז׳איז ערגעץ אין אַ סאַנאַטאָריע
אין יעסענטוקי, אויף קאַווקאַז.
איך בין געוועזן ביי איר צו־גאַסט,
געזוכט זי טרייסטן — פּאַראַיאָרן...
האָט זי מיך, וויקטאָר, נישט דערקענט...״ —
ער גיט אַ בראָך די דאַרע הענט.

**.6**

זינט יענער נאַכט פון זונטער׳ס שחיטה,
ווען וויקטאָר איז פאַרבליבן שטום,
האָט טראָשקאַ פלוצעם זיך געביטן
און נישט געקוקט אויף אים מער קרום.
פאַרקערט, געוואָרן ווייך, ווי פוטער,
ווי נישט געווען וואָלט מער קיין ברוט ער,
געבראַכט אים עפּל אין אַ קויש
און צוגעשאַרט אַ שטיקל פלייש.
און איינמאָל טראָשקאַ אין באָלניצע
האָט פלוצעם וויקטאָר׳ן געפּאַקט:
— „דו ביזט מיר, וויוגין, אַ קונאַק![1]
איך וועל דיך קעגן אַלעם שיצן.
און מאַרשאַל יאָלעם — דער פאַרשווין —
איך וועל פאַר אים אין פייער גיין!" —

**.7**

און איינמאָל טראָשקאַ האָט דורך טרערן
געזאָגט דעם מאַרשאַל מיט פאַרטרוי:
— „פּריניאָס טיעביע יאַ פּילאַקטערי,
שאַל ס׳טשאָרנאָ-ביעלאָיו קאַימאָי." —[2]
אַרויסגעשלעפּט פון הינטער רעקל
אַ קליין און איינגעוויקלט פּעקל,
געעפנט עס מיט פלינקע הענט —
און קוקט אויף יאָלעסן אין פּענט.
ער ציט אַרויס אַ טלית-קטן
מיט הענט מיט פיבערדיקע — שנעל.
צעקנייטשטן טלית — אַלט און געל,
און תפילין צוויי מיט שוואַרצע בתים:
—„ פּאָדאַראָק, מאַרשאַל, וואָט טיעביע,
פּאָמאָזשיעט טוט טוואָיעי מאָלביע!" — [3]

**.8**

זינט פּאַוועל איז אַהער געקומען,
געוואָרן טראָשקאַ איז אַ לייט,
ווי ס׳וואָלט ביי אים די גאַנצע טומאָה
זיך אָנגעטאָן אין ליכטיקייט.
ווען ער פלעגט זען דעם הויכן פּאַוול׳ען
מיט שעפּטשענדיקע ליפּן דאַוונען,

---

1) פריינט. 2) — „כ׳האָב דיר געבראַכט אַ פּאָר תפילין און אַ טלית." —
3) — „אַ מתנה דיר, מאַרשאַל, ס׳וועט דיר צוניץ קומען ביים דאַוונען!" —

פלעגט טראַשקאַ ווערן שטיל־שטיל־שטיל
און לאַנג־לאַנג קוקן אויפן דיל.
געשטאַנען אויף דער וואַך ביים בעטל
און קיינעם שטערן נישט געלאָזט,
דערנאָך דערלאַנגט אַ פּאַפּיראָס.
אין קיך צום פּרישטיק אים פאַרבעטן —
און דאָרט דערלאַנגט די שפּייז אַליין,
מיט טעמפּן שמייכל אויף די ציין.

.9

אין דעם באַראַק זיצט אויך פּאַנפילין,
אַן אַלטער צאַרסקער אָפיציר,
מיט ברוינע, ביינערדיקע ברילן
ער קוקט אויף אַלעמען פאַרוווירט.
געוועזן איז ער אַרמיי־„פּאָרוטשיק",1)
און אַלעמען פלעגט ער דאָקוטשען,
דערזען, ווי פּאַוועל דאַוונט שטיל,
האָט ער צעגוואַלדעוועט זיך ווילד:
— „זשידי ראַספּיאַלי וויעד ראָסי־יו,
פּרעדאַוו אַנטיכריסטו וורא̇גו...
אַ מאַרשאַל סעי איז „גע־פּע־או" —
זשידאָווסקי „צאַדיק" און „מעסי־יאַ"...2)

.10

געקומען איז דער הויפּט פון „איטל"
און דורכגעפירט גלייך אַ „דאָפּראָס".3)
און טראַשקאַ ז'דאַ — דער גלאַוונער היטער.
און ס'האָט פּאַנפילין זיך צעלאָזט:
— „געזען זשידאָווסקי פּילאַקטיערי —
אויף לינקער האַנט און אויפן שטערן:
דאַ, יאַשטשיק טשאָרני נאַ רוקיע,
אי יאַשטשיק טשאָרני נאַ גלאַוויע
אי מאָליטסיאַ, קאַק בודטאָ „צאַדיק",
גובאַמי מאַשיעט, קאַק מאַניאַק..." — 4)

---

1) צאַרישער אָפיצער. 2) — „די יידן האָבן געקרייציקט רוסלאַנד, זי פאַרקויפט צום שונא־אַנטיכריסט. און דער מאַרשאַל איז פון דער געהיים־פּאָליציי — אַ „צדיק" און אַ „משיח"" — (אויף רוסיש מיינט דאָס וואָרט „צדיק" — אַ געהיימער כישופמאַכער). 3) אַן אויספאָרשונג.

4) — „יאָ, אַ שוואַרץ שאַכטל אויף דער האַנט און אַ שוואַרץ שאַכטל אויפן קאָפּ. ער דאַוונט, ווי אַ „צאַדיק" און ער מאַכט מיט די ליפּן, ווי אַ צעדרייטער." —

דער גאַנצער הערט זיך צו באַראַק,
ווי ס׳רעדט פּאַנפּילין מיט בראַוואַדע:
— „טאָוואַרישטשי, מניע סטראַשנאָ זדיעס —
וו׳זשידאָווינו ווסיעלילסיאַ ביעס...״ — 1)

.11

און טראָשקאָ׳ס קול נעמט האַסטיק ברילן:
— „טשיעוואָ סוואָי צאַרסקי נאָס סויאָש?
פּאָרוטשיק אַליעקסעי פּאַנפּילין,
מי זנאַיעם: „קאָנטראַ״ טי אי וואָש.
טשיעוואָ ראַזזלילסיאַ, קאַק פּאַנטערא?
סקאָזאַל יאַ: ניעט טוט פּילאַקטיערי
אי שאַלי ניעט — טאַק זנאַטשיט — ניעט!
אַ טי, פּאַנפּילין, סטאַרי ווריעד!״ — 2)
ער קוקט אויף אים מיט שמייכל שלויען:
— „טי, באַטיענקאַ, ספּוסטי סוואָי פלאַג!
אַ ווי, נאַטשאַלסטוואָ: מאָי באַראַק,
זאַ ווסיעך רוטשאַיום גאָלאָוואָיו...״ 3)

.12

אַוועק אין פּיין דריי קורצע זומערן,
דריי לאַנגע ווינטערן אין באַראַק.
דער קריג איז קעגן נאַצי-טומאָה
אין רוים געהאָנגען, ווי אַ האַק.
דעם איינציקן, וואָס ס׳האָט באַוויליקט
די „מאַכט״, איז אַלעקסעי פּאַנפּילין,
דעם אַלטן צאַרן-אָפיציר,
ער זאָל פאַרלאָזן באַלד סיביר,
זיך יאָוועןן אין דער שטאָט טשעליאַבינסק:
דאָרט וועט ער קריגן אַלטן „טשין״ —
און באַלד זיך שטעלן צו דער דינסט
פון נייע רויטאַרמייער-שטאַבן.
ס׳האָט אים באַראַק אַרויסבאַגלייט:
מיט שרעק, מיט קנאָה און מיט פרייד.

---

1) — „חברים, איך שרעק זיך דאָ. אין דעם יידן זיצט אַ שד.״ —

2) — „וואָס שטופּסטו דיין צאַרישע נאָז? מיר ווייסן: ביזט אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער און אַ לויז. וואָס האָסטו זיך צעבייזערט, ווי אַ פּאַנטערע? איך האָב דערקלערט, אַז נישטאָ דאָ קיין תפילין און קיין טלית — הייסט עס, אַז ס׳איז נישטאָ! און דו, פּאַנפּילין, ביזט אַן אַלטער פּאַסקודניק!״

3) — „דו, ברודערקע, קריך אַראָפּ פון דיין הויכן לייטער! און אייך, נאַטשאַלסטוואָ, זאָג איך: ס׳איז מיין באַראַק — און פאַר אַלעמען בין איך דאָ ערוב מיט מיין קאָפּ!״ —

.13

געקומען ווידער איז אַ ווינטער
מיט טעג און נעכט — איין פינצטערקייט.
דער „לאַגער״ ליגט — אַ גרויסער צווינטער,
פון גאָט פאַרגעסן און פון לייט.
דער מולד פלאָנטערט זיך אין צווייגן.
ס׳איז אָנגעטאָן די ווייסע טאַיגע
אין תכרים זילבערנע פון שניי.
די ווייסקייט מיניעט זיך אין בלוי.
און וויקטאָר׳ס האַרץ אין אימה פלאַטערט:
געשרייען שניידן דורך די נאַכט —
דאָס מאַטערט דאָרט די „רויטע מאַכט״
אַ קרבן — טיף אין „איזאָלאַטאָר״.
דאָס לעבן גייט דאָ אָן „נאָרמאַל״ —
אין פרוזדור צו דעם „קאַפּהאַקאַל״...

.14

דער דאָקטאָר זאָגט, ס׳האָט זיך גאַנגרענע
אַריינגעכאַפּט אין פּאַוועל׳ס פוס.
דער ווייטיק ברענט אים, ווי דער גיהנום,
און ס׳מאַטערט טעג אים שוין אַ הוסט.
און טראָשקאַ האָטביים הויפּט פון „איטל״
גע׳פועל׳ט צו נעמען אין זיין שליטה
דעם קראַנקן מאַרשאַל. טאָג און נאַכט
דאָ טראָשקאַ איבער פּאַוועל׳ן וואַכט.

.15

ס׳איז פּאַוועל׳ן שווער שוין, שווער צו ריידן,
נאָר וויקטאָר שלינגט-איין יעדן קלאַנג:
— „מיר זענען אַלע צ׳ור עקדה
געגאַנגען, וויקטאָר, ווי צום טאַנץ.
אַליין מיר אַלע זענען שולדיק...
געוועזן מיר זענען אומגעדולדיק
צו-שנעל דערנענטערן דעם קץ...
האָט בייזער בוגד אין זיין נעץ
געכאַפּט אונדז, ווי אין פּאַוואָטיניע —
און ווי די שפּין דערשטיקט די פליג,
האָט ער אונדז אַלעמען דערשטיקט
מיט ווילדער שאָדנפרייד און שנאָה.
פאַרפאַלן, וויקטאָר: ס׳האָט שיקזאַל
דערלאַנגט אַ בעכער אונדז מיט גאַל.״ —

.16

— „מיר האָבן טראַצקיס זיי געגעבן,
די בראַווע ריטער פון דערלייז,
אַריינגעבראַכט אין זייער לעבן
דעם זין פון קעמפן קעגן בייז.
דורך לייז און שלאַכטן און מגיפות
מיר האָבן אַלע ווילדע שריפות
פאַר זיי געלאָשן מיט די הענט.
פאַרוואָר, מיר זענען זיי געווען:
די חוטבי־עצים, שואבי־מים
(געשעפּט דאָס וואַסער, ס'האָלץ געהאַקט),
פאַר זיי געגאַן אין שניי און שלאַקס,
פאַר זיי געקראָכן אין פלאַם־פייער.
און פאַר געטריישאַפט פון מיין שטאַם —
באַצאָלט זיי האָבן אונדז מיט סם".

.17

פון הוסט פאַרהאַקט זיך אים דער אָטעם.
די ווערטער שיסן, ווי קאַרטיעטש:[1]
— „געדינט מיר האָבן צו אַ „טאָטעם",
געבוקט זיך צו אַ מיאוס'ן געטש...
ער איז דעם הוסט אַ ווילדע גובר:
— „ס'איז אונדזער גאָט — דער גאָט יהוה —
נישט לעניך, סטאַלין און נישט מאַרקס...
מע האָט אונדז, וויקטאָר, אָפּגענאַרט, —
באַצאָלט אונדז איצט דער אל־צבאות:
אַז פוילן אונדזער זאָל געביין
אין טאַיגע, אויף פאַרשנייטן פלוין —
און פרעסן זאָלן אונדז די קראָען...
צו־שווער, צו־שווער איז דער גזר־דין,
און שווערער נאָך געווען די זינד!..."—

.18

ס'ווערט גרינגער יאַלעסן צו דערכען.
ער הויבט זיך אונטער מיט אַ קרעכץ:
— „ווען גויים נעמען שויבן ברעכן,
דער ייד די פינגער זיך צעשטעכט...
אַזויפיל פינצטערע עקידות...
דעם אַלטן גלויבן פון די זיידעס

---

1) אַרטילעריע־שיסעריי.

פאַרראַטן האָבן מיר צום געץ —
אַ נייעם איינפירן געזעץ...
און משה׳ס אַלט געזעץ „לא תרצח"
צעטראָטן האָט מען מיט די פיס —
און ס׳האָט די געטשקע „קאָמוניזם"
די יאָרן אונדזערע פאַרקירצט דאָ:
און ס׳רייסט אין הארצן — אַ געשוויר:
מיין זינד און זאָיאַ׳ס קעגן דיר."—

.19

דער הוסט, דער בייזער, ווידער שטיקט אים,
און וויקטאָר ווישט אים אָפּ דער שווייס:
— „איך וועל דאָ שטאַרבן, חבר וויקטאָר.
און דו? אויב וועסט פון דאַן אַרויס,
אַנטלויף פון בייזער מאַכט פון עשו׳ס...
אַז קומען וועסט אין וועלט אין גרויסער,
דערצייל זיי דאָרט אין וואָרט און ליד,
וואָס ס׳האָט אַ קאָמוניסט — אַ ייד
גערעדט צו דיר אין לעצטע שעה׳ן.
געווען איז הערצל דאָך גערעכט:
— ׳עס טאָר אַ ייד נישט זיין קיין קנעכט
׳ביי גויים! — דאָס איז מיין צוואָה.
געדענק עס, וויקטאָר, נישט פאַרגעס,
אויב ס׳וועט געשען מיט דיר אַ נס..."—

.20

דער חולה איז ביי דער „פּאַראַשע" 1)
געזעסן לאַנג און שטיל געקרעכצט.
אין שויב פאַרשנייטער זיך געוואַשן.
די האַרע הענט — ווי געלע זעכט.
אין ווינקל האָט געצאַנקט די „פלאָשקע".
ווען ס׳האָט אַ נעם-געטאָן אים טראָשקאַ
צו פירן צו דער נאַרע צ׳ריק,
האָט פּאַוועל מיט פאַרגלייזטן בליק
אַ קוש-געטאָן דעם טלית-קטן,
זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד
ביים מויל פון דער „פּאַראַשע" — שווער
און אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם...
דער „שמע-ישראל" מיט אַ כליפּ
ז׳געבליבן הענגען אויף זיין ליפּ.

---

1) שמוץ-עמער.

## ה. וויקטאָר וויוגינ׳ס אָנטרינונג

.1

ס׳איז יאָלעס שבת נאַכט געשטאָרבן —
און זונטיק מ׳האָט באַערדיקט אים.
די טאָיגע־זון האָט אויסגעפאַרבן
זיין רואיק פּנים מיט אַ נימב.
געלעגן איז ער אויף דער נאַרע
(דער פּראָסט געוועזן איז זיין טהרה)
מיט וואַקסענער, פאַרשפּיצטער נאָז,
די באַקן — דורכזיכטיק, ווי גלאָז.
די נאַכט איז טראַשקאַ אָפּגעשטאַנען
אויף וואַך ביי נאַרע לעבן מת,
געוואָרט: פאַסירן זאָל אַ נס —
און אויפלעבן זאָל זיין קאָכאַנעק.
פאַרטאָג — האָט ער פאַרשאַרט דעם טשוב,
געשטעלט זיך אויסגראָבן אַ גרוב.

.2

דריי שעה געגראָבן ר׳האָט אין שוייגן
מיט לאָם, מיט ריסקל און מיט האַק,
אין טיף פון דער פאַרשנייטער טאָיגע,
אַ הונדערט פוס פון דעם באַראַק.
פון פּראַצע און פון שוויים פאַרפּאַליעט,
האָט טראַשקאַ איינגעהילט אין טלית
דעם מאַרשאַל׳ס שטאַרצנדיקן גוף,
אַ הויב געטאָן אים אין דער לופט
מיט צוויי מיט שטאָלענע ידים —
און פאַרזיכטיק, ווי בראָכיק גלאָז,
אין קבר אים אַראָפּגעלאָזט.
געוועזן די הימלען זענען בלייען.
ס׳האָט דער באַראַק זיך צוגעקוקט,
ווי טראַשקאַ׳ס פּנים האָט געצוקט.

.3

ער האָט גע׳צלמ׳ט זיך מגושם,
געפּרעפּלט שטילערהייט דערצו:
— „מאָליטיעס, מאַרשאַל, ווי זאַ דושו,
זאַ אָקאַיאַננויו מאָיו!״ 1)
דערנאָך — מיט לאָפּעטע פאַרשאָטן
די טיפע גרוב מיט ליים און בלאָטע,

---

1) „בעט, מאַרשאַל, פאַר מיין פאַרשאָלטענער נשמה!״ —

זיך אויסגעצויגן האַלב־גראָטעסק,
דעם מאַרשאַל אָפּגעגעבן „טשעסט".
און ס'האָט זיין קול געטאָן אַ ציטער:
— „איגראַי, טרובאַטש, טי נאַ אָטבאָי!
טאָוואַרישטשי, אָן ביל סוויאַטאָי!" — 1)
געשוויגן האָט דער הויפּט פון „איטל",
פאַרגאַפט, פאַרסטאַרטשעט, ווי אַ שטיין.
און וויקטאָר האָט אין באָרד געוויינט.

**4.**

פאָלאַרער טאָג איז קורץ און זומנע,
פאָלאַרע נאַכט איז שוואַרץ און לאַנג.
אויף מאָרגן ווידער אין קאָלומנע
האָט וויקטאָר צו דעם וואַלד געשפּאַנט.
און לעבן אים — אין שווערע פוישטן,
געשפּאַנט האָט טראָשקאַ — אַ באַרוישטער
פון טרינקען צופיל „סאַמאָהאָן." 2)
געשנייצט די נאָז אין הוילער דלאָן,
אין אַרבל שטיל אַריינגעכליפּעט:
— „אַך, וויוגין, אַנגעלאָם אָן ביל,
קאַק בראַטאַ יאַ יעוואָ ליוביל..." — 3)
און שטיל געצוקט מיט קאַלטע ליפּן.

**5.**

אַוועק אַ יאָר. די טאַיגע דרימלט,
אין שלאָף, אין שנייאיקן פאַרהילט:
דערזעלבער פּראָסטיק־גרויער הימל,
דאָס זעלבע פינצטערע געווילד.
די שקלאַפן שטאַרבן — מייז אין נאָרעס.
עס וואַקסט דאָס שטילע בית־הקברות,
אַ הונדערט פוס פון דעם באַראַק.
ווי ס'וואָלט דעם גורל'ס שאַרפע האַק
דאָ גראַדנוויז זיי אויסגעקאָשעט.
ס'ציילט וויקטאָר פינף־און־פערציק יאָר.
דער „לאַגער" האָט זיין ברוינע באָרד
מיט שפּרענקלעך שניי שוין פאַרפּאָראָשעט.
ער טאָפּטשעט איבער וויסן שניי
און טראַכט: — 'עס קומט שוין באַלד מיין ריי!' —

---

1) — „שפּיל טרובאַטש, דאָס געזעגן־ליד. חברים, ער איז געווען אַ הייליקער!" —
2) היימיש־געמאַכטער שנאַפּס.
3) — „אַך, וויוגין, ער איז דאָך געווען אַ מלאך. ווי אַ ברודער האָב איך אים ליב געהאַט." —

.6

נאָר פריער איז די ריי געקומען
פון ווילדן  טראָשקאַ — דעם באַנדיט.
געשען איז דאָס ביים סוף פון זומער,
דער וואַלד — אין האַרבסטיק־געלן צווייט.
און פלוצעם אין אַ טאָג אַ לילן
באַוויזן האָט זיך דאָ  פּאַנפּילין,
אַן אויסגעפּוצטער אין מונדיר —
אַ רויט־אַרמייער קאָמאַנדיר.
מיט אים — סאָלדאַטן, ווי סוכאַרעס,
באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז פיס.
געטאָן אַ פּאַכע מיטן כ׳ליסט —
און איז אַריין אין קאַנצעלאַריע.

.7

פאַרנאַכט געקומען זענען שקלאַפן
פון שווערן פּראַצע־טאָג אין וואַלד.
מע קוקט אין שטוינען און אין גאַפן,
ווי דער  פּאַנפּילין  קוועלט און שטראַלט.
ר׳נעמט אַלץ אַרום מיט אויגן זאַטע:
— „נו, קאַק זשיוויאָטסיאַ וואַס, רעביאַטאַ?
ניע סאָסקוטשילים־לי דאָמאָי?
אילי פּאָראַ וואַס נאַ פּאָקאָי?״ — 1)
דער עולם קוקט. עס קוקט אויך  טראָשקאַ
אויף רויט־אַרמייער קאָמאַנדיר:
— טשעוואָ פּריסטאַל טי ק׳נאַם, קאַק שטשיר,
שפּאַנאַ, זאַראַזאַ, מאַנדאַוואָשקאַ? — 2)
בלייבט שטיין  פּאַנפּילין — שטום און שטאַר:
ער האָט אַזוינס דאָ נישט דערוואַרט.

.8

פּאַנפּילינ׳ס  פּנים — ווי אַ כמאַרע.
פון ליפּן רייסט זיך בייזער ברום:
— „או נאַס ס׳טאַבאָי, בראַט, שטשאָטיק סטאַרי,
פּאָראַ נאַם סאָסטשיטאַטסיאַ, קום!״ — 3)

---

1) — „נו, ווי לעבט זיך אייך, חברה׳לייט? האָט איר זיך שוין פאַרבענקט אַהיים, צי איר קלייבט זיך דאָ צו שטאַרבן?״ —

2) — „וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו אונדז, ווי אַ געשוויר, אויסוואורף, לויז?״ — 3) — „מיר האָבן דאָ צווישן זיך אַן אַלטן חשבון. צייט זיך צו צעצאָלן, מיין פריינט.״ —

עס סטאַרטשען טראַשקאַ׳ס האָר, ווי יאָזשן:
— „דאַ מניע נאַטשכאַט טיעביע־בי וו׳ראָזשו,
דאַ זשאַל סליוני־טאַ פאַטיעריאַט...״ —1)
פאַנפילין שרייט־אויס: — „איזווייערג, קאַט!״ —2)
און שפּיליעט פלינק־אַפּ די „קאָבורע״.3)
אין קאָמאַנדיר׳ס פאַרקלעמטער האַנט
בליצט־אויף אַ בלוילעכער נאַגאַן —
און ס׳גיט אַ רוק זיך אַפּ די שורה.
אַ קנאַל און צוויי — אויף הוילער ערד
ליגט טראַשקאַ — ווי אַ שטומער בער.

.9

ס׳האָט גרויסע נייס געבראַכט פאַנפילין:
עס האָט געענדיקט זיך דער קריג,
דער נאַצי־שונא איז פאַרטיליקט,
עס האָט די רויט־אַרמיי געזיגט.
געבראַכט מיט זיך ר׳האָט אַ „בומאַגע״: 4)
באַשטימט איז ער דער הויפּט פון „לאַגער״,
פאַראַנדקעס נייע איינגעפירט —
דער „פּאָלנאָוולאַסטני קאָמאַנדיר״.5)

.10

אַ צווייטע האָט געבראַכט „בומאַגע״
פאַנפילין אין זיין נייעם טאַש:
באַפרייען תיכּף פון דעם „לאַגער״
דעם דיכטער וויוגין — און שאַבאַש!
ער האָט באַקומען אַן אַמנעסטיע,
פאַרפּאַקט די חפצים אין אַ קעסטל —
און ס׳האָט דער נייער „פּאָליטקאָם״
באַגלייט דעם דיכטער ביזקל טאָמסק,
געגעבן אים אַ נייעם אַנצוג,
אַ מאַנטל, אַ פּאָר נייע שיך —
און אים אַריינגעזעצט אויף גיך
אין שנעלן, אין סיבירן באַן־צוג.
און ביים געזעגענען: — „עס שיינט,
דו האָסט אין מאָסקווע גוטע פריינט!״ —

---

1) — „איך וואָלט דיר אָנגעשפּיגן אין פּרצוף, איז אַ שאָד די שפּייעכץ!״ —
2) „גזלן, מערדער!״ 3) בייטל פאַר אַ רעוואָלווער. 4) דאָקומענט.
5) פולמאַכטיקער.

.11

ס׳האָט וויקטאָר נישט געגלויבט: דער גורל
האָט מיטאַמאָל אים צוגעשפּילט.
ער זיצט אין צוג, ווי ניי־געבוירן —
און אין „קופּע", אין פּלעד געהילט,
אַ „באַראַדאַטש"1) ליגט אויסגעצויגן,
עס זענען צוגעמאַכט די אויגן,
ער קרעכצט פון שלאָף און אָטעמט שווער...
ער קוקט: דער מאַן זעט־אויס, ווי ער.
עס לויפט דער צוג אויף אַלע פּאַרעס.
און וויקטאָר בויגט זיך צום פאַרשוין —
און הערט זיך צו צו אים מיט שטוין:
— „איך שטאַרב... מיין נאָמען ז׳יאַקאָב זאַרעק...
אַ טשעך... איך פאָר פון קריג אַהיים..." —
אויף באָרד און ליפּן פליסט אַ שוים.

.12

— ׳וואָס טוט מען דאָ?׳ — אין שרעק טראַכט וויקטאָר.
אין ווייכן שטול פאַרווירט ער זיצט —
און הערט דעם חולה׳ס שטים פאַרשטיקטע.
און ס׳האָט געטאָן פאַר אים אַ בליץ:
— ׳מיט הילף פון אָט־דעם יאַקאָב זאַרעק
׳איך קאָן זיך ראַטעווען קיין מערב...
׳זיין פּאַספּאָרט און זיין באַן־בילעט
׳קאָן מיך אַוועקפירן העט־העט...׳ —
און וויקטאָר טאַפּט־אָן אין זיין רעקל
דעם „פּאַס" פון לאַגערשער ביורא.
ער וואַרט געדולדיק שעה נאָך שעה.
עס יאָגט דער צוג זיך איבער שטרעקעס —
און שלינגט די מיילן — שטאָל אויף שטאָל —
אַ בייזער, הונגעריקער וואָלף.

.13

ס׳האָט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם
דער טשעך אין פראָסטיקן באַגין.
געזעסן ז׳וויקטאָר, ווי אַ שאָטן,
געקוקט אויף טויטן — שטאַר און בלינד.
דערנאָך דעם טויטנ׳ס ראָק צעכראַסטעט,
אויף שנעל געביטן זיך מיט פּאַספּאָרט

1) אַ באַבערדלטער.

און באַן־בילעט, פאַרשטעקט אין ראָק,
וואָס האָט געפירט דורך ווין קיין פּראָג.
דערציילט האָט וויקטאָר דעם „וואַזשאַטי“.[1]
אַ דאָקטאָר איז געקומען שנעל —
און ס'האָט דער דאָקטאָר פעסטגעשטעלט:
ס'איז אַלץ אין אָרדענונג אין גלאַטער.
פאַרשריבן האָט מען קלאָר און נעט:
געשטאָרבן ז'וויוגין — דער פּאָעט.

.14

קיין מאָסקווע וויקטאָר איז דערפאָרן
שוין אין אַנאַנדערער „קופּע“,
אַדורך אַ גאַנצער דורך די „שררות“
פון וואַכער, שטרענגער „עם־ווע־דע“.[2]
מיט גאַנג, מיט ספּריטנעם, ווי אַ טענצל,
האָט ער געשפּאַנט מיט זאַרעק'ס רענצל,
אין נייעם, ברוינלעכן קאָסטיום,
אַן אַלטן ניגון שטיל געברומט.
ס'האָט קיינער דאָרט אים נישט באַגעגנט,
ס'האָט קיינער נישט אויף אים געוואַרט.
געזען ר'האָט: אויף טווערסקאָי בולוואַר[3]
האָט יענעם אָוונט שטאַרק גערעגנט,
געוואָלט אַ קוק־טאָן אויף דער שטאָט,
נאָר ער פאַרגיכערט האָט דעם טראָט.

.15

האָט ער אויף צווייטן צוג געביטן,
וואָס איז אַוועק אויף ווין און פּראָג.
און אונטער נייאינקן גאַרניטער
געקלאַפּט זיין האַרץ האָט, ווי אַ גלאָק.
צוויי פולע טעג האָט ער געשוויגן.
די ווענטלעך פון וואַגאָן זיך וויגן.
די פּאַסאַזשירן זיצן שטיל,
אין די רעיונות איינגעהילט.
אין ווין אַרויס איז פון וואַגאָן ער,
אַרומגעקוקט זיך אין „דעפּאָ“:
דורך פענצטער אויפן הימל־בלאָ
דערזען אַ זילבערנע לבנה.
און וויוגין־זאַרעק, אויסער ריסק,
מיט באַן אַוועק איז קיין פּאַריז.

---

1) קאָנדוקטאָר. 2) געהיים־פּאָליציי. 3) הויפּט־גאַס פון מאָסקווע.

# פינפטער טייל: פּאַריז

## 1. עלנט

### א. אויף קיינעמ׳ס ניט באַראָט

.1

געווען דער טאָג איז גרוי און כמורע,
אויף שטיין-באַנק פון „פּאַלאַץ-שאַיאָ״
געזעסן איז ביים „אייפל-טורעם״
אַ מידער מאַן אין מיטאָג-שעה.
צעווישן ברוינע האָר — ווי כוואַליעס —
עס לויכט, ווי משה׳ס זילבער-שטראַלן,
אַ טשוב אַ גרויער אויף זיין קאָפּ,
ס׳געזיכט — אין קנייטשיקן צעגראָב.
דאָס בערדל — גרוי, געמישט מיט ברוינעם,
צעקאַרבטער שטערן — הויך און בלאַס —
און ס׳מיניעט צער, געמישט מיט האָס,
אין אַפּלען, מידע פון רעיונות:
אַ נישט-פאַרוועלקטער, יוסטער בוים,
אַן אָפּדוכט פון אַ וויייטן טרוים.

.2

ר׳געדענקט דעם לאַנגן וועג קיין מערב:
מעת-לעת׳ן — ווי צעגליטער פערד.
און איצט? איצט הייסט ער יאַקאָב זאַרעק,
לויט פּאַספּאָרט פון אַ טויטן טשעך.
ער שפּאַנט אַרום אויף פרייע גאַסן,
מיט שטערן קאַרביקן און בלאַסן,
מיט פלינקע, נייגעריקע פיס
אין נאָך-מלחמה׳יקן פּאַריז.
צו זון און פריי — צעפּראַלט די אַפּלען,
צום פרילינג-ווינט און רעגן-שפּראַי:
דעם בלויען וואונדער פון דער פריי
ער ווערט נישט מיד דאָ איינצוזאַפּן.
דער עלנט פּראַלט אויף אים זיין פּיסק,
נאָר ער איז גליקלעך אין פּאַריז.

.3

ער וואוינט אין אָרעמער „מאַנסאַרדע״: (1
אַ טיש, אַ בענקל און אַ בעט.
נאָר יעדער טאָג — ווי זיסער נאַרד, איז
פאַר דעם אַנטרונענעם פּאָעט.

---

1) בוידעם-שטיבל.

און גוט איז אים אין טערפקען עלנט.
ער וויים: זיין חבר בוזיא יעלין
ז׳געוואָרן אין פּאַריז באַרימט,
איז ווייסט ער נישט זיין פּסעוודאָנים.
געווען איז יעלין דאָן אַ מאָלער,
צי, ס׳דוכט זיך אים, אַ סקולפּטאָר גאָר.
אַוועק שוין פינף-און-צוואַנציק יאָר
זינט הייסע שלאַכטן אין פּאָדאָליע.
ווער ווייסט, צי לעבט ער, בוזיא, נאָך
נאָך יאָרן פון דעם היטלער-בראָך?

.4

ער האָט געבראַכט אַ העפטל לידער,
געשריבן ביים פּאָלארן קרייז,
אין נעכט, ווען ס׳האָבן מידע גלידער
געשווידערט אין געקלעם פון אייז.
און ס׳האָט אין זיי זיך אָפּגעשפּיגלט:
פון קלעם געשמידטע אָדלער-פליגל —
ווי זון — אויף דימענטענעם שניי —
דער גאַנצער אומעט, בראָך און ווייי
פון אַ יאָרצענדלינג אין „קאָנצלאַגער":
די טעג — אויף אַרבעט טיף אין וואַלד,
וואו ס׳שניידט דער פראָסט, ווי אַ קינזשאַל,
די קאָלטע נעכט — ווי ביטער-ליאַגע,
וואו אויסגעטאָן האָט זיך דער מענטש
פון אַלץ וואָס גאָט האָט אים געבענטשט.

.5

דאָ, אין פּאַריזער בוידעם-שטיבל,
ער לייענט די לידער אָפּט ביים טיש.
ער צערטלט זיי מיט פּיין און ליבע,
נאָר דרוקן זיי — דאָס וואַגט ער נישט.
ער שרעקט זיך דאָ פאַר סטאַלינ׳ס גיהנום:
ווער ווייסט זיי, טאָמער וועט דערקענען
די „עם-ווע-דע" 1) אים לויט זיין ליד?
איז היט ער, זאַרעק, זיינע טריט...
ער האָט זיך אויסגעדרייט פון „פּלאַכע", 2)
שוין צוויי חדשים אין פּאַריז,
נאָר קוים ער זעט אַ פּאָליציסט,
באַפאַלט אים דאָ אַ ווילדער פּחד.
ער שפּאַנט אַרום אין פרעמדער שטאָט,
אַליין — אויף קיינעמ׳ס נישט באַראָט.

## ב. מ י ש ע ל

### .1

אויף קרומע שטעגן פון מאַנמאַרטער,
אין בלייכן ליכט פון גרינע לעמפּ,
אין אָרעמסטן און שענצטן קוואַרטל
פּאַריזער נעסטלט זיך „באָהעם״.
און צווישן הפקר׳ע באָהעמער
האָט זיך אַ פרוי — ווי אַ פאַעמע
באַוויזן נאָכן צווייטן קריג,
אַ פרוי — אַן אויסגעחלומט גליק.
מיט בלאָנדער, קרויזיקער פריזורע,
מיט אויגן — ווי פּיאַלקעס — בלוי,
געקומען איז די שיינע פרוי
פון ברוקלין אַזש — צום „אייפל־טורעם״.
זי וואוינט אין רייכן „גראַנד־האָטעל״ —
און רופן רופט מען זי מ י ש ע ל.

### .2

געזעסן איז אין קינסטלער־קעלער
אין אָוונט וו י ק ט אָ ר. מיטאַמאָל
ביים צווייטן טיש ער זעט מ י ש ע ל׳ן:
אין האַנט — אַ שטאָק, באַדעקט מיט גאָלד.
— ׳אַזוי מסתם ה ע ל ע ן פ ו ן ט ר אָ י ע,
׳די שענצטע פרוי צעווישן פרויען,
׳האָט אויסגעזען...׳—קלערט וו י ק ט אָ ר שטאַר,
אין זיך פאַרטיפט, ווי אין לעטאַרג.
און פּלוצעם הערט ער קלאָר און ניכטער
אַ קול, ווי אויסשאָס פון אַ קאָרק:
— „מע רופט מ י ש ע ל מיך פון נויאָרק,
און דו זעסט אויס צו זיין אַ דיכטער!״ —
באַטראַכט זי וו י ק ט אָ ר, ווי אַ האָז:
— „איך בין אַ וואַנדערער־מאַטראָז!״ —

### .3

זיי קוקן אָן זיך, ווי די שדים —
און מיטאַמאָל זיי פּלאַצן אויס
אין אַ געלעכטער הילכיקביידע,
ווי פון אַ שפּיל אין קאַץ־און־מויז.
ער מאַכט מיט האַנט פאַר איר אַ וואַרע:
— „מאַדאַם, מיין נאָמען ז׳איז י אַ ק אָ ב ז אַ ר ע ק...״—

— „גאַרסאָן, אַ פלעשל „אַלבאַטראָס" 1)
באַנסואַר, מעסיע בערנאַר לאַראָז!" —
שטעלט־אָפּ זיך אונטער שיין פון שטערן
אַ מאַן פון וואוקסיקן געבוי:
דער ברוינער קוטשער האַלב שוין גרוי.
מישעל באַקענט זיי: — „מיינע הערן,
דער סקולפּטאָר — פריינט בערנאַר לאַראָז,
און יאַקאָב זאַרעק — אַ מאַטראָז!" —

.4

דער סקולפּטאָר קושט אירביידע הענטלעך:
— „מישעל — די געטין פון נויאָרק!" —
און וויקטאָר טראַכט: — 'דאָס קול איז קענטלעך,
'געהערט האָט ער'ס אַמאָל, פּאַרוואָר!' —
ער שטרעקט די האַנט אוים צו לאַראָז'ן:
— „פאַרהערט כ'האָב שטענדיק ווירטואָזן
פון וואָרט, פון פּינזל, פון מוזיק." —
און דרינגט אים דורך מיט שאַרפן בליק.
ער קוקט אויף וואָנציעס גרוי־ריסיאַוועט:
— „לאַראָז? דער נאָמען איז באַקאַנט,
ווי ס'דוכט זיך מיר, אין יעדן לאַנד...
און איך? איך זוך אַן אַלטן חבר,
וואָס וואוינט שוין לאַנג דאָ אין פּאַריז...
אַ מאַן פון אייער פּאַך... געוויס..." —

.5

ס'באַטראַכט לאַראָז מיט בליק אים שטאַרן:
— 'וואו האָט ער פריי'ר געהערט דאָס קול?' —
— „וואו רופט מען אייער חבר, זאַרעק?
ס'קאָן זיין איך קען אים דאָ צומאָל..." —
— „ער האָט געהייסן בוזיאַ יעלין —
ער איז שוין לאַנג געוואָרן נעלם..." —
— „און איר? — אים גיט אַ פרעג לאַראָז:
— „פונוואַנען שטאַמט איר, הער מאַטראָז?
פון פוילן, צי פון יוגאָסלאַוויע?
צי פון אַנאַנדער סלאַוונלאַנד?" —
— „איך בין אַ טשעך פון טשעכנלאַנד..." —
— „אַזוי! איך קען אים אייער חבר.
קומט מאָרגן אין מיין „אַטעליע",
דריי הונדערט צען שאַן־ז'עליזעי." —

---

1) קאַסטבאַרער וויין.

## 2. זכרונות

### א. אויף קבר־יוגנט

**1.**

לאראַז איז יענע נאַכט געקומען
צו זיך אַהיים פון דער קאַפע —
און ווי אַ ווילדער דרייט אַרום ער
זיך איבער גראַמען אַטעליע.
— ׳דער טשעך איז דאָך דער דיכטער וויוגין,
׳זיין אַלטער פריינט פון ווייטער יוגנט,
׳מיט וועמען אויף אוקראַינער ערד
׳אַנטקעגן פיינט געקעמפט האָט ער...
׳ווי קומט אַהער דער גרויסער דיכטער,
׳פאַרשטעלט אין מאַסקע פון אַ טשעך?
׳ווי האָט ער אין דעם „לאַנד פון קנעכט"
׳געראַטעוועט זיך פון פאַרניכטונג׳—
דער דמיון טראָגט מיט פליגל־שטרעק
אויף קבר־יוגנט אים אַוועק.

**2.**

עס לויפן פאַרן סקולפּטאָר׳ס אויגן
פאַרביי די לעצטע צוואַנציק יאָר:
אַ סטאַיע פייערדיקע פייגל,
פאַרפלויגן איז די גרויע וואָר.
זיין רום דערגרייכט האָט ביז די שטערן.
ער האָט אַ ווילאַ אויף „ריוויעראַ":
ווייט פון פאַריזער טאַראַראַם,
דער מידער נזיר ווילט ביים ים.
ער האָט אין „אַר־מאָדערן" 1) פאַריזער
דריי צענדלינג ביוסטן אויסגעשטעלט,
נאָר נישט געוויזן ר׳האָט דער וועלט
׳עם גרוילן־ביוסט פון „מאָנאַ־ליזאַ":
ער פילט אַ שנאָה צו דעם ביוסט —
די צניעות, אויסגעמישט מיט זנות.

**3.**

און פלוצעם האָבן פערד פון שטורעם
זיך צעפּאַלאָשעט אין גאַלאָפּ —
פון מויל צו מויל יאָגט שוואַרצע בשורה:
— ׳עס פליט קיין מאָסקווע ריבענטראָפּ!׳—2)

---

1) מאָדערנע קונסט. 2) היטלער׳ס אויסערן־מיניסטער.

געשלאָסן האָבן דאָרט צוויי שונאים
אַ פּאַקט פון פינצטערע תליונים,
אַ פּאַקט, געבוירן אין פּאַראַט —
פון „ברוינעם קאַט" מיט „רויטן קאַט".
פאַר׳חתמעט׳ איז אייראָפּע׳ס גורל —
איז ווער׳מען קריכט אין קאָפּ סקולפּטור?
מיט עלטערן האָט שוין פאַרלוירן
בערנאַרד לאַראָז דעם לעצטן שפּור.
און פון דעם בלוטיקן פאַרפליייץ
איז ער אַנטרונען אין דער שווייץ.

.4

ער וואַנדערט צווישן שטיינער־ריזן
אויף בערג שווייצאַרישע — און קלערט:
— ׳איך וואָלט געקאָנט אַ „מאָנאַ־ליזאַ"
׳דאָ אויסהאַקן פון שטומע בערג.׳ —
נאָר ס׳גיט אַ קירעווע זיין רעיון:
— ׳ניין, נישט קיין „מאָנאַ־ליזאַ", נייערט
׳א „מאַן מיט לוחות צוויי" — אויף קאַרק
׳כ׳וואָלט אויסגעהאַמערט דאָ אויף באַרג.
׳די וועלט דאַרף איצט אַ נייעם משה׳ן,
׳וואָס זאָל מיט נייע צען געבאָט
׳די מענטשהייט אומקערן צו גאָט
׳פון קריג, פון „גענאָסיד", פון חושך —
׳ס׳וואָלט גוט געווען אין וועלט פון מאָרד
׳אַ נייעם שאַפן „מאָונט־ראַשמאָר".1)

.5

און ווייטער פירט אים הייסער רעיון:
— ׳נישט דאָ, צעווישן פרעמדע בערג,
׳וועט ברענגען ער זיין פאָלק צושטייער
׳דער חלום פון זיין גרויסן ווערק.
׳אויב שאַפן „משה׳ן מיט די לוחות",
׳איז אין אַן אייגענער מלוכה.
׳אויף די געבערג פון אידנלאַנד
׳וועט ער פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן.׳—

1) באַרג אין סאַוט־דאַקאָטאַ, פאַראייניקטע שטאַטן, אויף וועלכן עס זענען אויסגעהאַקט אין די פעלדזן די קעפּ פון די פיר אַמעריקאַנער פרעזידענטן: וואַשינגטאָן, דזשעפערסאָן, לינקאָלן און טעאָדאָר רוזוועלט.

ער וואַנדערט צווישן אַלפּן-שלעסער —
און ס'בריט אין מאַרך, ווי הייסער שראַט.
ער ווייסט, פאַראַן איז אַ געבאָט,
אַן אַלטס: „לא תעשה לך פסל".
— 'און אפשר נישט', ער גיט אַ קלער:
'ס'וועט נישט דערלאָזן עס דער „קלער".' —

**6.**

עס קריכן נייס, ווי סאַלאַמנדערס:
די אידן היטלער סמ'ט מיט גאַז.
ער טראַכט: — 'ס'איז גרוילן-פּראָפּאַגאַנדע,
'נישט מער — מלחמה-משוגעת.
'דאָס פאָלק פון שילער'ן און געטע'ן
'פאַרשפאַרן אידן זאָל אין געטאָס
'און זיי פאַרטיליקן אין פלאַס,
'אָן זין, אָן שולד, אַזוי זיך סתם?' —
און ס'לעבט לאַראַז, ווי אין דעליר:
דאָס האַרץ — אין פראַסטיקן געפריר.

**7.**

און ער דערמאָנט זיך די נבואה,
וואָס היינע האָט פאָראויסגעזאָגט:
— 'ווען דייטשלאַנד וועט פון קריסטן-דוהע
'באַפרייען זיך, — אין יענעם טאָג,
'איך זע, ווי זי דעם קרייץ צעשמעטערט
'און מיט דער הילף פון אַלטע געטער,
'די נאָרדישע: וואָטאַן און טהאָר
„אין חושך זינקען וועט און מאָרד.
'נישט שמייכלט: ס'איז נישט גלאַט קיין רעיון!
'עס וועט געשען! עס וועט געשען!
'מיט גרויזאַם-מערדלעכע הענט
'וועט אַלץ צעשטערן דייטשע חיה.
'נישט צווייפלט: קומען וועט די שעה.
'אין הימל קראַקעט שוין די קראַ.' —
— — — — — — — — — —

**8.**

נאָך פינעף יאָר — אין ווינד-און-ווייען
אַ סוף געקומען איז צום בייז:
אין ים'ען בלוט און פּיין און שוויים
ז'באַזיגט דער פינצטערער רוצח.
ס'האָט היטלער אויסגעשטרעקט די פיס.
לאַראַז קערט אום זיך קיין פּאַריז.

## ב. פרילינג, 1946

.1

עם שטינקען אַלץ נאָך אין אייראָפּע
די הימלען מיט מאַידאַנעק-אַש.
די לופט געזאַלצן איז, ווי ראָפּע,
פון בלוט און נאַצישן „שאַבאַש".
לאַראַז אַליין אין שוועבל-אויוון
איז נישט געווען, נאָר יעדער אבר
אים שמאַרצט — אַ פּייערדיקע וואונד,
צעסמאַליעט פון דער פייער-צונג.
לאַראַז האָט ווידער אויף מאַנמאַרטער
זיך איינגעשטעלט אַן אַטעליע,
נישט ווייט פון קינסטלערשן קאַפע,
אויף שמאָלן געסל „בעלאַ מאַרטאַ".
דאָס ביסל אויסגעפּאַקט געפּעק,
די ביוסטן אָפּגעשטויבט פון וועג.

.2

געווען איז דאָס אין אַנהויב אייר
פון ניינצן-הונדערט פערציק זעקס.
געשיקט האָט אַ דעפּעש קיין ריאָ
לאַראַז באַלד אין די ערשטע טעג:
— „איך לעב. וואָס מאַכן טאַטע-מאַמע?
כ'בעט, ענטפערט מיט אַ טעלעגראַמע." —
עס וואַרט לאַראַז אַ וואָך און צוויי —
דער ענטפער קומט אין ווינד און וויי:
די עלטערן אין ריאָ-זשענעיראָ,
זיי זענען פון דער וועלט אַוועק
און אים געלאָזן אַ פאַרמעג:
פון איבער צען מיליאָן קרוזעיראָס.1)
וואָס טויגן אים די צען מיליאָן?
וואָס וועט ער מיטן ממון טאָן?

.3

ער וואַרפט ביינאַכט זיך אויף געלעגער,
צו-גרויס, צו-לאַנג איז אים די נאַכט:
'ער וועט די עלטערנ'ס פאַרמעגן
'פאַרווענדן אויף אַ גוטער זאַך.' —
'ער וועט דערפילן זיין חזון:
'אַ „משה'ן" אויסהאַקן פון אַ שטיין.

---

1) בראַזיליאַנער מטבע.

## ג. וויוגין ווערט נתגלה

.1

צום סקולפּטאָר וויקטאָר איז געקומען
אין אַטעליע צומאָרגנס פרי —
און ס׳האָט לאַראָז אים אויפגענומען
מיט שייטערדיקן אויגן־גלי.
ער קוקט אויף אים מיט שמייכל קלוגן:
— "כ׳בין בוזיאַ יעלין... דו — ביזט וויוגין...
איך האָב דערקענט דיך, וויקטאָר, באַלד..." —
ווען וויקטאָר קומט צו זיך פון שטוינען,
ער פילט: פון באַק אים רינט אַ טרער...
לאַראָז קערט אָפּ זיך צום מאָלבערט...
(ווי שווער צו זען צוויי מענער וויינען!)
נאָר ס׳האָבן זיי זיך נישט געשעמט
מיט פרייד, וואָס האָט אין האַרץ געקלעמט.

.2

הערט אוים בערנאַרד לאַראָז זיין חבר:
— „דו ביזט אַ העלד אַ וואָרער, בראַט,
דערוואַרט פון דיר כ׳האָב מעשים בראַווע,
נאָר נישט אַזאַמין העלדנטאַט.
און איצט, אַז ביזט אַהער געקומען,
באַפרייט פון ווילדער, רויטער טומאָה,
דו דאַרפסט זיך אָפּשערן די באָרד:
די וועלט דערוויסן זאָל זיך קלאָר,
אַז פון די טויזנטער הרוגים
אין לאַנד פון אומקום און פאַרברעך
אַנטרונען איז נישט גלאַט אַ טשעך,
נאָר גרויסער דיכטער וויקטאָר וויוגין." —
— „אין דיינע הענט איז מיין שיקזאַל!" —
— „איך וועל שוין אַראַנזשירן אַלץ." —

.3

ס׳האָט בליציק־שנעל זיך די ידיעה
פאַרשפּרייט: ס׳איז וויוגין אין פאַריז
אַז דורכגעמאַכט ר׳האָט די נסיעה
מיט גרויס געפאַר און גרויסן ריסק.
עס האָבן זיך געפונען חסידים:
ס׳איז גלייך אַ באַנד פון וויוגינ׳ס לידער

דערשינען אין אָריגינאַל,
אין ענגליש און פראַנצויזיש באַלד —
און ס'האָט דאָס בוך געמאַכט אַ רושם:
— „געמיש פון פושקין און פון בלאָק", —
האָט די קריטיק אויף אים געזאָגט:
— „געווען באמת וואָלט אַ יושר,
אַז ער זאָל קריגן „נאָבעל־פּריז." —
געגאַן איז כאַדאָראָם פּאַריז.

.4

פאַרשפּרייט האָט האַפּטאָם זיך די נייעס —
און ס'האָט געשטוינט די גאַנצע וועלט:
געווען מ'איז זיכער, רויטער קיין
געמאַכט פון וויוגינען אַ תל...
פון מאָסקווע ז'אַ דעפּעש געקומען:
— 'דער בירגער וויוגין ז'אומגעקומען —
'און דער, וואָס זיצט איצט אין פּאַריז,
'אַ שווינדלער, אַ פאַרשטעלטער איז.' —
נאָר אַלע בילדער אין דער פּרעסע,
דער אינטערוויו מיטן פּאָעט
האָט ס'ליגנער־מויל פון מאָסקווער שד
שוין צוגעמאַכט אויף זיבן שלעסער
צו סטאַלין־שקרים בלינד און טויב,
די וועלט האָט וויוגינען געגלויבט.

.5

געוואָרן איז די לאַגע שווערלעך
פאַר וויוגינ'ען איצט אין פּאַריז.
ער האָט דערשפּירט, אַז ס'איז געפערלעך:
עס לויערט שלאַנג פון קאָמוניזם.
און ס'קנייטשט לאַראַז זיין הויכן שטערן:
— „איך האָב אַ ווילאַ אויף „ריוויערא",
פון קאַן — אַ קילאָמעטער פינף.
וועל איך דיך אָפּפירן אַהין.
וועסט, וויקטאָר, אין מיין ווילאַ זיצן
און קריגן דאָרט אַ ביסל רו,
פון לאַנגער האַנט פון „גע־פע־או"
די סירעטע"1) וועט דיך באַשיצן.
דו וועסט נישט האָבן דאָרט קיין שטער,
וועסט קאָנען שרייבן ס'נייע ווערק." —

---

1) זיכערקייט־פּאָליציי.

## ד. אַ נישט־דערוואַרטער באַזוך

### .1

עם פליסט דער זומער אָן מאַלעירן.
זיצט וויקטאָר ביי זיין פריינט צו גאַסט
אין רייכער ווילאַ אויף „ריוויעראַ״
און שרייבט זיין „אָפּוס וועגן האַס״.
אַ ווערק „דער גרויסער ליקווידאַטאָר״,
וואָס וועט גרוזינישן דיקטאַטאָר,
דעם אַרצי־שד פון טיל־און־תל,
אַנטפּלעקן פאַר דער גאָרער וועלט,
זיין גרויליק־מעדערלעכן פּרצוף,
ס׳געשטאַלט דאָס מיאוסע פון מאַניאַק,
וואָס האָט מיט שווערד און קויל און האַק
זיין לאַנד פאַרוואַנדלט אין אַ קאַרצער.
און וויקטאָר אַרבעט ביז באַגין.
אָן אַלטע פרוי אים דאָ באַדינט.

### .2

זינט וויקטאָר האָט פּאַריז פאַרלאָזן,
האָט ער זיך אָפּגעשלאָסן דאָ,
אַ פרייוויליק־פאַרשפּאַרטער נזיר,
ער זוכט דערגרונטעווען דעם דנאָ
פון „ליקווידאַטאָר׳ס״ פינצטער לעבן,
וואָס איז געוואָרן דער באַגרעבער
פון שענצטן חלום אויף דער ערד,
אַ תליון, וואָס האָט אַלץ צעשטערט,
וואָס אויפבויען געזוכט האָט לענין.
ס׳זוכט וויוגין אין זיין ווערק דערגיין
די שייכות צווישן „רויט״ און „ברוין״,
דעם סוד פון ביידע פענאָמענען:
די שרעק, די פינצטערניש, דעם גרויל,
וואָס האָט באַהעפט זיי און צעטיילט.

### .3

און מיטאַמאָל — אין געסל שמאָלן,
אויף נאַסן, גלאַנציקן אַספאַלט,
האָט זיך באַוויזן, ווי אין חלום,
אַ שטאַלטנע פרוי אין אַ וואוּאַל.
געזעסן ז׳וויקטאָר אויף ווערענדע.
זיין בליק האָט איבער בערג געוואַנדערט,

װען מיטאָמאָל האָט ער דערזען:
ס'האָט אָפּגעשטעלט זי „סיטראָיען" 1)
בײ די שטאַכעטן פֿון דער װילאַ.
אין שמאָלן קלײד פֿון טונקעלן בלױ
אַרױסגעשטיגן איז אַ פֿרױ
מיט בלאָנדע האָר און גרינע ברילן.
ער האָט באַגעגנט זי בײם שװעל:
— „װילקאָמען, טײערע מישעל!" —

4.

ער נעמט אַרום זי, די פּרינצעסין,
און גיט אַ קוש זי אױף דער באַק.
זי גיט אַ שלײדער ס'פּאַפּירעסל
און בלײבט פֿאַרגליװערט אין „סטאָלבניאַק". 2)
זי גיט אַ צי דעם גרינעם „סװעדער":
— „דער באַרג מוז קומען צו מאַכמעד'ן,
אױב ס'קומט מאַכמעד נישט צו דעם באַרג!" —
איר קול — דער קלאַנג פֿון סטראַדעװאַר:
— „זינט, װיװגין, האָסט פֿאַריז פֿאַרלאָזן,
די שטאָט ז'געװאָרן װיסט און פּוסט...
כ'האָב פֿון לאַראָז'ן זיך דערװאַוסט
אַװאו ס'באַהאַלט זיך אױם דער נזיר:
אין אָט-דער װילאַ צװישן בערג...
אַנטשולדיק, אױב כ'האָב דיר געשטערט". —

5.

זײ זיצן שפּעט אױף דער װעראַנדע.
אין סאָד — ציקאַדישער געזעג.
אַריבער זײ — װי אַ גירליאַנדע
לױכט דימענטענער שטערן-װעג:
— „כ'האָב װעגן דיר געלײענט אַזױפֿיל...
עס האָט דאָס לעבן בײז, אָן אױפֿהער
געפּײניקט דיך מיט גרױל און װאָן,
נאָר האָסט געשטעלט אַ װידערשטאַנד.
און סוף-כל-סוף ביזטו דער זיגער
אַרױס פֿון שװידערלעכן שאול —
און ס'האָט דער אומגליק און דער גרױל
דײן מוזע צוגעגעבן פֿליגל.
איצט ביזטו, װיקטאָר, װעלט-באַרימט..." —
זי גיט אַ טוליע זיך צו אים.

---

1) פֿראַנצױזישער אױטאָמאָביל. 2) געפּענטעט.

.6

זי קוקט אויף אים פאַרווירט, פאַרטאַיעט,
און ס׳גלויבט זיך איר נישט, אַז ס׳איז וואָר.
די וואָלקנס — ווי אַ פייגל-סטאַיע —
זיך יאָגן איבערן קוראָרט.
ער קוקט אויף איר מיט נייגער שטומען:
— „אַ דאַנק, מ י ש ע ל, דיר פאַר דיין קומען!״ —
ער קושט איר אויסטערליש געזיכט:
— „און איצט דערצייל מיר וועגן זיך.״ —
און טרויעריק קלינגט־אָפּ איר שטימע:
— „געווען ז׳מיין לעבן ביטער-וויסט —
פון וויטן בראַנזוויל ביז פאַריז —
נישטאָ מיט וואָס זיך צו באַרימען:
געהייראַט כ׳האָב אַ מיליאָנער —
אין קריג איז אומגעקומען ער.״ —

.7

עס מיניעט זיך מיט צער איר פנים:
— „איך האָב געירשנט אַ פאַרמעג.
איך בין שוין דריי יאָר אַן אַלמנה —
און בלינד איך שווים צום חלום-ברעג.
נאָר ס׳בלייבט מיין לעבן קעגן דיינעם,
ווי ס׳בלייבן טונקל קאַניעץ-שיינען
אַנטקעגן גלי פון יוליער זון.
יאָ, כ׳בין געזונט און רייך און יונג...
נאָר וויפיל כ׳זאָל דיר נישט דערציילן,
ווי קאָן מען אויסדערציילן אַלץ?
אויך מיר דאָס לעבן פיין און גאַל
האָט צוגעטראָגן פולן חלק.
כ׳באַשולדיק קיינעם נישט, פאַרוואָר,
ערשט דאָ, לעם דיר, איך זע עס קלאָר.״—

.8

ער זיצט לעם איר, אין טראַנס פאַרטאַיעט.
עס שמעקט איר לייב מיט העליאָטראָפּ.
עס טריפט די נאַכט מיט שטערן-שפּראַיען.
ער גלעט איר זיידן-בלאָנדן קאָפּ.
— „דאָס לעבן מעקט אָפּ אַלע עוולות...״—
און ער דערציילט איר וועגן פ אַ ו ל ע ן

און וועגן נינאַ׳ן ער דערציילט,
די גאַנצע פרייד, דעם גאַנצן גרויל:
— „עס האָבן פינצטערע ממשלות
דעם גייסט באַזיגן נישט געקענט:
אַזאַ געווען איז נינאַ פען,
אַזאַ געווען איז מאַרשאַל יאַלעם—
דער העכסטער מוסטער פון מין מענטש,
זאָל זייער אָנדענק זיין געבענטשט!״ —

.9

מיט הייסן בליק, מיט צער־פולן
הערט אוים מישעל דעם דיכטער׳ס רייד.
איר גוף זיך טרייסלט, ווי אַ לולב —
און ס׳קלינגט איר קול אָפּ, פול מיט פרייד:
— „ס׳זעט אַלץ מיר אוים דאָ — ווי משוגע...
ווי קום איך גאָר צו וויקטאָר וויוגין,
פון דיכטונג רוסישער די קרוין?
מיין גאָט, ווי כ׳פיל זיך פאַר דיר קליין!״ —
זי גיט זיך אויף די קני אַ שליידער,
אויף פנים — אָפּשיין פון נים־הי:
— „איך שטעל זיך, וויקטאָר, אויף די קני,
ניין, נישט פאַר דיר — פאַר דיינע ליידן.
און כ׳האַנק דעם אויבערשטן פאַר זכות:
צו זיין אַן אָנשפּאַר פאַר דיין פוס.״ —

.10

איר קול — ווי ניגון פון אַ טשעלאָ.
ער גיט אַ בויג זיך צו דעם דיל,
מיט שטאַרקער האַנט ר׳הויבט אויף מישעל׳ן
און גיט אַ קוש זי, ווי אַ תפיל.
די אַפּלען, ווי בורשטינענע, גליען:
— „איין מענטש פאַר צווייטן טאָר נישט קניען,
אַ מענטש קאָן קניען בלויז פאַר גאָט.
און איך בין זינדיק — און דאַרף גנאָד...״ —
ער קוקט אויף איר מיט פלאַטער־ציטער:
איר פנים — ווי אַ יונגער כרוב,
ווי ס׳וואָלטן אויף איר פרויען־גוף
די פיינען נישט געהאַט קיין שליטה.
זי פליסטערט היים: — „איך האָב דיך ליב!״ —
און ליפּ באַגעגנט זיך מיט ליפּ.

# זעקסטער טייל: אַבישג

## 1. אַן אָוונט אויף „פיגאַל״1)

### א. ליזאַ בוים

**1.**

געבענטשט זאָל זיין דער זומער־אָוונט
אויף גרין־באַלויכטענעם בולוואַר,
ווען ס׳האָט איר בליק אין פענט געקאָוועט
לאַראָז׳עס אויסגעוואָרצלט האַרץ.
געשטאַנען ז׳ער אויף קרייץ פון ראָגן:
גערוישט דאָס לעבן, ווי אַ חגאָ,
דער טויט — אַ מאַסקן־קאַרניוואַל
אויף פאַרביקן בולוואַר „פיגאַל״.
אויף שילד געוואונקען האָט אַ קלאָון
מיט רויטער נאָז, ווי אין דעליר.
ער האָט איר לייב־גערוך דערשפירט,
ווען זי פאַרביי איז נאָענט, נאָענט.

**2.**

געוועז ס׳געזיכט איר׳ס אויסגעאיידלט,
די אויגן — נעפלדיק און בלוי,
געיאָגט זיך אין איר אָרעם קליידל,
אין גרינעם היטעלע פון שטרוי.
און פלוצעם האָט איר לענגלעך פנים
דערמאָנט אים אָן זיין כלה מאָנאַ,
ווי אַ פאַרגעסן־ווייטער שפּרוך...
צי ס׳האָט זיך אים בלויז אויסגעדוכט?
ער האָט דערשפירט, ווי ס׳וואָלטן שדים
דאָס בלוט צעצונדן פון זיין האַרץ
אויף גרין־צעלויכטענעם בולוואַר
צו דעם געשטאַלט פון אָרעם מיידל.
מיט נישט־געוואַגטן ציטער־שפּאַן
איז ער דעם מיידל נאָכגעגאַן.

**3.**

זי איז פאַרביי אים, ווי אַ פאַנטאָם,
אַ שיף — אין ימ׳ישן טומאַן,
און ווי אַ טרוים, אַ נישט־געענטער,
איז זי פאַרשוואונדן אין „קאַנקאַן״.2)

---

1) גאַס פון קאַבאַרעטן. 2) נאַכט־קאַבאַרע.

ער איז אין נאַכט-קאַפּע געזעסן,
זײַן האָרץ — װי אונטער שאַרף פֿון מעסער.
געװאָיעט האָט דער סאַקסאָפאָן,
מיט טאַץ און פּויק אין אוניסאָן.
עס האָט געשמעקט מיט גרוך פֿון פּוידער,
מיט פּרויען-לײַב אין נעגליזשע.
זײַן אויג — אויף דיל פֿון קאַבאַרע
האָט נאָכגעפאָלגט דעם צויבער-מײדל.

**4.**

און מיטאַמאָל — אין בלויען כישוף
פֿון טונקעלן, געװעלבטן זאַל
איז אויסגעװאַקסן בײַ זײַן טיש
דעם מײדל׳ס צויבערלעך געשטאַלט.
אין קלײד פֿון בלוילעכער טאַפּעטע
האָט זי דערלאַנגט אים ציגאַרעטן:
— „מאָן שער מאָסיע, „קאַמעל״ ע „קענט״ —
לע סיגאַרעט אַמעריקען!״ — 1)
ער האָט אַ נעם געטאָן אַ שאַכטל,
אַװעקגעלײגט אַ הונדערט פֿראַנק.
זי האָט אין שטױנונג אים באַדאַנקט,
מיט שמײכל העפֿליכן און זאַכטן.
זי קוקט אויף זײַנע גרויע האָר
און טראַכט: ער מוז זײַן אַן אַקטיאָר.

**5.**

אַ װײַל באַטראַכט ער זי מיט חידוש.
און מיטאַמאָל האָט, װי אַ ליד,
אַ קלונג-געטאָן איר שטים אויף אידיש:
— „אַנטשולדיקט, איר זענט דאָך אַ איד!״ —
געבליבן איז ער, װי צעטומלט.
און פּלוצעם האָט אַ שװאַרצער „נומער״,
אויף האַנט פֿון מײדל אויסגעקריצט,
געטאָן פֿאַר בליק זײַנעם אַ בליץ.
ער האָט פֿאַרנויגט זיך — און פֿון בענקל
געטאָן האָט ראַפּטאָם זיך אַ הויב:
— „איך װאָלט געװאָלט דיך זען, דערלויב!״ —
און מיט אַ קול, צעפּײַנט פֿון בענקשאַפֿט:
— „װען װערסטו פֿרײַ דאָ?״ — „צװײ פֿאַרטאָג!״ —
— „ע, ביען! 2) כ׳װעל װאַרטן אויפֿן ראָג!״ —

1) מײַן ליבער הער, „קעמלס״ און „קענט״ — אַמעריקאַנער פּאַפּיראָסן!״ —
2) — „נו, גוט!״ —

## ב. שטראַלנדיקע ווידוי

### .1

איר צימער אויפן בוידעם-שטיבל
איז אָרעם-ענג און ציכטיק-העל:
— „איר האָט אויף מיר נישט קיין פאַראיבל
פאַר מיין באַשיידענעם געצעלט!״ —
ז׳איז שיין מיט שיינקייט פון דער יוגנט —
און אים איז ווייניק תענוגים
פאַרבליבן אויף דער זיסער ערד:
די שנאָה אַלץ האָט, אַלץ צעשטערט.
איר נעזל — מיט אַ אידיש האָרבל
איז צאַרט און חנ׳עוודיק און דין.
עס ווייט פון איר מיט פרויען-מין,
מיט קדושה ליכטיקער פון קרבן.
ער קוקט אויף איר, ווי אויף אַ טרוים:
— „ווי רופט מען דיך?״ — „כ׳היים ליזאַ בוים!״—

### .2

— „געווען מיין מאַמע ז׳אַן אַלמנה
דעם טאַטן — אים געדענק איך קוים:
די מאַמע האָט געהייסן מאַנאַ,
דער טאַטע — ליאָווא, ליאָווא בוים.
עס איז דער טאַטע יונג געשטאָרבן,
און זי — די מאַמע — ווי אַ קרבן,
אַ יוגנט-ליבע האָט פאַרצערט,
האָט זי שוין נישט געהייראַט מער.
געהאַט מיין מאַמע האָט אַ חתן,
אַ מאָלער, דוכט זיך... אפשר ניט?..״—
עס גיבן איבער האַרץ אַ שניט
די ווערטער אירע, ווי אַ קאָסע:
— „אין רויטן, זיבעצענטן יאָר
צעשיידט האָט זיי די בייזע וואָר.״—

### .3

עס מערקט נישט ליזאַ, ווי זיין פּנים
זיך ענדערט שנעל — פון ווייס אויף בלאָוו:
— ״געלעבט האָט זייער טראַגיש מאַנאַ,
געליבט דעם מאָלער ביזן סוף.
און שיין געווען איז זי, מיין מוטער...
אין אונדזער וועלט פון מיאוסע ברוטן

איר שיינקייט האָט די ערד פֿאַרבלענדט,
כ'האָב נאָך אַזוינע נישט געזען.
געשפּאַנט האָט זי צום טויטן-קאַמער
צעווישן שוואַרצע, סיווע בערד,
די שענצטע פֿרוי אויף אונדזער ערד —
מיין שיינע, שטראַלנדיקע מאַמע.
אין לאַגער-נעכט פֿון פּיין און גרויל
האָט זי איר גורל מיר דערציילט." —

.4

ער לייגט אַוועק אַ פּעקל פֿראַנקן:
— „דו גיי נישט מער אין קאַבאַרע.
דו דאַרפֿסט דערפֿאַר מיר גאָרנישט דאַנקען,
איך בין אַ רייכער דאָך ראַנטיע.
ס'איז איך, וואָס דאַנק דיר פֿאַר באַקאַנטשאַפֿט.
דאַרפֿסט קויפֿן זיך אַ נייעם מאַנטל,
אַ הוט לויט לעצטן דיר פֿאַסאָן..." —
ער גיט אַ קוש איר אין דער דלאָן.
זי קוקט מיט שרעק אויף פֿרעמדנ'ס פּנים —
און ס'וואַרגן טרערן זי אין קעל:
— „איך נעם אומזיסט דאָך נישט קיין געלט,
איך בין אַ פֿרוי — און נישט קיין נאָנע.
איך בין שוין נישט אַזוי נאַאיוו:
איר האָט אַנאַנדער דאָ מאָטיוו!" —

.5

ער ענטפֿערט: — „ווילסט נישט זיין קיין נאָנע
און ווילסט אומזיסט פֿון מיר קיין געלט,
ע ביען! כ'וויל אויסקלעפּן דיין פּנים.
איך דאַרף אַ נייע איצט מאָדעל.
כ'בין נאָך נישט אַלט, ווי מלך דוד,
נאָר ס'נענטערט זיך מיין לעבנס-אָוונט.
און דו — אין גרויער דעמער-שיין
דו קאָנסט נאָך מיין אבישג זיין." —
זי גיט אַ קוש אויף באַק אים איידל:
— „דו ביזט אַ מייסטער פֿון געמעל!
כ'בין גרייט צו ווערן דיין מאָדעל,
אויב ווילסט נישט, איך זאָל זיין דיין מיידל.
און מאָרגן..." — קלינגט איר קול מיט פֿרייד:
— „באַשטעל איך מיר אַ זיידן קלייד." —

## ג. הייליק איז זי, ווי אַ קינד

**1.**

אויף מאָרגן איז געקומען ליזאַ
צום סקולפּטאָר פּרי אין אַטעליע.
זי קוקט אויף מירמלביוסט און קיזל,
איר האַרץ — אַ פלאַמעדיקער סנה.
זי שפּאַנט-אום אין געוועלבטן צימער.
זיין האַרץ פון אירע ליבן הימענט
און ס'חידושט אים איר פיינער גוסט,
איר מיינונג וועגן יעדן ביוסט.
זי פליסטערט שטיל: — „כ'בין דיך מקנא,
דו לעבסט אין צויבערלעכער וועלט...
נו, כ'בין דאָך איצטער דיין מאָדעל,
ווען וועסטו קלעפּן מיך, קאַכאַנעק?
כ'וועל הינטער שירמע דאַ, בערנאַר,
זיך אויסטאָן, בלויז אַ רגע וואַרט..." —

**2.**

אויף האַרץ, צעוואונדיקטן פון ליבע,
די ווערטער פאַלן שווער, ווי העק.
ער קוקט אויף איר מיט אויגן טריבע —
און דער באַגער אין בלוט זיך וועקט:
— „ניין, ליזאַ, נישט דיין לייב, דאָס שיינע...
אַ, לאָז פאַראייביקן אין שטיין מיך
דיין יונגן בליענדיקן קאָפּ." —
ער שטעלט זי ביי דער שירמע אָפּ.
ער נעמט אַ דלאָט פון מייסטער-טישל,
דעקט-אָפּ אַ ווייסן קיזלשטיין:
— „אַ דאַנק, וואָס דו ביזט אַזוי שיין!
כ'האָב לאַנג געוואַרט אויף דיר, אַבישג.
זאָל זיין געבענטשט דיין קומען איצט!" —
און ס'גיט די דלאָט אין שטיין אַ בליץ.

**3.**

עס פליסן טעג און נעכט פאַריזער,
ווי ס'פלעכט זיך גראַם מיט אַסאָנאַנס.
און יעדן טאָג צום סקולפּטאָר ליזאַ
קומט אויף דריי-שעה'יקן סעאַנס.
ער טראַכט: — 'כ'האָב נאָך איר ליבע זיסער,
'ווי ס'בענקט נאָך ענגער צעל פון תפיסה,

'אַ לאַנג־באַפּרייטער אַרעסטאַנט,
'געבענקט אין ווייטיק און אין וואַן.
'איצט, ווען געשיקט האָט זי דער גואל
'פאַר יאָרן פּייניקונג — אַ שכר,
'ווי וועט מיין אויסגעוואָרצלט האַרץ
'דאָ קאָנען ביישטיין דעם נסיון?
'נאָר ליזאַ ז'הייליק, ווי אַ קינד,
'באַרירן זי — ז'די גרעסטע זינד...' —

4.

עס פליסן טעג. אין ל י ז אַ ס חדר
ער זיצט פאַרווירט ביי אירע פיס.
ווי מאַמעס שמייכל, ז'מילד און פריידיק
דער זומער־אָוונט אין פאַריז.
ער וואַרפט די בליקן איבער צימער —
און פלוצעם גיט פאַר אים אַ שימער
אַ פאַרביק בילד, אַ „נאַטיר־מאָרט": 1)
אַ טיש, אַ ברויט, אַ פּאָמידאָר.
ער שטעלט זיך אָפּ פאַרגאַפט ביים בילדל:
עס איז די צייכענונג נאַאיוו,
נאָך שוואַך און רוי און פּרימיטיוו,
נאָר ס'ווייט דערפון מיט קראַפט מיט ווילדער.
ער גיט אַ שטרעק פאַראויס די האַנט
און נעמט דאָס בילד אַראָפּ פון וואַנט.

5.

ער קוקט אויף ל י ז אַ 'ן אַ צעשטראַלטער —
און ס'קלינגט זיין קול אָפּ צאַרט און באַנג:
—„דו האָסט פאַר מיר אַ סוד באַהאַלטן.
דערצייל מיר, ל י ז אַ , מאַלסט שוין לאַנג?" —
דאָס מיידל גיט אַ זיפץ אַ שטילן:
— "כ'געדענק אין „לאַגער" האָט דער פרילינג
געשמעקט מיט בלוט און רויער ערד..." —
און ס'פינקלט אין איר אויג אַ טרער:
— „אויף נאַרעס, שימלדיק און קויטיק,
מיט שוואַרצן קויל אויף גרויע ווענט,
מיט קראַנקע, פרירנדיקע הענט
האָב איך געמאָלן גרויסע ברויטן.
און ס'האָט די סלינע אַזש פון מויל
גערונען מיר פון הונגער־גרויל.

1) אַ „שטיל־לעבן" בילד.

**6.**

— „און איינמאָל — אויף די ברעטער שמאָלע
פון אונדזער הינקענדיקן טיש
מיט גרינעם קרייד כ׳האָב אויסגעמאָלן
אַ גרויסן, לעבעדיקן פיש.
געווען דער פיש, ווי איך, איז שלאַבריק,
מיט גרינע, לעכצנדיקע זשאַברעס,
מיט ליסקעס — זשאַווערדיק זאַליעז,1)
אַ פיש — אַ לעבעדיקער מת.
האָט זיך דער עולם פון די נאַרעס
צום גרינעם פיש געטאָן אַ לאָז:
מיט גיר און הונגער און פאַרדראָס
געפלאַקערט האָבן בליקן שטאַרע.
איך האָב דערשראָקן זיך פאַר זיי —
און קוים דערשטיקט אַן אויסגעשריי.

**7.**

— „האָט מיך אַ נעם-געטאָן די מאַמע
אין אירע אָרעמס: — ׳ניטע, קינד!
׳דו האָסט צערייצט דאָס גאַנצע קאַמער
׳און ווײ-געטאָן זיי — ס׳איז אַ זינד.
׳אַז מענטשן הונגערן כסדר
׳און האָבן נישט קיין שיך און קליידער,
׳מע טאָר נישט מאָלן אויפן טיש
׳קיין ברויט, קיין בגד, צי קיין פיש.
׳אַמאָל וועסטו נאָך גיין אין שולע
׳און זיין אַ מאָלערין, מיין קרוין...׳—
האָב איך אין פּחד זיך צעוויינט
און זיך צו׳ר מאַמע׳ן צוגעטוליעט.
זינט דאָן, מע זאָל מיר געבן גאָלד,
כ׳האָב מער אין „לאַגער״ נישט געמאָלט.״ —

**8.**

ל אַ ר אָ ז האָט סוף-וואָך זיך באַוויזן
אין ל י ז אַ ׳ ס אָרעמער מאַנסאַרד:
— „ס׳איז אַלץ באַשטימט שוין, ל י ב ע ל י ז אַ,
וועסט לערנען אין „עקאָל באָז׳אַר״.2)
כ׳וועל זאָגן דיר, מיין פריינט, דעם אמת:
„באָז׳אַר״ איז צופיל אַקאַדעמיש,

---

1) אייזן. 2) קונסט-שולע.

עס ווייסט דערפון גאַנץ „מאָנפּאַרנאַס“, 1)
נאָר ס'איז פאַר דיר ווי צוגעפּאַסט.
זיי האָבן גוטע פּראָפעסאָרן,
באַזונדערס אין דער צייכנונג־קונסט,
וועסטו דאָרט אַלץ זיך ביזן גרונט
דערלערנען שנעל, איך בין דיר ערב.
דאַרפסט, ליזאַ, זיך נישט קווען מער:
דעם מאָנטיק הויבסטו אָן די לער.“ —

.9

זי גיט אַ שפּרונג אויף פון דער סאָפע
און נעמט אַרום אים אין דעליר:
— „בערנאַר, מיין ליבע און מיין האָפנונג,
וואָס וואָלט איך דאָ געטאָן אָן דיר?
מיט וואָס קאָן איך דיר, זאָג, באַצאָלן?
אַלץ, וואָס איך האָב אין מיין ממשלה,
ז'מיין לייב — מיין איינציקער פאַרמעג —
פאַר גאָר דיין גוטסקייט אָן אַ ברעג...
נאָר דו מיין לייב ווילסט נישט באַרירן,
ווי כ'וואָלט געווען אַ טמא שאָף...
וואָס קומט מיר, פריינט, אַזאַ מין שטראָף,
אָ, זאָג דעם אמת מיר, אָן חקירות.“ —
זי גיט אַ שמייכל, בייז און שלוי:
— „כ'געפעל דיר גאָרניט, ווי קיין פרוי?“ —

.10

אין מוח בריט אים איר פּאַראַיבל,
ווי הייסער, אָנגעגליטער שרויט:
— „עס איז פאַראַן אַנאַנדער סיבה,
וואָס גרויזאַם איז זי, ווי דער טויט!“ —
גיט ליזאַ'ס שטים אַ קלונג היסטעריש:
— „דו רעדסט צו מיר אַזוי מיסטעריש,
אַז אָפט כ'פאַרשטיי דיך נישט, בערנאַר!“ —
און ס'שטעלט זיך שיער נישט אָפּ זיין האַרץ.
ער קוקט אויף איר מיט זיסער טריבשאַפט:
— „איך האָף צו ברעכן דעם פאַרבאָט,
דאַן כ'וועל אַנטפּלעקן דיר דעם סוד,
ווען קומען וועט די שעה פון ליבשאַפט.
דערווייל קום נעמען אַ „טאַקסי“,
עס וואַרט אויף אונדז אַ פלאַש שאַבלי.“ — 2)

---

1) קינסטלער־קוואַרטאַל אין פּאַריז. 2) ווייַן.

## 2. די עלטער האָט באַזיגט די יוגנט

### א. אַ חלום

.1

עס שמעקט אין הויך־געוועלבטן חדר
מיט קיזל־שטויב און פרישן גרעט.
עס גיט אַ פאַל אין זיינע קליידער
לאַראַז אויף נישט־פאַרבעטן בעט.
ער וואַרפט זיך לאַנג אויף זיין געלעגער,
ביז ערגעץ קלינגט אַ מידער זייגער
די פריע שטונדן, ווי אַ שטראָף —
און ער פאַרזינקט אין זומפּ פון שלאָף.
ער זעט אין חלום: אַ געווימל,
ווי ס׳וויימע רוישן פון אַ וואַלד.
און קעפּ אויף קעפּ — אין טונקלען זאַל.
און ער, לאַראַז — אויף הויכער בימה,
ער קוקט מיט הייליקייט און פאָרכט:
אין גרויסן זאַל — קיין פּיפּס, קיין שאָרך.

.2

ער זעט: נאָך זעקס מיליאָן קדושים
דאָ ברענען, פלאַטערן זעקס ליכט,
מיט יראה בויערן דעם חושך —
און אין דעם חושך — איין געזיכט.
ער קוקט מיט פּיין זיך איין אין פנים:
אַריבער שטראַליקע מיליאָנען —
אין רויטן, שייטערדיקן ראָד —
עס איז דאָך מאָנאַ׳ס פנים, גאָט!
ער זעט: עס גרייכט דער ים פון פלאַמען
ביז מאָנאַ׳ס אויסגעשטרעקטע הענט —
און ווי אַ קרבן, ס׳האַרץ זיינס ברענט
מיט מאָנאַ׳ן אין דעם בראַנד צוזאַמען.
און ס׳גרייכן פלאַמען ביזן האַלדז —
און ס׳ברענט שוין אַלץ און ס׳פלאַקערט אַלץ.

.3

נאָך אָוונט־ברויט צו זיך אין חדר
האָט זי לאַראַז אַרויפגעבראַכט.
זי האָט דאָס נעזל אָנגעפּוידערט
און איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט.

און מיטאַמאָל — אין שטילער תמימות
האָט העל צעקלונגען זיך איר שטימע:
— „בערנאַר, פאַרשטיי: איך האָב דיך ליב!" —
און גיט אַ קוש אים אויף דער ליפּ.
זי ציט אַראָפּ די שוואַרצע בלוזע
און וואַרפט אַרונטער די „שעמיז" —
עס בלאַנקען אירע שלאַנקע פּים.
און ס'גיט אַ בלענד דער הוילער בוזעם.
ער שטייט פאַרגליווערט, ווי אַ שטיין:
— „ווי שיין, אַבישג, ביזט, ווי שיין!" —

.4

דאָס בלוט אין שלייפן האַמערט, האַמערט.
און פּלוצעם — זע: פון בריסט ביז היפט
איז ליזאַ'ס לייב באַדעקט מיט שראַמען —
אַ ברוינע, גרווילנדיקע שריפט.
ער שטאַרט אויף קערפּער, ווילד־צעשונדן,
אויף ברוינע לאַנג־פאַרהיילטע וואונדן.
אין סקולפּטאָר'ס אויגן בליצט אַ טרער:
— „אָ, ווער געשענדט דיין לייב האָט, ווער?" —
זי קוקט אויף אים מיט בליקן־גרוילן:
— „ס'איז שווער, צו־שווער מיר צו דערציילן...

.5

— „נאָך חורבן־געטאָ — מיט דער מאַמע'ן
בין איך אין „לאַגער" שוין געווען.
מע האָט אָן לעבן זיך געקלאַמערט
מיט קאַלטע, הונגעריקע הענט.
כ'געדענק: די צווייטע וואָך אין „לאַגער".
עס איז געווען אַ קאַלטע פאַגע.
האָט צו דעם נאַצי־קאָמאַנדיר
אַ „יודנראַטלער" מיר געפירט.
עס איז געווען אין צימער וואַרעם.
איך זע: אויף שיין־געדעקטן טיש —
מאַכלים הייסע: פליש און פיש —
אַזש ס'זעצט אַרוים פון זיי אַ פּאַרע.
איך שטאַר מיט אויגן — גרוים און ברייט —
אויף טיש מיט פליש און פיש און ברויט.

.6

— „און ווי פון הימלישע געזאַנגען,
איז פון דער אויסטערלישער שפּייז
דער ריח מיר אין נאָז פאַרגאַנגען —
און כ׳האָב געטאָן צום טיש אַ שפּרייז.
איך האָב אָן אַלץ, אָן אַלץ פאַרגעסן.
איך האָב זיך צוגעכאַפּט צום עסן,
אַ וואָלף — אין הונגעריקן וואָן —
און אָנגעשטאָפּט זיך, ווי אַ גאַנדז.
און מיטאַמאָל — האָט פרעך און גיריק
אַ שלעפּ־געטאָן מיך, ווי אַ שד,
אַ וואָרף־געטאָן מיך אויפן בעט
דאָס מיאוסע נאַצי־אָפיצירל,
אַ ריס־געטאָן פון מיר דאָס קלייד —
איך האָב דערזען פאַר זיך דעם טויט.

.7

— „און ס׳האָט דאָס נאַצי־אָפיצירל
מיט בלייען־בייטשל אין דער האַנט
סאַדיסטיש, וואַנזיניק און גיריק
מיין לייב צעפּאַסעוועט אין בראַנד״. —
ער זעצט זיך לעבן איר אַנידער
און קוקט פאַרשטאַרט אויף אירע גלידער —
און מיט אַ פאָטערלעכער האַנט
ער גלעט איר פּנים, ווי אין וואָן:
— „עס האָט די ווילדע נאַצי־חיה
נישט בלויז דיין קערפּער דאָרט געשענדט,
נאָר גאָט׳ס געשטאַלט אין דמות פון מענטש
האָט ער פאַרשוועכט, דער בייזער ק י ן.
נאָר הייליק ביזט מיר, ווי אַ קינד,
נאָך הייליקער — אין דיינע זינד.

.8

— „אָ. זינט כ׳האָב ל י ז אַ, דיך געטראָפן,
געהאָפט, וועסט ברעכן דעם פאַרבאָט.
און איצט האָסטו דערפילט מיין האָפענונג —
איז צייט אַנטפּלעקן דיר מיין סוד.״ —

## ב. דער סוד

1.

אויף סאָפע אויסגעשטרעקט ליגט ליזאַ
אין סקולפּטאָר'ס גראַמען אַטעליע.
דער שוויים פון שטערן זיינעם ריזלט.
זיין האַרץ — אַ פלאַמעדיקער סנה.
און ער דערציילט איר מיט פיל פּרטים:
— „אַמאָל אין קיעוו געשוואוירן האָט מיר
אַ מיידל ליבע ביים „סאָבאָר",
צוריק מיט קנאַפּע דרייסיק יאָר.
דערנאָך איז פּלוצעם זי פאַרשוואונדן...
ווען כ'האָב געפונען זי — מיין ציר, —
ז'געווען פאַרהייראַט זי צום גביר —
און ס'פּײַנט מיין האַרץ זינט דאַן אין וואונדן." —
ער קוקט אויף ליזאַ'ן מיט פאַרטרוי:
— „געווען ז'דיין מוטער יענע פרוי." —

2.

אַ ווייל ער שלאָגט זיך מיט דער דעה:
— 'דערציילן איר פון מיאוסן ביוסט?
'אָט שטייט ער דאָרט, אין ווינקל גרויען:
'געמיש פון צניעות און פון לוסט.
ער לאָזט זיך גיין. אין אויגן — פלאַמען.
ער גיט אַ הויב דעם שווערן האַמער —
און לאָזט אַראָפּ אים מיטאַמאָל
אויף ביוסט, געהילטן אין טשעכאָל.
און ס'פאַלט צעשמעטערט „מאָנאַ-ליזאַ"
אין ברוכשטיקער צו זיינע פיס...
און ליזאַ כאַפּט זיך אויף: — „וואָס איז?..." —
— „צעבראָכן זיך אַ שטיקל קיזל...
נישט זאָרג, מיין טייערע, פאַרוואָר..." —
אין האַלדז בלייבט שטעקן אים דאָס וואָרט.

3.

און מיטאַמאָל — אַ הויב פון סאָפע —
זי לאָזט זיך שפּאַנען צו דער טיר:
— „איך וועל אַ נאַכט זיך איבערשלאָפן —
און ברענגען מיין באַשלוס צו דיר!" —

## ג. תפילה'דיקע הענט

.1

לאַראָז האָט גאַנצע טעג געאַרבעט
מיט דלאָט און האַמער איבער שטיין.
די שעה'ן יאָגן זיך, ווי שפּאַרבערס —
נאָך רויב — מיט שטשירנדיקע ציין.
אין האַרצן בליט אַ נייע וויזיע...
ער וואַרט און וואַרט אויף ענטפער ליזאַ'ס:
— 'מיין גאָט, וואָס זיין וועט איר באַשלוס?' —
און ס'וואַקסט און וואַקסט אַ נייער ביוסט.
און מיטאַמאָל — אויף מידע אַפּלען
שפּרייט־אויס זיך שיטערער טומאַן...
דער האַמער שטעקן בלייבט אין האַנט —
און ס'נעמט אין ברוסט אים צאַפּלען... צאַפּלען...
ער פאַלט אַרונטער צו דעם דיל —
און בלייבט דאָרט ליגן שטיל, שטיל, שטיל,

.2

און ביי דעם פענצטער, ביי דעם בלויען,
ווי פליגל־שפּרייט פון אָדלער־שוואונג,
געבליבן שטיין איז אַ חזיון,
אַ ביוסט, וואָס פעכלט, ווי די זון.
דער דמות פון בתולה — אייביק־אישה,
אַ זינדיק־פרום געשטאַלט אבישג,
אַ טרוים מיט ווייסע שוואַנען־הענט,
וואָס שטראַלט און פעכלט און פאַרבלענדט,
ווי לוסט, געלייטערטע פון בושה,
ווי ליבע, אויסגעלייזט פון זינד,
מיט קלוגן שמייכל פון אַ קינד,
ווי טומאָה, דורכגעשטראַלט פון קדושה.
דער הימל וואונדערט זיך אין גאַף
אויף סקולפּטאָר'ס ליכטיקן באַשאַף.

.3

ווי לאַנג ער איז אַזוי געלעגן
פאַר'חלש'ט — דאָס געדענקט ער נישט.
אויף שויבן האָט אַ דריבנער רעגן
געקלאַפּט דורך נאַכט און פינצטערניש.
געהערט ר'האָט, דוכט זיך, עמיץ קלאַפּן —
און ווי אין חלום — בלויען קאַפּאָר

אַרום אַ בלײַך געזיכט געזען,
און צאַרטע, שרעקעוודיקע הענט.
ס'איז עמיצער אַרײַנגעקומען:
אַ מאַן — און הינטער אים — אַ פרוי,
געגעלעט זײַן פּנים צאַרט אַזוי
מיט מאַמעדיקע הענט, מיט פרומע.
ר'וויל עפּעס זאָגן, נאָר זײַן קול
איז האַרט און בראָכיק, ווי קרישטאָל.

.4

דער ווײַטיק אין אַ שלײַף נאָך האַמערט.
ער ליגט פאַרטאַיעט ווי אין פּענט.
ס'געשטאַלט — ווי איבער ליכט — זײַן מאַמע,
הויבט־אויף די תּפֿילה'דיקע הענט.
אין ראַם פון בלויענדיקע שויבן
מיט בענטשנדיקע הענט דערהויבן,
זי שטייט אַ שטומע ביי זײַן בעט
אין פרום עקסטאַטישן געבעט.
די שאָטנס — פינצטערע נפֿילים —
פון וואַנט פאַרשווינדן אין גאַלאָפּ —
און ס'פאַלט אויף פיבערדיקן קאָפּ,
ווי טוי, איר מאַמעדיקע תּפֿילה.
עס גיט אַ טריפּע זיך זײַן האַרץ.
ער ווייסט: צעריסן איז דער גזר.

.5

זי פריעט מילך אין ווייסן פענדל
און האַלט אויף אים אַ וואַכיק אויג.
דאָס פלעמל פלאַטערט, ווי אַ הענדל,
אין ליכט־און־שאָטנדיקן נויג.
ער הערט זיך צו מיט בליקן שטומע:
— „כ'בין היינט פאַרפרי צו דיר געקומען,
ווי כ'וואָלט געהאַט אַ פאַרגעפיל —
און דיך געפונען אויפן דיל.
איך האָב אַ דאָקטאָר באַלד גערופן.
ער זאָגט: ס'איז מידקייט, זאָרג דערצו.
דו דאַרפסט אַ וואָך פון פולער רו —
דאָס איז די איינציקע, די תּרופה.
און איצט אויף אייביק איך פאַרבלייב
מיט דיר — דײַן „שוועסטער" און דײַן ווייב." —

# זיבעטער טייל: דער גרויסער ליקווידאַטאָר

## (וויוגינ׳ס פּאָעמע וועגן סטאַלינ׳ען)

אין פּיין, אין ווייטיק און אין מאַטער,
דורך פיבערדיקע נעכט און טעג,
דאָס בילד פון גרויסן ליקווידאַטאָר
האָט וויוגין פאַר דער וועלט אַנטפּלעקט:

### 1. אַ נאַכט אין מאָסקווע 1939

אַ גאַנצן, לאַנגן טאָג — פון פּראָסטיקן קאַיאָר —
פּאַראַד אויף „רויטן סקווער" —און פאָנען בליען, וועלקן:
עס פייערט רוסלאַנד היינט מיט פּאָמפּ די זעכציק יאָר
פון אויסדערוויילטן „וואָזשד"1), דעם „פאָטער פון די פעלקער".
עס שטייט פאַר אים אַ לאַנד פון שקלאַפן אויף די קני
און טשאַדיעט ווירויך אים פון לויב-געזאַנג און חניפה.
און ער? פון חונפים מיד, אַוועק איז ער פאַרפרי
צו זיך אין קאַבינעט מיט באַלקנס שווערע, שיפע.
די נאַכט איז פול מיט חשד, מיט אומצטרוי און שרעק,
די נאַכט איז טראָגעדיק מיט אָנקום פון אַ שטורעם.
אַ יונגער מולד הענגט — אַ בלוטיק-רויטער פלעק —
אַ דראָענדיקע שווערד אויף שפּיץ פון קרעמל-טורעם.

אויף טרעפּ אויף שטיינערנע די נאַכט — אַ שוואַרצע שפּין —
אויף ווייכע טעפּיכער קריכט-אום מיט פינגער וואַכע.
און דאָ אין קאַבינעט — דער גרויזאַמער גרוזין
שפּאַנט-אום מיט דראָבנע טריט און אומעטיקן פּחד.
ער קוקט: און ס׳דוכט זיך אים — פון ווענט און פון סופיט
עס לויערן אויף אים אַזויפיל טויטע אויגן...
און ס׳הילכן אין דער נאַכט נערוועזע, גיכע טריט —
און אַקסלען ציטערן — און בויגן זיך און בויגן...
ער פאַלט צום שרייבטיש צו, שווערמוטיק און מאַסיוו —
און בליקן בלאָנדזשען-אום אין ווילנלאָזן פלאַטער.
און פּלוצעם טוט אַ ברי אויף הויכן סטאָס פון בריוו
אַ בלווילעכער קאָנווערט אין אויגן פון דיקטאַטאָר.
ער עפנט דעם קאָנווערט. די פינגער לויפן שנעל,
די בליקן — שנעלער נאָך, ווי פייערדיקע שפּוגעס:
אַ לאַנגער, לאַנגער בריוו פון וואַנאַ מאַראַקעל,2)
אַ פריינט נאָך פון טיפלים, אַ חבר פון דער יוגנט.

---

1) פירער. 2) גרוזינישער רעוואָלוציאָנערער דיכטער.

## 2. אַ בריוו פון סיביר

— „מיין ליבער סאָסאָ1), כ׳שרייב אַצינד צו דיר
פון וויסטן קאַנט, פון דערפעלע קורייקע.
שוין פופצן יאָר איך זיץ דאָ אין סיביר,
וואו ס׳קריכן מיינע טעג, ווי קרומע הויקערס.
כ׳בין דיינס אַ פריינט פון קירכן-סעמינאַר,
אַ יוגנט-פריינט פון יאָרן פון טיפליסער:
ס׳האָט, סאָסאָ, דיך פאַרשיקט אַהער דער צאַר,
און מיך האָט דיין „טשעקאַ” פאַרשיקט אין תפיסה.

— „געדענקסט טיפלים? געברויזט האָט יוגנט העל,
ווי טייך קוראַ, אין פרילינג זיך צעגאָסן:
האָסט מיך גערופן „רויטער מאַראַקעל”,
און דיך גערופן האָב איך „שוואַרצער סאָסאָ”.
געדענקסט דעם סעמינאַר, דעם סאָד אין בעז,
די טעג — ווי וויין, די נעכט מיט גרויסע שטערן?
מיר האָבן דאָרט געלייענט דעם „מאַניפעסט”,
מיר האָבן מאַרקס׳ן ביידע דאָרט געלערנט.
מיר זיינען דאַן נאָך יונג געווען — און זיס
איז אונז געווען דער פרייהייט-טרוים, ווי טרויבן.
און ס׳האָט דאָס לעבן אונדז די יונגע פיס
באַפליגלט דאַן מיט האָפענונג און גלויבן.
יאָ, דו און איך — צעווישן גרוזיע׳ס זין:
צוויי יונג-אָדלערס מיט קוים-צעשפּרייטע פליגל —
גע׳חלומ׳ט האָבן מיר נישט איינמאָל ביז באַגין
באַפרייען אונדזער לאַנד פון אונטער צאַרסקן ריגל.

— „געווען איז דאָס צוריק מיט פערציק יאָר,
ווען מ׳האָט פון סעמינאַר דיך אויסגעשלאָסן.
און פּלוצעם רופט מען מיך צום פּראָקוראָר...
(מע האָט געשמועסט: דו ביזט געווען דער מסור!)
עס איז צו אונדז דערגאַנגען דאַן אַ קלאַנג
פון דיינע מאָדנע, גאָר-נישט שיינע טאַטן.
מע האָט גערעדט: דיין חבר שאַומיאַן2)
האָסטו אין בלינדער אייפערזוכט פאַרראַטן.

1) סטאַלינס גרוזינישער צונאָמען.

2) באַרימטער גרוזינישער באָלשעוויק, וועמען מען האָט גערופן „דער לענין פון קאַווקאַז”.

—„כ׳האָב נישט געגלויבט. נאָר גרויזאַם, ווי אַ ראַק,
געפּרעסן האָבן חשדים און פאַרדראָסן.
איך האָב געהאָפט: אויף ברייטן לעבנס־טראַקט
וועל איך אַמאָל זיך טרעפן מיט מיין סאָסאָ׳ן.
איך וועל אַ שויבער־טאָן די שווארצע האָר,
איך וועל אַ קוק־טאָן דיר אין אויגן שטאַרע —
און ס׳וועט דיין בליק דערציילן מער פון וואָרט,
און ס׳וועט דיין בליק מיך, ברודערל, נישט נאַרן...

***

— „כ׳האָב יאָרן־לאַנג אויף דער מינוט געוואַרט
אין טיפער פיין, אין וויטיק און אין ספיקות —
און אָט געקומען איז אַ טאָג אין יאַנואַר
פון ניינצן־פערצן אין דעם דאָרף קורייקע.
כ׳געדענק דעם טאָג, אַ פראָסטיקן, ווי גלאָז.
געלעגן איז דער שניי — ווי היטלען אין די ראָוון.
ס׳האָט מיך געבראַכט אין דערפעלע די „פּאָסט".
דו האָסט געוואוינט אין כאַטקע מיט סווערדלאָוו׳ן.[1])
איך בין שוין דאַן געוועזן אַ באָלשעוויק,
און היים, ווי דו, געגלויבט אין לענינ׳ס תורה.
איך קום אַריין אין שטוב — און ס׳האָט דיין טיגער־בליק
באַגעגנט מיך מיט אומצטרוי און מוראָ.

— „איך האָב צו דיר אַ שטרעק־געטאָן די האַנט
און דורכגעשפּיזלט דיך מיט בליק מיט קאַלטן:
דו האָסט געמאַכט פאַראויס אַ צוויי־דריי שפּאַן —
און האָסט פון מיר דעם בליק דיינעם באַהאַלטן.
איך בין מיט אייך געבליבן איבער נאַכט
און אייך דערציילט פון לעצטע הייסע טאַטן.
דו האָסט געהערט מיט פאַרזיכט און פאַרדאַכט —
כ׳האָב יענע נאַכט דערשפּירט: דו האָסט פאַרראַטן!
פאַרטאָג בין איך מיט דיר אַוועק אויף יאַגד.
דו ביזט דעם גאַנצן וועג געוועזן אין זיך פאַרשלאָסן.
געוועזן דיין בליק איז שטאָליק, ווי אַ האַק —
כ׳האָב נישט דערקענט אין דיר דעם אַלטן סאָסאָ׳ן.

— „געדענקסטו, סאָסאָ, יענעם וואַלד־שפּאַציר
אין פרי־באַגין, אין טאַיגע טיף־פאַרשנייטער?
מיר שפּאַנען שטיל. און ס׳שפּאַנען נאָך, איך שפּיר:
נאָך אונדז די שאָטנס פון חברים טויטע.

---

1) באַרימטער באָלשעוויק

מיר גייעןביידע שווייגנדיק ביינאַנד.
עס שפּילט דער פראָסט, ווי וויינברויז, איבער צווייגן.
דער טאַש אין האַנט, די ביקס אין צווייטער האַנט.
עס סקריפּעט שניי אין דרעמלענדיקער טאַיגע.
פון צייט צו צייט איך גיב אויף דיר אַ קוק:
דיין בליק איז שטאָל, אויף וואַנצעס רוט אַ שמייכל.
און בלויז דאָס רעכטע אויג טוט ווען-ניט-ווען אַ צוק —
און ווידער הענגט דיין בליק אויף פראָסטיק-שטילע הייכן.
ס'איז הילכיק-שטיל און אימה'דיק און העל
דער בלוי-באַגין אין דרעמלענדיקער טאַיגע.
עס שפּילט דער פראָסט מיט סאָסנע און מיט יעל —
און פיינלעך-זיס און מוראַ'דיק דאָס שווייגן.

— „עס שפּילט דער פראָסט מיט בלוילעכן קאַיאַר,
און ס'לייגט זיך דער געפּריר אויף זוים פון פעלצן.
איך זוך אַ וואָרט, אַן איין-און-איינציק וואָרט,
וואָס זאָל דעם שטאָל פון בליק דיינעם צעשמעלצן.
איך שפּיר דאָס וואָרט אויף גומען, ווייך און זיס...
עס פליט פאַרביי אַ גרויסער, ווייסער פויגל:
אַ שאָס און צוויי — און ס'פאַלט צו דיינע פיס
דער ווייסער פויגל מיט פאַרגלייזטע אויגן.

— „דו הויבסט דעם פויגל רואיק אויף פון שניי —
און ס'שפּריצט זיין בלוט אין פרירנדיקן עטער.
עס טוט אַ ריס אין מאַרך: אַ שאָס, צי צוויי —
און ליגן טויט אויף שניי וועסטו, פ א ר ע ט ע ר...
איך גלעט די ביקס... ז'איז שטאָליק-קיל און גלאַט.
זי זאָל נאָר נישט אַ ציטער-טאָן אין שפּאַנען...
עס וועט מיין קויל באַצאָלן פאַר פאַרראַט
צו אונדזער לאַנד, צו מיר און ש א ו מ י א נ'ע ן...
כ'הויב-אויף די ביקס... נאָר פּלוצעם טוט אַ שפּרונג
פון בוים אויף דיר אַ חיה אַ געפלעקטע.
דו פאַלסט צו דר'ערד — אַ שווערער, ווי טשוהון —
און ס'בלייבט מיין האַנט אין לופט אַן אויסגעשטרעקטע.
אין אויגן דיינע שרעק... און בלויז אויף איין מינוט
האָב איך דערזען פאַר זיך דעם א ל ט ן ס א ס א'ן,
מיין יוגנט-פריינט... אַ רגע בלויז... כ'האָב אויסגעשאָסן —
און ס'ליגט די חיה טויט אין קאַליוזשע מיט בלוט.

— „מיר האָבן שווייגנדיק צוריק געשפּאַנט.
ס׳איז טאָיגע נאָך געהילט געווען אין בלויען.
איך ווייס ביז איצט נישט, צי האָסטו געאַנט
די טויט געפאַר, וואָס האָט אויף דיר געלויערט.
דעמזעלבן טאָג בין איך פון דאָרף אַוועק
אויף נייעם מאַרטער און אויף נייע טאַטן.
ס׳איז קלאָר געווען פאַר מיר מיין לעבנסוועג:
איך וועל מיין לאַנד, מיין גרוזיע, נישט פאַרראַטן.

— „דערנאָך? דערנאָך — דריי לאַנגע יאָר סיביר.
מיט טעג און נעכט צעוואַונדיקטע און לאָמע:
עס האָט אין לאַנד געבושעוועט ווילקיר,
עס האָט אין לאַנד געבושעוועט מלחמה.
און דאָ האָט פּלוצעם אונדז אין וויסטן העק
דערגרייכט די העלע, פרילינגדיקע בשורה,
אַז ס׳האָט דאָס אייז געבראָכן זיך ביים ברעג,
אַז ס׳האָט אַ קנאַל-געטאָן דער גרויסער שטורעם.
האָט זיך אַ ריר-געטאָן סיבירער סטעפּ,
אַ הויב-געטאָן פון וויסטע נע-ונד׳ן —
און ס׳האָט די שטורעם-כוואַליע מיך פאַרשלעפּט
אין ווירבל-דריי אויף גאַסן פּעטראָגראַדער.

— „איך ווייס נישט, וואָס פאַר דיר האָט עס געמיינט,
צי ס׳איז די פרייהייט דיר געווען דאַן טייער.
פאַר מיר איז קלאָר געווען: ס׳האָט אַלץ געלוינט,
ס׳וועט איצט מיין לאַנד, מיין גרוזיע קריגן פרייהייט.
צעפּולווערט לענין האָט די וועלט פון שקלאַפעריי:
׳ס׳טאָר שטאַרקער פאָלק נישט הערשן איבער שלאַפערם,
׳ווייל ס׳קאָן די מענטשהייט קיינמאָל נישט זיין פריי,
׳אויב ס׳לעבט איין פאָלק אין פינצטערער פאַרשקלאַפונג.׳

**
*

— „און אָט האָט אָפּגערוישט דער בירגער-קריג.
עס וואַרט מיין פאָלק אויף לאַנג-געגאַרטער פרייהייט:
עס האָבן זין פון גרוזיע דעם זיג
געבראַכט אַ רייכן, ליכטיקן צושטייער.
עס איז פאַרביי דער יום-טוב פון רעוואָלט,
געקומען איז דער גרויער איינדערוואָכן —
עס האָט דאָס פאָלק פון גרוזיע געוואָלט
נישט זיין געפּענטעט מער אין מאָסקווער יאָכן.

— „געוועזן איז דאָס אין ניינצן־צוואַנציק דריי.
געהערשט האָט דאַן אין לאַנד ביי אונדז אַ פּאַניק.
האָט פון טיפלים געשיקט אונדז די פּאַרטיי:
מאַכראַדזע׳ן, מיך, צינדצאַדזע׳ן און מדיוואַני׳ן. 1)
באַריכטן דאַן צו לענינ׳ען אַליין
און איבערגעבן אים פון פאָלק די טענות,
אַז ס׳פאָדערט גרוזיע אַ פרייהייט־לוין
פאַר אַלע צרות און פאַר אַלע פּיינען.
עס האָט אונדז לענין פריינטלעך אויסגעהערט,
צו אונדזער וואָרט דאַן צוגעלייגט אַן אויער,
געזעסן לאַנג פאַר׳מוח׳ט און פאַרקלערט —
און אַלץ דעם קאָפּ געשאָקלט אין באַדויער.
צום סוף אונדז אָפּגעשיקט מיט פריד אַהיים
און צוגעזאָגט אַלץ תיכף אונטערזוכן.
מיר האָבן נישט געוואוסט, אַז אין געהיים
אַ הארבן מאכל גרייט פאַר אונדז זיין קוכער.

**
*

— „דערנאָך געקומען איז אַ טאָג אין יאַנואַר,
ווען ס׳האָט דערגרייכט די וויסטע, שווארצע בשורה:
ס׳איז לענין טויט... און ס׳האָבן ווײ און צער
פון ברעג ביז ברעג דאָס לאַנד דאַן אויפגעשטורעמט.
און אָט זיינען פאַרביי די טרויער־טעג:
עס וואָרט מיין פאָלק, פאַרצווייפלט און פאַרטאַיעט,
אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שקלאַפן־פלעק,
פון מאָסקווער יאָך און קנעכטשאַפט זיך באַפרייען.
עס דריקט „טשעקאַ״, עס דריקט דער קאָמיסאַר
מיט נישט־געבעטענע, מיט מאָסקווער עצות.
עס וואָרט דאָס פאָלק — און ס׳האָט זיך נישט דערוואָרט —
און ס׳האָט אַ הויב־געטאָן און אויסגעגלייכט די פּלייצעס.
און אויפגעברויזט האָט פאָלק פון ברעג ביז ברעג
אין הייסן קריג, אין פלאַמיקער מרידה:
ווער קאָן פאַרגעסן יענע שווערע טעג,
דעם צאָרן און דעם האַס פון מיינע ברידער?
און ווער האָט דעמאָלט גרוזיע׳ס בעסטע זין
אין קעלערן פון דער „טשעקאַ״ צעשאָסן?
פאַררעטער — דו, דו — אייגענער גרוזין,
יאָ, דו — אַברעק 2) דו — ברידער־מערדער — סאָסאָ!

1) באַוואוסטע באָלשעוויסטישע פירער אויפן קאַווקאַז. 2) רויבער.

— „געוועזן איז דיין פאַרשטאָפּטער אויער טויב
צום ווייגעשריי פון בלוטנדיקע ברידער.
גענידערט האָסט — אַ קאַרשון — נאָך זיין רויב,
דערשטיקט אין בלוט די גרויזישע מרידה.
אָ, ווער געקענט האָט חלום׳ען אַמאָל,
אין יוגנט־טעג פון ליכטיקייט און בענטשונג,
אַז ס אָ ס אָ — דו פאַרראַטן וועסט דיין פאָלק,
אַז ס אָ ס אָ — דו פאַרראַטן וועסט די מענטשהייט?

***

— „און איך? פון לאַנג געווידמעט האָב מיין לאַנד
מיין פּשוט ליד, מיין זינגעוודיקע לירע,
מיט קיינעם קיינמאָל נישט געגאַן אין שפּאַן,
און קיינמאָל קיינעם נישט געזונגען שירה.
דורך וואָלקנבראָך, דורך שטורעם און זאַווי
בין איך געוועזן אַן ערלעכער פאַרטייער,
ווייל כ׳האָב געגלויבט, אַז ליכטיקע פּאַרטיי
וועט אויך מיין לאַנד, וועט אויך מיין פ אָ ל ק באַפרייען.
איך האָב געהאָפט: עס וועט דער באָלשעוויק
באַפרייען אונדז פון אַלע שווערע האָרבן,
ווייל אויף אַלטאַר פון אַלגעמיינעם גליק
כ׳האָב נישט געוואָלט מיין פאָלק זאָל זיין אַ קרבן.

— „נאָר ס׳האָט פאַרטיי מיין האָפענונג גענאַרט —
און ס׳איז מיין לאַנד, מיין פאָלק פאַרקנעכט געבליבן,
האָב איך מיט פּיין, מיט ווייטיק און מיט צער
דעם פאַלשן אָפּגאָט פון מיין האַרץ פאַרטריבן.
פאַרוואָר, אַלציינס איז מיר געוועזן דאַן
אַוועמעס שטיוול אייזערנע עס שפּאַנען
אויף קראַנקן גוף פון מיין צעפּלינדערטן לאַנד:
איצט — דיין „טשעקאַ", צי פריער — צאַר׳ס „אָכראַנע".1)
און ס׳האָט מיין ליד צעשאַלט זיך פאַר מיין לאַנד
און העל געוועקט צום אויפשטאַנד מיינע ברידער.
האָט מיך, אויך מ י ך, דיין אויסגעשטרעקטע האַנט
דערגרייכט אין יענער בלוטיקער מרידה.
דו האָסט אַ יאָר געפּייניקט מיך אָן סוף,
דערנאָך פאַרשיקט אַהער, אין וויסטער טאַיגע.
דו האָסט געגעבן מיר די שווערסטע שטראָף:
דו האָסט פאַרמ׳שפּט גרויזאַם מיך צום שווייגן.

---

1) צאַרישע געהיים־פּאָליציי.



— „און נישט נאָר מיך... פּאָר לעצטע פופצן יאָר
אָ, וויפיל קברים האָסט פאַרזייט דאָ, ס אָ ס אָ ?
אָ, וויפיל זין פון שענצטן העלדן-דור
האָסטו מיט הענט, מיט גרויזאַמע צעשאָסן!
אָ, וויפיל ליגן בליענדיקע קעפּ,
געקוילעטע, אונטער בית-עולם פּלאַנקען?
וואָלט שאָטאָ רוסטאַוועלי 1) איצט געלעבט,
וואָלסטו אויך אים פאַרפּייניקט אין לוביאַנקע.

— „איצט פייערט רוסלאַנד דיינע זעכציק יאָר:
אויף „רויטן סקווער" — פּאַראַד פון פּאַנען העלע.
און דו? — דו — תליון פון אַ העלדן-דור —
דיך גריזשעט פּיין, דיך פּרעסן שרעק און עלנט.
עס פוילט אָקטיאַב — אַ לאַנג-פאַרוועלקטער טרוים,
אַ גרויע וואָר פון הונגער און פון טרויער.
און דו האָלסט פּעסט אין האַנט די ענגע צוים
אויף שטומען מויל פון אַרבעטער און פּויער.
צום יובילייע פון דיינע זעכציק יאָר
נעם־אָן, קונאַק, 2) פון דאַן אויך מיין באַגריסונג:
פון וויסטן טרוים — פון בלוטנדיקער וואָר
דערוואַכן זאָל דיין פינצטערער געוויסן.

— „שטעל-אָפּ דעם טויט, שטעל-אָפּ דעם פּאָך פון האַק —
און קער זיך אום צוריק צו מיר אין טאַיגע:
מיר וועלן ביידע גיין דאָ אָפּט אויף יאַגד,
און ביי די ביימער לערנען זיך דאָ שווייגן.

— „און ווען דער טאָג וועט קומען פון דיין סוף,
און דו וועסט שטאַרבן, קין און פאַררעטער,
וועל איך דיך שטיל באַגראָבן דאָ אין ראַוו
און וועל דיין קבר מיט די פיס צעטרעטן:
אַז ס'זאָל קיין מענטש נישט וויסן דיין געביין,
אין וועלכער ערד עס פוילן דיינע גלידער —
בלויז דער בוראַן 3) מיט אור-אַלטן געוויין
זאָל פּראַווען איבער דיר אַ „פּאַניכידע".4)

---

1) באַרימטער גרוזינישער דיכטער, וואָס האָט געלעבט אין 12טן יאָרהונדערט.
2) בוזעם-פריינט. 3) שניי-שטורעם. 4) אַזכרה.

— „אַז ס'זאָל אַהער קיין פויגל נישט דערפליִ'ן,
און נישט פאַרבלאָנדזשען זאָל אַהער קיין חיה —
און בלויז דער ווילדער וואַנדערער, דער ווינט,
פאַרווייען זאָל דיין סליאַד אין טאָיגע, קין!" —
פ. ס.
— „איך ווייס, איך ווייס, מיין בעטן איז אומזיסט:
דו וועסט אַהער צו מיר אין דאָרף נישט קומען.
עס האָט די מאַכט געשמידט דיר הענט און פיס...
און איך? — ווער ווייס, צי כ'וועל דערשלעפּן נאָך ביז זומער?
אַדיע, מיין גרוזיע, מיין ליכטיק לאַנד,
וואו ס'בליען איצט די סעדער און באַשטאַנעס!
און דאָ איז קאַלט... און ס'פרירט די פּען אין האַנט.
אַדיע! פון מיר, דיין אַלטער חבר וואַנאָ!" —

***

ער כאַפּט זיך אויף פון טראַנס... האָט ער געלייענט אַ בריוו,
צי האָט געפּיקט אין מאַרך דער שפּאַרבער פון חרטה?
ער הויבט זיך אויף פון טיש, שווערמוטיק און מאַסיוו.
און זעט: פון גרויע באַלקנס שפּאַנען טויטע שאָטנס.

### 3. דער רוף אין דער נאַכט

ער שפּאַנט אין צימער אום. דער קאָפּ איז הייס און שווער.
וואו איז דער לאַנגער בריוו פון חבר מאַראַקעל'ן?
וואו איז דער דריבנער כתב? — דער טיש איז גרויס און ליידיק...
ער שאַרט און נישטערט-אום אין לעדערנע פּאָרטפעלן.
אין ווינקל הענגט אַ בילד פון לענין, דעם קאַלמיק,
מיט אויגן פלאַמיקע, וואָס שמייכלען און וואָס ברענען:
שוין פופצן לאַנגע יאָר, ווי ס'שפּיזלט אים זיין בליק,
שוין פופצן שווערע יאָר, ווי ס'מאַטערט אים דאָ לענין.
ער פאַלט אַריין אין שטול. עס פייניקט און עס נאָגט:
ווען ער זאָל זיך אין שלאָף כאָטש אויף אַ וויל פאַרגעסן!
נאָר ס'ברענגט צו אים די נאַכט אַ יאָמערלעך געקלאָג,
וואָס טראָגט זיך פון דער טיף און שניידט זיין האַרץ, ווי מעסערס.
עס שטאַרקט זיך דורך די ווענט דאָס גרוויליקע געשריי,
וואָס רייסט זיך, ווי דורך ציין פאַרשטשעמעטע, פאַרקלעמטע.
דאָס יאָמערט לענינ'ס האַרץ אין רויטן מאַוזאָליי,
דאָס קלאָגט די זעל אילאַיטש'ס 1) — אַ שטומע און פאַרשעמטע.
דאָס רייסט זיך לענינ'ס שטים פון אונטער שווערן גלאָז: —
— „איך האָב אַ ווירטשאַפט דיר פאַרפונדעוועט, כאַזיאַין, 2)
און טרייע ברידערלעך צו העלפן דיר געלאָזט —
וואו זיינען זיי אַצינד, די ברידער דיינע, קין?

1) אַזוי האָט דאָס פאָלק גערופן לענינ'ען. 2) באַלעבאָס.

דערויף האָב איך באַפרייט די פעלקער פון מיין לאַנד:
פון היימלאַנד דיינס קאַווקאַז — ביז פּראָסטיקער קאַמטשאַטקע,
אַז האַקן ברידער־קעפּ אָן אויפהער זאָל דיין האַנט,
אַז רוסלאַנד ווערן זאָל אַ גרויל־געשפּענסט פון יאַטקע?
איך האָב געוואָרנט זיי — די בויער פון אָ ק ט י אַ ב:
'נישט טרויעט דעם גרוזין! זיין האַרץ ז'אַ נעסט פון שלאַנגען.
'און קוים גיט ער די מאַכט אין זיינע הענט אַ כאַפּ,
'וועט ער אייך אַפּפּליקן די קעפּעלעך, ווי זאַנגען.'

— „פון גרינע וויינסעדער אין פעלדזיקן קאַווקאַז
האָסט איינגעזאַפּט אין זיך מיט חלום פון מרידה
די טערפּקע קרייטיכער פון אומצוטרוי און האַס,
דעם ווילדן סם פון חשד צו פרעמדע, ווי צו ברידער.
אויף גאַסן פון טיפליס — אין האַנט אַ רויטע פאָן,
אין טאַיגע פון סיביר, אויף שמאָלע תפיסה־ברעטער,
האָט דיר גע'חלומ'ט זיך צאַר ג ר אָ ז נ י'ס שווערער טראָן,
די פינקלדיקע קרוין פון אימפּעראַטאָר פּ ע ט ע ר.
און איצט — נאָך צוואַנציק יאָר, געהאָרכזאַמע, ווי הינט,
אויף פליגלען אָדלערשע פון ליכטיקן אָ ק ט אָ ב ע ר —
דורך מאָרד און אויסראָטונג פון רוסלאַנד'ס בעסטע זין
האָסטו צאַר גראָזני'ס טראָן און פּעטער'ס קרוין דערגרייכט.

— „וואָס נאָך וואָלט דיר געפעלט? — נאָר ס'וואַזשעט, ווי אַ שטיין,
און פייניקט מיט דעליר דיין שולדיקן געוויסן:
מיין טרייער מיטהעלפער, מיין חבר ל י י ב ב ר אָ נ ש ט י י ן (1),
האָסט אים מיט האַס פאַריאָגט אין ק אַ י אָ ק אַ נ ע ר תפיסה. (2)
עס היטן דיינע קנעכט דעם ל י י ב פון ק אַ י אָ ק אַ ן
און זוכן זיין געביין פאַרשניידן מיטן שורש.
איך וויים, איך וויים: אויך א י ם דערגרייכן וועט דיין האַנט,
און בלייבן וועסטו אַליין — דער איינציקער — דער י ו ר ש.
מ י י ן י ו ר ש? — ניין, נישט ד ו! אין קרעמל'ס גרויע ווענט
זיצסט, שוואַרצער מראַקאָביעס, (3) אין שיין פון לעצטע ליכטער,
ווי גרוזאַמער איוואַן — מיט בלוט־באַפלעקטע הענט,
דו — תליון פינצטערסטער אין מענטשישער געשיכטע!

1) טראָצקי. 2) שטעטל אין מעקסיקאָ וואו טראָצקי האָט געפּראַוועט גלות.

3) איוואַן גראָזני'ס שאָטן.

—„האָסט באַלזאַמירט מיין גוף, וואָס חומר איז און שטויב,
און אויפגעהיט אין ספירט מיין מוח און געדערים, —
נאָר מיין געדאַנק האָסטו געשענדעט און באַרויבט,
און מיין פּאַרטיי האָסטו פאַרשאַכערט און צעוועריםט.
האָסט אויסגעפּוצט מיין גוף אין רויטן מאַוזאָליי,
אַז ס׳זאָל דאָס פאָלק צו מיר, ווי צו אַ געץ, זיך בוקן —
און מיינע טרייעסטע פריינט — זיי ליגן אונטער שניי
מיט קוילן בלייערנע אין מוטיק-שטאָלצע רוקנס.
נאָר יעדער שאָס אין זיי פון דיינע ק י ן - ה ע נ ט
צעלעכערט האָט מיין האַרץ, צעפּיצלט יעדן אבר.
איז בעט איך איצט ביי דיר: באַפריי מיך פון מיין פלען —
מיין אָרט איז צווישן ז י י — אין ענגן ברידער-קבר.

— „באַפריי מיך פון מיין פלען פון הינטער קרעמל-ווענט,
איך וויל דאָ מער נישט זיין קיין היטער פון נבלה,
איך וויל קיין שותף זיין, פאַרשווערער און בריגאַנד,
צו דיין געפאַנצערטער און בלוטיקער ממשלה.
פאַרוואָר, נישט ז י י, נאָר ד ו מיט היטלער, דעם מאַניאַק,
פאַרשניטן האָסט אַ בונד דורך פייער און דורך גרוילן —
אויף פעלקער שוצלאָזע געהויבן האָסט די האַק,
צעטיילט מיט אים דעם רויב פון ל י ט ע און פון פ ו י ל ן.
און מיין אָקטאָבער-פאָן מיט האַמער און מיט סערפּ
מיט היטלער׳ס סוואַסטיקע, מיט בלוטיקער, פאַרברידערט —
און מיין ג א ו ל ה - ט ר ו י ם, דורך אומקום און צעשטער,
האָסטו צו שאַנד דערפירט, צו חרפה און ירידה.

— „נאָר וואַרט: ס׳וועט היטלער דיך פאַרראַטן, ווי אַ שלאַנג,
אינמיטן נאַכט באַפאַלן, ווי אַ רויבער,
מיליאָנען אויסשלאַכטן, פאַרנעמען אין געפאַנג,
און רוסלאַנד׳ס דערף און שטעט צעפולווערן אין שטויבן.
און ווער וועט העלפן דיר אין שעה פון גרעסטער נויט?
ווער וועט דיר צושטעלן די טאַנקן און האַרמאַטן?
ד י ז ע ל ב ע, וועם דו האָסט אין שעה׳ן פון באַשייד
מיט שמייכל ציניש אין קאַלטן בלוט פאַרראַטן.
און ווען ס׳וועט אויסשלאָגן די אויסגעבענקטע שעה
און ס׳וועט אַ שאַל-טאָן הויך דער האָרן פון נצחון,
מיט שמוך פון דעמאַגאָג ווער וועט דער ערשטער דאָ
צעברעכן פריינשאַפט-בונד מיט שותף און מיט שכן?

— „געבלוטיקט האָט אין פּיין, אין גרויל און בראַך די ערד —
און דו? באַרוישט פון זיג, ווי פּויערים — פון בראַגע,
פאַריאַכן פרעמדע פעלקער וועסט מיט קויל און שווערד,
און פעלקער אייגענע פאַרשפּאַרן וועסט אין „לאַגער".
נאָר אויפשטיין וועט די וועלט אַנטקעגן דיין געפאַר,
און פּלאַצן וועט ס'געדולד ביי פעלקער און ביי לענדער,
און ס'וועלן אויפוואַכן פון פינצטערן קאַשמאַר
די שקלאַפן פון דיין לאַנד — און אָנגורטן די לענדן.
און ס'וועט אַרויס די וועלט אין מעכטיקן צעוויג
אַנטקעגן דיין פאַרראַט און פינצטערער נבלה —
און קראַכן וועט דיין מאַכט, געבראָכן און באַזיגט,
און ליגן וועט אין שטויב דיין גרויזאַמע ממשלה.
עס קומט דער טאָג פון רעכנשאַפט, ער קומט!
איך הער: אין האַרץ פון פאָלק ער רעוועט, ווי אַ שטורעם.
עס ציטערן שוין ווענט פון מעכטיקן געברום,
די שטאָל־געפּאַנצערטע פון גרויען קרעמל־טורעם.
ס'וועט גרייכן דיך די שטראָף פון אויפגעוואַכטן פאָלק
דורך אַלע לעכער און דורך אַלע שפּאַלטן —
וואו וועסטו, קין, זיך אַהינטער ווענט פון שטאָל
פון צאָרן זייערן, פון גרויזאַמען באַהאַלטן?" —

### 4. לעניג'ס האַנט

ער כאַפּט זיך אויף פון טראַנס... אין ווינקל אַ סטילעט:
צו עפענען די בריוו, פון אָנפאַל זיך צו שיצן.
עס וואַכן איבער אים פון לענינשען פּאָרטרעט
צוויי אויגן שפּיציקע, ווי פייערדיקע בליצן.
ער הויבט זיך אויף פון שטול. אין אַפּלען פּחד גליט,
און אַקסלען ציטערן און בויגן זיך און בויגן.
ער גנב'עט זיך צום בילד מיט וואַקלדיקע טריט —
און שליידערט דעם סטילעט אין לענינ'ס בייזע אויגן.
און לענין קוקט־אַראָפּ מיט עקל אין זיין בליק,
און ס'קרימט זיך אוים זיין מויל אין ווייטיקדיקער מינע.
און סטאַלין זעט אין שטוין: פון אויגן ביים קאַלמיק
צוויי טרערן בלוטיקע, ווי רויטע טראָפּנס, רינען.

ס'איז שאַ און שטיל אַרום. אין הויפּ־צעגליטן מאַרך
די שטילקייט זשומעט אום, ווי מיליאַסן פליגן.
ער לויפט פון קאַבינעט — און ס'יאָגט אים דער קאַשמאַר
אויף שטיינערדיקן סקאָס פון ווייס־פאַרשנייטע שטיגן.

ער לויפט פאַרביי די וואַך — און ס׳הילכן איבער שניי
די סקריפּנדיקע טריט פון זיינע שווערע שטיוול.
אַהינטער קרעמל־וואַנט שטייט שטום דער מאַוזאָליי,
מיט רוקן אָנגעשפּאַרט אָן זיילן שוואַר־מאַסיווע.
באַדעקט מיט קאַלטן שווייס, בלייבט שטיין ער אויפן שוועל
און זעט: אין ווינקל ליכטער, ווי לאַמפּאַדעס, ברענען.
דער אָרון גלעזערנער אויף שטיינערנעם געשטעל
שטייט אָפן, ווי אַ וואונד... ער פּיבערט: — „וואו איז לענין?״ —

ס׳איז פּוסט דער מאַוזאָליי... אין ווייס־געהעפטער טראַכט
די מאָסקווער נאַכט שפּאַצירט — און שטערן צאַנקען, צאַנקען...
אויף קרעמל־טורעם קלינגט דער זייגער האַלבע נאַכט —
און סטאַלין איילט צום הויף פון פינצטערער לוביאַנקע.
און אָט איז לעצטער הויף. אין גרינעם שטערן־בלענד
אויף שוואַרצן מיסט־הויפן פון שאַנד און שפּאָט און חרם —
ליגט לענין אויסגעשטרעקט מיט צוויי געקרייצטע הענט
און היט דעם לעצטן שלאָף פון זיינע צוועלף חברים.
און סטאַלין פאַלט־אַוועק אויף זאַמדיק־סיפּקען שניי
און הויבט אויף לענינ׳ען זיין אויסגעשטרעקטן אָרעם:
— „ווער האָט פאַרלאָזן דיר דערלויבט דעם מאַוזאָליי?
דיין אָרט איז אונטער גלאָז און אויסגעצירטן אָרון.״ —

און לענין ליגט און שוויגט, ווי אַ פאַרשטומטער גלאָק.
עס פיבערט סטאַלינ׳ס בליק אין טיגער־אויגן שמאָלע:
„האָסטו, וולאַדימיר איליאיטש, מיר פאַראויסגעזאָגט,
אַז ליגן וועט אין שטויב דיין יורש׳עס ממשלה?״ —
און לענין שטעקט־אַרויס זיין דראָענדיקע האַנט,
וואָס טוט פאַר סטאַלינ׳ס אויג אַ בלענד: — „ביזט נישט מיין יורש!
איך זע דיין וויסטן סוף געצייכנט אויף דער וואַנט —
וועסט פאַלן דורך די הענט פון אייגענע חברים.
פאַרוואָר, איך זע עס קלאָר: צעפאַלן וועט אין שטויב
דיין קיניגרייך פון בייז, פון שקלאַפעריי און קייטן...״ —

און סטאַלין טוט אין פּחד לענינ׳ס גוף אַ הייב
און וואַליעט אים אַרויף אויף זיינע אַקסלען ברייטע.
און שפּאַנט מיט אים אַוועק — און ס׳קלימפּערן אין שניי
די שווערע שטיוול־טריט לענגאויס דעם שמאָלן געסל.
ער לייגט דעם גוף אַוועק אין ברוינעם מאַוזאָליי —
און שליסט די טירן צו מיט זיכערע צוויי שלעסער...

## 5. דער קריג האָט אָפּגעשאַלט

אַוועק שוין זיבן יאָר נאָך יענער מאָסקווער נאַכט,
זינט ס'האָט דאָס לאַנד געיובלט סטאַלינ'ס זעכציק יאָרן:
אָ, וויפיל האָט דאָס פאָלק זינט דאַן שוין דורכגעמאַכט?
יאָ, ס'איז געשען, ווי לענין האָט געוואָרנט:
'פאַרראַטן „ברידער-בונד" האָט היטלער, ווי אַ שלאַנג,
'אינמיטן נאַכט באַפאַלן רוסלאַנד, ווי אַ רויבער:
'מיליאָנען אויסגעשלאַכט, פאַרנומען אין געפאַנג —
'צעפּולווערט ליגט דאָס לאַנד מיט שטעט און דערף אין שטויבן.
'און ווער האָט הילף געבראַכט אין שעה פון גרעסטער נויט?
'ווער האָט אים צוגעשטעלט אי טאַנקען, אי האַרמאַטן?
'די זעלבע מערב-וועלט, וועם ער האָט נישט געטרויט,
'מיט שמייכל ציניש אין קאַלטן בלוט פאַרראַטן.
'און ווען געשלאָגן האָט די אויסגעבענקטע שעה —
'און ס'האָט אַ שאַל-געטאָן דער האָרן פון נצחון,
'מיט שמוך פון דעמאַגאָג האָט ער, דער ערשטער, דאָ
'צעבראָכן פריינשאַפט-בונד מיט שותּף און מיט שכן.'

**
*

דער קריג האָט אָפּגעשאַלט. נאָר פינצטער איז דער זיג:
אייראָפּע, אַזיע — איין גרויסער ברידער-קבר.
עס שווימט די וועלט אין בלוט און גרויליקן צעוויג,
ווי איבער וואַסערן פאַרצייטנס — נח'ס תּיבה.
ער האָט אַ האַלבע וועלט באַזיגט מיט פייער-פלאַם
דורך שקר און פאַרראַט פון „אינערלעכע שונאים".
און בלויז אַמעריקע — דעם „שונא'ס" לעצטע דאַמב —
איז ווידערשפּעניק אים — און דראָעט מיט סכנה.
נאָר ס'חלומ'ט אים זיך לאַנג דער טרוים: נאַפּאָלעאָן,
און ס'שפּינט זיך שוין אַ נעץ אין מאַרך פון ליקווידאַטאָר,
ווי מיט דער הילף פון „פריינט" — פאַררעטער און שפּיאָן —
צו ברעכן ווידערשטאַנד פון לעצטער דעמאָקראַטיע.

עס שרעקט אים נישט דער גרויל פון גרויזאַמען צעשטער,
נישט פּלוצימדיקער בלאַנק פון צופּעליקן מעסער.
זיין מאַרך איז מיד פון אַלץ: פון בלוט און מאָרד און שווערד,
נאָר לענינ'ס וואָרענונג — דאָס קאָן ער נישט פאַרגעסן.
ער האָט אויף מיסט-הויפן אים דאַן פאַראויסגעזאָגט
אַ סוף אַ פינצטערן זיין בלוטיקער ממשלה
און ס'מאַטערט אים ביז איצט זינט דעמאָלט יעדן טאָג
דער אָנזאָג גרויליקער פון לענינ'ס ווויסטער קללה.

**
*

ער וואַרפט אויף לענינ׳ם בילד אַ פּחדים׳דיקן בליק —
און ס׳ענטפערט לענינ׳ם בליק מיט חוזק און מיט ביטול:
— ׳אומזיסט געווען דער קריג, אומזיסט געווען דער זיג —
׳וועסט אומקומען. ווי ער — דיין בוזעם-חבר — היטלער!
׳איין מאַמע ביידן אייך האָט אין איר שויס אַנטוויינט,
׳די זין די קרעציקע פון זעלביקער אידייע:
׳דער ערשטער בלויז איז רויט, און ס׳איז דער צווייטער ברוין —
׳צוויי זייטן מיאוסע פון זעלביקער מטבע׳.—

ער הערט דעם בייזן שאַל פון נאָענטן יום-הדין,
פון אויפגעוואַכטן פאָלק דאָס יובל׳דיקע שרייען:
— „צו-ווייניק איז איין טויט פאַר גרויזאַמען גרוזין!" —
— „דיין טאָג פון רעכנשאַפט איז אָנגעקומען, ק י ן!" —
ער ווייס: עס גרייטן זיך מיט פינצטערן פאַרשווער —
כ ר ו ש ט ש א ָ ו — דער ליסטיקער, דער שאַלקהאַפטיקער ב ע ר י אַ —
זיי וועלן מיט דער הילף פון טרייען מיליטער
צעטיילן צווישן זיך די בלוטיקע אימפּעריע.
ער לויפט אין פּחד אום: דאָס האַרץ — אַ ברונעם גאַל,
און ס׳עקבערן זיין מאַרך די בייזע קללות ל ע נ י נ׳ ם...
און פּלוצעם טוט אַ הילך אַ דראָענדיקער שאַל —
און ס׳שניידן-דורך די נאַכט צערעוועטע סירענעס.
די שטאָט וואַכט פּלוצעם אויף, פון שלאָפלאָזיקייט מיד,
כאָטש יעדער איינער ווייס: ס׳איז בלויז אַן „ערא-פּראָבע".1)
און ס ט אַ ל י ן לאָזט זיך גיין מיט איילנדיקע טריט
צום בונקער זיכערן אין קרעמלישער טרושטשאָבע.2)

## 6. דער „שוואַרצער מראַקאָביעס"3)

טיף אונטער קרעמל-שלאָס אין שטאָל-באַשיצטן בונקער
אין וויטסטן ווינקל-לאָך פון טיפן לאַבירינט
שפּאַנט-אום אַ לייב אין שטייג — אין זיך אַליין פאַרזונקען,
דער „פאָטער פון דער וועלט", דער גרויזאַמער גרוזין.
געטשאַדיעט האָט אַ וועלט אים לויב-געזאַנג און חניפה,
געשטאַנען מ׳איז פאַר אים, ווי שקלאַפן, אויף די קני —
און איצט? ווי פלינקע מייז — פון זינקנדיקע שיפן,
אַנטלאָפן זענען קנעכט, צעשראָקענע, ווי פי.

---

1) לופט-פּראָבע. 2) טיפער קעלער. 3) לויט אַ רוסישער לעגענדע האָט זיך אין די קעלערן פון קרעמלין באַזעצט דער פינצטערער שד פון צאַר איוואַן גראָזני.

און פלוצעם פראַלט ווער אויף די טיר, מיט שטאָל באַדעקטע.
עס קראַכן שווערע ווענט אין מעכטיקן צעטרעס.
ער זעט: עס שטייט פאַר אים אין קלייד, מיט בלוט באַפלעקטן,
איוואַן דער גרויזאַמער — דער שווארצער מראַקאָביעס.
און סטאַלינ׳ס אויגן — קיילעכדיקע נוליען,
און פול מיט פּחד איז זיין שפּיזלדיקער קוק,
ווען גראַזני הינקט אַריין אויף שטאָלפנדיקער קוליע —
און ס׳בלאַנקט פון קאָפּ אַראָפּ מאָנאַכישער קלאָבוק 1)
מיט חוזק מעסט אים אָפּ: — אַך, זדראַווסטוואוי, יאָסיף סטאַלין! 2)
דאָבראָ פּאָזשאַלאָוואַט, 3) מיין ברודער אין פאַרברעך!
געוועזן בין איך אַ קאַט, נאָר דו — טאַוואַרישטש תּליון,
האָסט אַלעם איבערטראָפן אין דעם מערדער-צעך.

— „כ׳האָב נישט געשאָנעוועט מיין זון, מיין יורש-עצר,
צעלעכערט אים דעם קאָפּ מיט שטאָל-פאַרשפּיצטן שטאָק.
נאָר דו האָסט מיך דעריאָגט: אין קיניגרייך פון רצח
האָסט אויסגעשפּילט די קאָרט פון שווארצן מלך-שפּאָג.
האָסט מיך דעריאָגט, גרוזין, געמיינסטער פון תּליונים:
אויב איך האָב טויזנטער פאַרפייניקט פון מיין פאָלק,
האָסטו פאַרמאַטערט זיי אין מילי-מיליאָנען,
האָסטו צעשאָסן זיי אָן צאָל און אָן אַ טאָלק.
נאָר פינצטער איז מיין שטראָף און ביטער די נקמה:
אַ בייזע קללה ליגט אויף אַלץ, וואָס כ׳קלער און טו.
שוין באַלד פיר הונדערט יאָר, ווי ס׳וואַנדערט מיין נשמה
און קאָן אינערגעץ נישט געפינען זיך קיין רו.

— „און דו? — דיין שם וועט זיין אַ שרעקבילד פאַר די דורות,
און ווייכן וועט פון דיר מיט עקל קינד-און-קייט.
און יאָמערן וועסטו אויף טאָג פון דיין געבוירן
און בעטן יעדן טאָג צען מאָל אויף זיך דעם טויט.
געווען דיין לעבן איז אַ נעסט פון בייז און רשעות —
און קומען וועט דיין סוף דורך רצח און פאַרשווער.
און ס׳וועט פאַרגעסנקייט פאַרמעקן און פאַרווישן
דיין נאָמען פינצטערן פון טאָוולען פון דער ערד.
און וואָגלען וועט דיין זעל אין פלוך פון אַנאַטעמע,
נאָר ס׳וועט דיין בייזער גייסט פאַרבלייבן דאָ מיט מיר —
און ביידע וועלן מיר אין קעלער פון דעם קרעמלין,
ווי הינט פאַרשאָלטענע, דאָ היטן לעצטע טיר.״ —

---

1) אַ מאָנאַכיש היטל. 2) „זיי געגריסט!״ 3) ווילקאָמען!

## 7. דער סוף פון ליקווידאַטאָר

ס׳איז שאַ און שטיל אַרום... און ס׳יאָגט אים דער קאָשמאַר
פון שוואַרצן „מראַקאָביעס“, וואָס האַלט אין קרעמל שמירה.
ער לאָזט זיך צו דער טיר — און ס׳גיט אַ בליץ אין מאַרך:
— „כרושטשאָוו און מיקאָיאַן — מען דאַרף זיי ליקווידירן...׳ —
באַדעקט מיט קאַלטן שווייס, בלייבט שטיין ער אויפן שוועל —
וואָס זעט ער: וויסטע וואָר, צי אויסטערלישן חלום?
אין חורבות ליגט די שטאָט, אין וויסטן טיל־און־תל —
אָן אָנזאָג, אַז ס׳איז נאָנט זיין פינצטערע ממשלה.
די שלאַכט האָט אָפּגערוישט... אין ספּאַזמעדיקן צוק
פאַרוואונדעטע שטאַרבט די זון... עס ליגן טויט מיליאָנען...
אויף קוליעס קריכט די נאַכט — און חושך רוקט זיך, רוקט...
און פגרים ליגן שטיל, ווי אָפּגעהאַקטע קליאָנען...

ס׳איז שאַ און שטיל אַרום. עס הערט זיך קוים דער זשום
פון לעצטער בונקער־פליג, וואָס וואַזיניק פון גרויל איז.
נאָר מיטאַמאָל — דורך ווענט דערטראָגט זיך אַ געברום
פון העלדזער טויזנטער — אַ הייסער שטראָם פון קולות.
עס שטייגט און פלייצט דער שקוואַל, ווי כוואַליעס אין אַ ים —
און פּלוצעם פּראַלן־אויף די טירן פון דעם בונקער —
און מוסקולירטע הענט צעברעכן שטאָל און צאַם,
מיט פרייד פון פריי באַזויפט, מיט ווייַן פון זיג באַטרונקען.

אויף אויפגעפּראַלטער שוועל באַווייזט זיך אַ געשטאַלט
מיט אויגן — לעכער צוויי אויף רויט־צעברענטן פּנים —
און איבער בונקער הילכט זיין זיגרייכער געשאַל:
— „חברים, טויט דעם טויט, דעם תליון פון מיליאָנען!“ —
און הינטער אים — המון פון מענטשן: הויט־און־ביין,
באַפרייטע פון סיביר, אַנטלאָפענע פון מאַטער —
זיי וואַרפן זיך אויף אים מיט שטשירענדיקע ציין
און טוען אָן אַ שטריק אויף האַלדז פון ליקווידאַטאָר.
און ס׳דונערט ס׳זעלבע קול: — „אויף העכסטן קלויסטער־שפּיץ
מיט שלעפּ־שטריק ציט אַרויף די פּאַדלע פון מצורע,
אַז הענגען זאָל ער דאָ, אויף אייביק איינגעקריצט,
אַ גרויזאַם־פינצטערע סטראַשידלע פאַר די דורות!“ —
מע ציט אַרויף דעם גוף אין פריידיקן געשריי
אויף שפּיץ פאַרבליבענעם פון „וואַסקאַ דעם בלאַזשענני“...[1]
אין אָרון אָפענעם פון וויסטן מאַוזאָליי
מיט מויל פאַרגליווערטן צופרידן שמייכלט לענין.

***

1) איינער פון די קלויסטערס אין מאָסקווער „קרעמל“.

ער כאַפּט זיך אויף פון טראַנס... אין גרוי-ליכט פון קאַיאָר
ער הערט, ווי ס׳קומען טריט אַלץ נענטער... נענטער... נענטער...
און נישט אין חלום שוין — זיי קומען אויף דער וואָר...
און ס׳קראַכן אונטער זיי די שטאָל-געשמידטע פּרענטעס...
ער רייסט די אויגן אויף פון גליווערדיקער פּענט
און בראַזגעט אין דער וואַנט, פון פּחד-וואָן פּרילישעט.
ס׳באַווייזט זיך אין דער טיר מיט ציטערדיקע הענט
זיין טרייער סעקרעטאַר, דער ראַבער פּאָסקרעבישעוו.
ער קוקט אויף אים מיט שרעק: — „דו זעסט נישט, איך בין קראַנק!" —
און ס׳טוט אַ שפּרונג דאָס האַרץ אין האַלדז אים, ווי אַ זשאַבע:
— „אַ פּיל, אַ פּיל... דערלאַנג..." — און ס׳לאָזט זיך צו דעם שראַנק
דער ראַבער סעקרעטאַר אין שאַרנדיקע שקראַבעס.

און מיטאַמאָל ער גיט פון שטול אַ פּאַל-אַראָפּ —
און ליגן בלייבט אויף דיל דער „גרויסער ליקווידאַטאָר".
און ס׳גיט פּאַר אים אַ בלענד אין שווינדליקן קאָפּ:
אין גאָרי,[1] אויף קאַווקאַז, זיין מאַמ׳עס אַלטע כאַטע.
— „דעם דאָקטאָר ברענג אויף שנעל!" — זיין שטים צעקרעלט זיך שוואַך.
נאָר איבער אים, ער זעט: עס שטייען פיר פאַרשווערער,
ווי זעלנער אויסמושטירט, ווי שומרים אויף דער וואַך:
כרושטשאָוו און מיקאָיאַן און מאַלאָטאָוו און בעריאַ.
און ס׳טוט אין האַנט כרושטשאָוו׳ס אַ פּאָך אַ רעוואָלווער —
און ס׳גיט אויף סעקרעטאַר אַ ציש ער און אַ ברום ער:
— „וראַטשאַ ניע זוואַט! סאָבאַקיע אי סאָבאַטשיאַ סמערט!
מי פּאַדאַזשדיאַם קאָנצאַ — ביעז סליאָז, בראַט, אי ביעז שומאַ!" —[1]

און סטאַלין שטרעקט די האַנט צום צוקנדיקן האַלדז,
און ווערטער רייסן זיך אין פּחד און אין פּאַניק:
— „פּאַרגיב, נאַדיעזשדאַ,[2] מיר... וואַסילי׳ן ברענגט מיר באַלד...
און זי, מיין לעצטע טרייסט... מיין ליכטיקע סוועטלאַנאַ..." —[3]
אויף ליפּן בלוילעכע דאָס לעצטע וואָרט פאַרפרירט.
די שטילקייט הילכט און קנאַלט, ווי טויזנטער האַרמאַטן.
און פריידיק קלינגט אַ שטים: — „דער טויט האָט ליקווידירט
מיט שטראָפנדיקער האַנט דעם גרויסן ליקווידאַטאָר." —

---

1) „נישט רופן קיין דאָקטאָר! דעם הונט קומט אַ הינטישער טויט! מיר׳ן וואַרטן אויפן סוף — אָן טרערן, ברודער, און אָן טומל!" —

2) סטאַלינ׳ס דערמאָרדעטע צווייטע פרוי. 3) סטאַלינ׳ס זון און טאָכטער.

# עפּילאָג

### 1.

עס לויפט די צייט: לאַראַז מיט ליזאַ׳ן
פאַרהייראַט זענען שוין אַ יאָר —
און ס׳איז פון זיין צעשטראַלטער וויזיע
געוואָרן שטראַלנדיקע וואָר.
זיי לעבן, ווי צוויי טויבן שטילע:
דעם גאַנצן זומער — אין דער ווילאַ,
און ווינטער — אין דער „רי רעניע",
וואו ס׳איז זיין נייע אַטעליע.
ער האָט שוין אויסגעשטעלט „אבישג":
„די ליבע אויסגעלייזט פון לוסט" —
און פון דעם צויבערלעכן ביוסט
ז׳די וועלט מיט ליכטיקייט פאַר׳כישופ׳ט.
ס׳איז מסכים די קריטיק געווען:
— „לאַראַז אַ נייער איז ראָדען!" —

### 2.

געווען איז אויסטערליש דער פרילינג
פון ניינצן-הונדערט-פערציק אַכט:
געהאַלטן האָט ביים שאַל פון נעילה
די לאַנגע, בייזע גלות-נאַכט.
נאָך אַכצן הונדערט יאָר פון שנאה
חלוצים האָבן אַ מדינה
פאַרפעסטיקט איבער באַרג און טאָל
אין אַלטן לאַנד ארץ ישראל.
עס קלייבט לאַראַז זיך ס׳לאַנד באַזוכן —
און דאָרטן אויסהאַקן וועט ער
אויף פעלדזן פון יהודה-בערג
זיין חלום: משה מיט די לוחות".
מיט פרייד, באַוואונדערונג און שרעק
ער קלייבט מיט ליזאַן זיך אין וועג.

### 3.

און וויוגינ׳ס „גרויסער ליקווידאַטאָר"
איז אָפּגעדרוקט שוין באַלד אַ יאָר:
ס׳ווערק וועגן פינצטערן דיקטאַטאָר
געמאַכט אַ גרויסן האָט פוראָר.
זינט דאַמאָלט איבערזעצט איז שוין עס
אויף זיבן אַנדערע לשונות —

אין פּלעפונג הילפלאָזער און שטוין
עס קריצט דער „קרעמלין״ מיט די ציין.
ס'האָט וויקטאָר נישט פאַרראָטן פּאַוול'ען:
ער האָט דער גרויסער וועלט דערציילט
דעם אמת וועגן „לאַנד פון גרויל״
און „לאַנד פון בלוטיקער ראַספּראַווע״.
און אויפגעשווידערט האָט די וועלט
פון „לאַנד פון טויבן און פון וועלף״.(1)

**4.**

געהייראַט וויקטאָר האָט מישעל'ן
מיט אַ חדשים זעקס צוריק —
און אויפגעשפּראָצט אין ליכט אין העלן
פאַר זיי האָט ס'לאַנג-פאַרדינטע גליק.
ס'האָט וויוויענ'ס רומפּולע פּאָעמע
באַקומען שוין די העכסטע פּרעמיע,
אין אַ געבענטשטער, גוטער שעה:
פאַר בעסטן ווערק — „פּרי-רענאַדאָ״.(2)
די גאַנצע וועלט געפּאַטשט האָט בראַוואָ —
און וויוויענ'ען געפּרייזט, געלויבט.
און ער — צו אַלע לויבן טויב —
האָט שטיל באַוויינט זיין חבר פּאַוועל
און די קרבנות פון טיראַן,
וואָס פוילן אין דעם תליה-לאַנד.

**5.**

ס'שטייט וויקטאָר וויוויען אויף דער בינע
און דאַנקט די ריכטער פאַרן פּריז:
— „איך קום צו אייך פון לאַנד פון שנאה,
פון לאַנד פון ווילדן קאַטאַקליזם,
פון לאַנד, וואו ס'הערשעוועט באַצווינגער,
פון חושך-לאַנד, וואו קייטן קלינגען
וואו מענטשן שפּאַנען אונטער יאָך,
אין פּיין, אין ווייטיקן און בראָך;
וואו קיינער ווייסט נישט: וויפיל טויטע
ס'האָט אומגעבראַכט שוין דער טיראַן
און וויפיל נאָך אין תליה-לאַנד
וועט אומברענגען דער „שד דער רויטער״ —
און כ'רוף צו'ר וועלט: — 'זאָל זיין געבענטשט
'די פריי און ווערדע פון דעם מענטש!'

1) רוסלאַנד.

2) דער פּריז, וואָס מען טיילט-אויס אין פראַנקרייך פאַר איבערזעצטע ווערק.

**.6**

— „מיין דור — דער וואונדערלעכער גלויבער —
געטראָגן האָט גאולה-קרוין,
נאָר ס׳האָט דער תליון און דער רויבער
פאַרקלעמט אים צווישן רויט און ברוין.
אויף דור פון היטלער און פון סטאַלין
אַרויפגעוואָרפן, ווי אַ סקאַלע,
האָט גאָט ס׳געזעץ פון אַפּאָסטאַט — 1)
און גואל איז געוואָרן קאַט.
זיי האָבן מיאוס אַנטמענטשט דעם מענטשן
ביים תהום פון פינצטערן דעליר:
אין שקלאַפן-לאַגער פון סיביר,
אין פייער-אויוונס פון אוישווענטשים.
נאָר קעגן שנאה און טעראָר
געשטרייט האָט גבורה׳דיקער דור.

**.7**

— „אויף אונדזער צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
וואָס האָסטו אָנגעזעצט זיך, גאָט?
האָסט אים געבענטשט מיט וויי און וואונדער
און נישט געשענקט קיין ביסל גנאָד:
פון „ניינצן-פינף״ ביז „ניינצן-פערציק״ —
אַ ים מיט בלוט און פיין און קרעכצן,
דער „ערשטער קריג״, דער „צווייטער קריג״ —
אַ נישט-פאַרענדיקטער קאָנפליקט.
אויף גרויען סטעפּ פון רוסלאַנד׳ס חשכות
האָט גאולה-רוף אַ קנאַל-געטאָן:
נאָר אונטער פאַלשער רויטער פאָן
משיח איז געוואָרן משחית.
יאָרהונדערטער אַ שווערן שכר
די מענטשהייט צאָלן וועט דערפאַר.

**.8**

— „דערנאָך האָסטו די וועלט צעטרעסעט
דורך שיקלגרובער — דעם מאַניאַק,
וואָס האָט די „נאַכט פון לאַנגן מעסער״
דערפירט צום „טאָג פון לאַנגער האַק״.
אָ, גאָט, די הימלען דיינע שטינקען
מיט רויך פון אוישוויץ און טרעבלינקע —

---

1) פאַררעטער.

און ס׳איז דיין ערד אי רויט, אי שוואַרץ:
פון „סאַביבאָר״ ביז „באַבי-יאַר״.
עס האָט דער פינצטערער מחבל
די פוסטריט פון מיין דור געברענט —
און ס׳האָט פאַרטיליקט און פאַרלענדט
דעם דור דער רויט-און-ברוינער מבול.
און בלויז יחידים פון מיין דור
אַנטרונען זענען דאָ און דאָרט.

.9

— „עס שרייט אין מיר מיליאָנענשטימיק,
פון קברים שרייט אַ קול מיט פאַרכט:
דאָס מאָנט נקמה, בייז און גרימיק,
מיין חרוב׳ער, מיין צעאַרטער דור.
אַ לעבן האָט אַ טויזנטיעריקס
דער פיינט פאַרפייניקט און צעגעריקט
און ווילד פאַרטיליקט פון דער ערד
מיט גאַז און רויך, מיט קויל און שווערד.
ווען ווערן זאָל די ערד אַ פנקס,
און יעדער בוים זאָל זיין אַ פען,
פאַרשרייבן ווער קאָן דעם פאַרלענד,
דעם בראַך פון פינצטערע טרעבלינקעס?
נישט דיכטער׳ס. האַנט נישט מענטשלעך מויל
דערציילן קאָן מאַידאַנעק-גרויל.

.10

— „אַנטוישט אין גילדערנע חלומות,
צום גען פון אומפרייהייט פאַרשקלאַפט,
מיין דור געשפּאַנט האָט איבער תהומות
פון חבר׳שאַפט — צו חרב׳שאַפט.
דערווייל געזיגט האָט ווילדער חומר,
די ווילדע מערדער — קעגן טרוימער,
די בייזע חיה — קעגן איש,
און איבער ליכט — די פינצטערניש.
נאָר כ׳גלויב, ס׳וועט מענטש באַזיגן חיה
און אויסוואָרצלען פון זיך דאָס בייז —
און טייטן וועלן די בני-שת
די מאַכט די בייזע פון בני-קין.
און הויערן וועט לאָם מיט לייב —
און שפּאַרבער צערטלען וועט די טויב.״ —

.1965—1960